יאַקאָב וואַסערמאַן

# די מאַסקעס פון ערווין ריינער

ייִדיש: י. רובין און י. טורקאָ.

פאַרלאַג „קאָסמאָס“, וואַרשע, 1928

# יאַקאָב וואַסערמאַן

קאַראַל יאַקאָב וואַסערמאַן איז געבוירן דעם 10. מערץ 1873 אין דער שטאָט פֿירט בײַ יידישע עלטערן. זײַן טאַטע-מאַמע האָבן זיך שטאַרק אונטערשיידעט אין כאַראַקטער, אָבער דאָך האָט זיי פֿאַרבונדן איין געמיינזאַמער שטריך: ביידע זענען זיי נישט געווען צוגעפּאַסט צו זייער צײַט, זענען געווען געבונדן מיט דער פֿאַרגאַנגענער ראָמאַנטישער עפּאָכע. אין גייסט האָט דער פֿאָטער געלעבט מיט די טראַדיציעס פֿון עבר, די מוטער — אַ שיינע בלאָנדינקע, אַ מילדע און שווײַגנדיקע — האָט געטראָגן אויף איר פּנים דעם צייכן פֿון מעלאַנכאָליע, עטוואָס קראַנקהאַפֿטיקס.

דער פֿאָטער, אַ קליינהענדלער, איז נישט איבעריג גוט געגאַנגען. אין די געשעפֿטן האָט ער נישט געהאַט קיין הצלחה. כמעט אַ פֿאַנטאַסט, איז ער שטענדיק געווען באַהערשט פֿון אַן אידעע-פֿיקס, וואָס האָט אים צוגענומען די גײַסטיקע רירעוודיקייט פֿון די געוויינטלעכע גראָשן-זאַמלער. אַ סענטימענטאַל-פֿרײַדענקענדער איז ער אין די פּאָליטישע איבערצייגונגען געווען אַ מאַרודער פֿון דער מערץ-רעוואָלוציע. פֿאַר זײַנע גוטע צײַטן, ווען אים האָבן נאָך נישט געפּײַניגט די מאַטעריעלע דאגות, פֿלעגט ער זינגען רירנדע לידער, צוגרימפּלענדיק אויף דער גיטאַרע. אַרום 1885-טן יאָר האָט ער געגרינדעט אַ נישט-גרויסע פֿאַבריק, האָט גיך באַנקראָטירט און זיך איבערגעוואָרפֿן צו דער באַשעפֿטיקונג פֿון אַ פֿאַרזיכערונגס-אַגענט. אָבער בײַ זײַן אומדערמידלעכער אַרבעט אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן, האָט ער קוים געקאָנט דערנערן זײַן פֿאַמיליע. דאָס האָט נאָכמער איבערפֿולט דאָס מעסטל ביטערניש

צוליב זיין לאַנג־יצלחדיקער לאַגע. מיט שוועריקייט האָט ער דאָן איבערגעטראָגן די בליקן פון זיינע קינדער, ווייל דער אומשטאַנד, וואָס ער איז ניט געווען פעיק זיך אַרויסצוקריגן פון אונטער דעם יאָך פון פינאַנציעלע זאָרגן, האָט אים אָנגעטרונקען מיט שאַנדע. עס האָט זיך געשאַפן אַן איינדרוק, אַז אים מאַטערן געוויסנס־ביסן. ער האָט איינפאַך פאַרוועדט די קינדער, אַז זיי זאָלן אים שטעלן וואָסערע־ס'איז פראַגן.

מיר וועלן נאָך דערמאָנען, אַז אין יאָר 1882 איז געשטאָרבן זיין פרוי און אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט יאַקאָבס פאָטער אַריינגעבראַכט אין שטוב אַ שטיפמוטער. פאַר די קינדער זענען איצט אָנגעשטאַנען שווערע צייטן, לאַנגע יאָרן פון ביטערניש און פּיין. קלעפּ אין דער שול, אונדערהיים הונגער און ליידן, חוזק פון דער־וואַקסענע, איינזאַמקייט און בענקשאַפט — אָט דאָס איז דער גורל פון די קינדער. אויף דעם טונקעלן פאָן האָבן זיך פאַר יאַקאָבן זעלטן אָנטפּלעקט העלע פּונקטן: דער פעריען־באַזוך ביי דער מומע אין גונזענהאוזען, די שפּאַצירס אין נירענבערג, די איינדרוקן פון לאַנדשאַפטן און נאַטור. זייער ליידענשאַפטלעך האָט דער יינגער יאַקאָב געשלונגען ביכער, וועלכע ער האָט בסוד געקויפט פאַרן געלט, וואָס עס האָט אים געשיקט דער פעטער צו אַן אַנדערן צוועק — אויף צו פאַרבעסערן די דערנערונג פון די קינדער. אין זיין ערשטן בוך א. ג. „צי שלאָפסטו מוטער?“, געשריבן אין זיין 22־טן לעבנס־יאָר (דערשינען ערשט אין 1896) באַשרייבט וואַסערמאַן די טרויעריגע איבערלעבונגען פון זיין קינדהייט און דעם טויט פון זיין מוטער. פון די קאַרגע און פאַרנעפּלטע שטריכן באַשאַפט ער דאָ אַן אויסגעטרוימט בילד (וואָס רייסט זיך אָגב אַריין מיט זיין וואָרהאַפטיקייט און דעם האַרץ פונם לייענער) פון דער היים־געליבטער מוטער, און אין דעם פאַנטאַסטישן יינגל מיט די גרויסע אויגן — אַ שטיינדיקן ביי איר טרונגע — באַווייזט ער אונז זיך אַליין.

אין יאָר 1890, ווען ער איז אַלט געווען זיבעצן יאָר, נאָכן ענדיקן די שול, פאָרט ער קיין ווין. די דאָזיקע נסיעה האָט דעם פאָטער אָנגעפולט מיט די שטאָלצסטע האָפענונגען, מחמת זיין זון

איז אַרויסגערופֿן געוואָרן צום איבערנעמען די פֿעבער-פֿאַבריק פֿון אַ קינדערלאָזן פֿעטער אין ווין. אָבער די סיסטעמאַטישע אַרבעט אין ביוראָ האָט אין אַ פּאָר חדשים אַרום אים זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַזוי אומדערטרעגלעך, אַז ער אַנטלויפֿט אינגיכן מיט אַ קליינע אָפּגעשפּאָרטע סומע קיין מינכען. נויט און הונגער האָט אים אויפֿסניי געשטויסן צו זוכן אַ היים אין דעם פֿאָטערס הויז אין ווירצבורג, וואו עס באַגעגנט אים, ווי אַ נישט-געראָטענעם זון, קאַלטקייט און אומווילן. עס קומען אָ! וואָכן פֿון פּלאַנלאָזער וואַנדערונג, זוכנדיק אַרבעט. לסוף צווינגט אים דער פֿאָטער צו שרייבן אַן איבערבעטונגס-בריוו צום פֿעטער. דער לעצטער איז אים מוחל די זינד, אָבער ער באַשטימט פֿאַר אים אַ פּראָבע-צייט: די פֿאַבריק און דאָס הויז פֿון פֿעטער דאַרפֿן זיין פֿאַר אים געשלאָסן אַזוי לאַנג, ביז וואַנען ער וועט מיט זיין האַנדלונג באַווייזן, אַז ער האָט זיך באַפֿרייט פֿון די „ווילדע אידעען". ער וואוינט דאַן ביי אַ פֿאַמיליע פֿון אַ באַאַמטן, און גייט אויף דער לער אַלס שילער פֿון אַן עקספּאָרט-ביוראָ. אָבער אַ מאוסע אינטריגע נייט אים צו פֿאַרלאָזן דעם דאָזיקן וועג. לויטן אורטייל פֿון פֿאַמיליען-ראַט דאַרף ער איצט דורכמאַכן דאָס מיליטער-דינסט. מהאי טעמא פֿאָרט ער צוריק קיין ווירצבורג (אין יאָר 1891). כדי זיך אויסצוהאַלטן די צייט פֿון דינען אין מיליטער, האָט ער געמוזט פֿאַרגעלטן אַ העלפֿט פֿון דער קליינער ירושה, וואָס עס איז אים געבליבן נאָך דער מוטער.

נאָכן יאָר מיליטער-דינסט פֿאַרברענגט וואַסערמאַן אין נירענבערג, וואו ער אַרבעט אויף אַ קליינעם. שלעכט-באַצאָלטן פּאָסטן פֿון אַ קאַנצעלאַריסט. אין דעם מצב דערפֿילט ער זיך „ענדגילטיג צעבראָכן אין דעם וועזנטליכסטן טייל פֿון זיין באַציאונג מיט דער וועלט". אין יענער צייט פֿאַלט ער אַריין אין אַ זייער שלעכטע געזעלשאַפֿט, וואָרום נאָך יענע איבערלעבונגען האָט ער „אַ נאָמענלאָזע באַדערפֿעניש צו פֿאַרגעסן זיך אין דעם צוזאַמענזיין מיט מענטשן", און ער טונקט זיך אין דעם „מיסטגרוב פֿון נייסט" — ווי ער האָט עס אַליין שפּעטער באַצייכנט.

זיין דאַמאָלסדיק לעבן — יאָרן, טעג און נעכט, פֿאַרבראַכט אין שמוציגע קנייפּעס, עקסטאַז פֿון בונט, וואָס איז געווען אַן

יעדער אידעע. דאָס פֿאַרצווייפֿלטע אומבערענגען פֿון זיין „איך“, דער ים פֿון נויט, דאָס פֿאַרגאַכלעסיקן די פֿליכט, די שטיקנדיקע זאָרג פֿאַרן מאָרגן — דאָס אַלצדינג האָט ער וואונדערליך געמאָלן אין זיין ווערק — „גענזעמענכעי“.

אויף יענער צייט פֿאַלט אויס זיין באַגעגענונג מיט סט., אַ פֿאַרבילד פֿון גומשטעקערן. ער איז עלטער פֿון וואַסערמאַנען מיט זעקס יאָר — ער שטאַמט פֿון אַ נירענבערגער פּאַטריציער־משפּחה — פֿון באַרוף אַ ליטאָגראַף, פֿיינפֿילנד אויף גייסטיקע און ליטעראַרישע ענינים. ער האָט געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפּעה אויף וואַסערמאַנען. אים האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצורייסן דעם יינגעמאַן פֿון דער שלעכטער סביבה און ראַטעווען זיין פֿאַרפֿוסטעוועטן און פֿוילן לעבן. זיין אייִדעלע האַנדלונג, באַלערנדיקע רייד, וואָס זענען געווען אָנגעפּיקעוועט מיט בייזן הומאָר, האָבן מציל געווען דעם דיכטער פֿון אונטערגאַנג. און ווען ער איז אַריבערגעפֿאָרן קיין ציריך, האָט וואַסערמאַן, אַ פֿעראייינזאַמטער, געהאַט דעם איינדרוק, אַז אים האָט פֿאַרלאָזן אַ גוטסטוערישער גייסט. אַלע שטרעבונגען לענקט ער אין דער ריכטונג פֿון אויפֿסגיי זיך צו דערנענטערן צו זיין פֿריינט, וואָרום די קאָרעספּאָנדענץ, הגם זי איז אַן אומאויפֿהערליכע, איז נישט אימשטאַנד אויסצופֿילן די ליידיקייט.

דערווייל ווערט וואַסערמאַן פֿוליעריק, באַקומט די רעשט פֿון דער קליינער ירושה נאָך דער מוטער און פֿאָרט קיין מינכען, וואו ער פֿאַרברענגט איינציקע וואָכן אין אַזאַ זאָרגלאָזיקייט, וואָס ער האָט ביז דאַמאָלס נישט געהאַט. ווען דאָס געלט האָט זיך אים אויסגעלאָזט, האָט ער ווידער גענומען אַרבעטן ביי אַ גענעראַל־אַגענט אין באַדענער פֿרייבורג. אָבער נישט געקוקט אויף דעם גאַנצן ברען, וואָס ער האָט אויף דער שטעלע אַרויסגעוויזן, זאָגט מען אים איינגיכן אָפּ פֿון דעם פּאָסטן און ער ווערט ווייטער פֿאַר־משפּט אויף אַרומוואַלגערן זיך, אַן מיטלען צום לעבן, אין שוואַרצוואַלד. ער פּטרט די רעגנדיקע נעכט אין די כאַטעס פֿון האָלצהעקער, און דאָס קליינוואַרג, וואָס ער פֿירט אָפּ אין שול, גיט אים, אין דאַנקבאַרקייט פֿאַר פֿאַרשידענע מעשהלעך, וואָס ער דערציילט זיי, מילך און קאַרגע שפּייז פֿון זייערע פּויערן־עלטערן.

סוף־כל־סוף איז ער אָבער נישט אומשטאַנד שלום צו מאַכן מיט אַזאַ לעבן. ער פאַרקויפט דאָס זײַנעדל, די בוכער, דעם מאַנטל, און לאָזט זיך אַוועק אויף אַ רײַזע קײן צוריך, צום פרײַנט, וועמענס האַרציקער דרוק אין האַנט באַלוינט אים פאַר אַלע זײַנע דורכגעמאַכטע לײַדן. אָבער אויך דער פרײַנט, וועלכער האָט גראָד פאַרלוירן די אַרבעטס־שטעלע, געפינט זיך אין אַן אויסגעגלאַזטער לאַגע. במשך פון אַ געוויסער צײַט פירן בײדע אַן אָריגינעלן אָרעם לעבן; שלאָפן בײַטאָג, און אָוונט גײען זײ אין אַ קלײנער קאַפע אַרײַן, וואו דער קעלנער, מיט וועלכן זײ זענען באַפרײַנדעט, גיט זײ קלײנעם קרעדיט. קאַווע מיט מילך און אַ פּאָר זעמל איז זײער אײנציקער מאכל, און אינמיטן עסן פירן זײ אומענדלעכע טיפע שמועסן אַזש ביז באַגינען. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און וואַסערמאַן איז געצוואונגען צו פאַרלאָזן צוריך; די סיבה פון זײַן אַנטלויפן איז שפּעטער געוואָרן מיטגעטײלט זײַן פרײַנט. די געמײנזאַמע נויט לאָזט זיך לענגער נישט איבערטראָגן. סט.'ס מצב פאַרערגערט זיך מוראדיק. ער איז אָפּהענגיק פון מענטשן, וועלכע קוקן אויף דעם יינגעמצן קרום מיט זײערע טעמפּע אויגן. ווילנדיק אים נויטן צו פאַרלאָזן זײַן חבר, גיבן זײ אים אַ קלײנעם סכום געלט אויף דער רײַזע פאָדערנדיק, אַז ער זאָל אַוועקפאָרן, וואָרום זײ זעען אין אים די סיבה פון סט.'ס אומגליקן. אָבער שוין אויפן וועג צווישן צוריך און באָדענזעע גיט אויס וואַסערמאַן דאָס גאַנצע געלט אויף די באַדערפענישן פון זײַן הונגעריקן מאָגן. אַ פאַריאושטער בלאָנדזשעט ער אַרום איבערן באַן־הויף אַזוי לאַנג, ביז אַ גוטער קאָנדוקטאָר, וועלכער וואוינט אין מינכען, גיט אים אַ הלוואה אויף דער ווײַטערדיקער נסיעה.

נאָכן צוריקקומען אַהײם רײַסט ער איבער אינגאַנצן מיט דער משפּחה. די לאַנגדויערנדיקע, טריבע אײנזאַמקײט מאַכט אים זיך פילן נאָכמער עלענד, ווי עס איז געוועזן ראָבינזאָן אויף זײַן אינזל. אים דאַכט זיך, אַז ער איז אַלעמען צופיל. ער לעבט פון עפּל, קעז און סאַלאַט, וואָס אַן אָרנטלעכע שכנטע לײגט אַוועק יעדן אינדערפרי פאַר דער טיר פון זײַן קאַמער אויף מאַנסאַרד. בגנבה, אַז דאָס ווײַב זאָל נישט וויסן, שיקט אים אויך דער פאָטער פון

צײַט צו צײַט אַ פּאָר מאַרק אין אַ פּרווו. אַז אַרביוואַר, וועלכער ניט אים אַרבעט אַלס איבערשרײַבער, נוצט אויס זײַן געקוועלטע לאַגע, געבנדיק אים אַ הונגער־לוין. זעלטן ניט זיך אײַן וואַסערמאַנען צו פֿאַרדינען אַ 20—30 פֿעניג, וואָס ער געווינט, שפּילנדיק שאַך אין אַ פֿאַרוואָרפֿענער קאַפֿע. אודאי דאַרט ער אײַן און ווערט אומגעהויער שוואַך פֿון אַזאַ לעבן.

שטײענדיק אויסער דער געזעלשאַפֿט, מיט אַ האָר דערווײַטערט פֿונעם אָפּגרונט, איז וואַסערמאַן פֿול מיט לײַדנשאַפֿטלעכער בענקשאַפֿט צו ווערן אויפֿגענומען און אָנערקענט דורך דער געזעלשאַפֿט. די לײַדנשאַפֿט אויסצוגלײַכן זיך אין די רעכט לגבי אַנדערע, באַקומט די אויבערהאַנט איבער אַלע געפֿילן אין אים. אין יענער בענקשאַפֿט איז פֿאַראַן אומגעוויינלעכער רירנדיקס; אין איר זעט זיך די באַדערפֿעניש שלום־צו שליסן מיט דער וועלט, אַ ווילן פֿון שעפֿערישער, קינסטלערישער אַרבעט, דער קוואַל פֿון זײַנע וויזיעס — פּנימער און נשמות, וואָס ער באַשאַפֿט פֿאַר זיך, כּדי מיט זיי זיך אויסצולעבן. אָבער פֿון דאַנען ווערט אויך געבוירן דער דורשט צו באַזיצן אַלץ, וואָס עס האָבן אַנדערע, אַרויסצורײַסן זיך פֿון זײַן אומגעבונג, צו פֿאַרשווינדן אין פֿאַר אים פֿאַרבאָרגענע געזעלשאַפֿטלעכע ספֿערן. אָט די לײַדנשאַפֿט ווערט אײַנע פֿון די אַנטשײַדנדיקע ספּרוזשינעס אין וואַסערמאַנס שפּעטערדיקן לעבן.

דער צופֿאַל האָט געוואָלט,* אַז וואַסערמאַן איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פֿון ע ר נ ע ס ט פֿ אָ ן וו אָ ל ז אָ ג ע ן. ער דיקטירט אים זײַנע ראָמאַנען. אַ געוויסן טאָג נעמט זיך אָן דער סעקרעטאַר מיט מוט, און ווײַזט דעם באַלאַנטן שרײַבער די פֿרוכט פֿון זײַן אײגענער פֿעדער. אַ פֿערוואונדערטער האָט פֿאָן וואָלזאָגען, איבערלײענענדיק וואַסערמאַנס מאַנוסקריפּט פֿאָרגעזאָגט, אַז ער וועט „אויך טרעפֿן צו טרעפֿן אין פּינטל“. דאָס איז געווען דער ערשטער מענטש, וועלכער האָט אים צוגעגעבן חשק, מיט אומבאַגרענעצטן ערנסט אין אים דערקענט דעם דיכטער — און דאָס האָט פֿאַר וואַסערמאַנען באַדײַט רעטונג און באַפֿרײַאונג. וואָלזאָגען, וואָס איז ייִנגטלעך געניגט צו ענטוזיאַזם, און אין דעם פּראָבלעם פֿון

דער יונגט זעט ער זיין איינענע זאך, באגנוגנט זיך נישט בלויז מיט דעם, וואס ער אנערקענט וואסערמאנען. ער ווערט דער פארטיידיקער פון זיינע אומרייפע פרובן, קעמפט פאר זיין רום; אנטרעפנדיק אויף ווידערשטאנד און חוזק, באגייסטערט ער זיך נאכמער מיט וואסערמאנען, איז אן אומדערמידלעכער באשיצער פון זיינע ווערק, וועלכע רופן ארויס א צווייענדיקע מיינונג.

אין יאר 1896 דערשיינט פון דרוק זיין ערשטער ראמאן „די יידן פון צירנדארף“, מיט וועלכן ער האט זיך באלד קונה-שם געווען. פאר פיל לייענער איז דאס דאזיקע בוך געווען אן איבערלעבונג, פאר וואסערמאנען גופא — „אן ארויסזאגן זיך, א ודוי, די באפרייאונג פון ווארם, וואס פרעסט די ברוסט, האט צעשטערט זיין יוגנט“. אינקורצן האט ער אליין דערקענט, אז דער וועג, וועלכן ער האט אויסגעקליבן, פירט צו א ווילדן דארף-שליאך, אז דאס פאראיינפאכן זיך און אויסארבעטן אן ארטיסטישע פארם איז דער באדינג פון דעראבערן די וועלט, וואס איז קעגן אים. אויסערלעך האט ער דאמאלס געמאכט דעם איינדרוק פון אן אויפגעפרעסענעם פון א גישט-געשטילטער אמביציע. די, וואס האבן אים אבסערווירט פון דער נאנט האבן געאורטיילט, אז ער דארף זיין צופרידן, מחמת ער האט דערגרייכט דערפאלג אויפן ביכער-מארק, ער ווערט געלייענט, געשאצט און איז דער אביעקט פון שטרייטן אין דער קריטיק. אמת, א סך האבן פאר אים געבויגן דעם קאפ, אבער ער אליין איז געווען פול מיט שעפערישן אומרו. ער האט געמיינט, אז אויף אים ליגט די פליכט צו לעזן אן אויפגאבע פון אן אומבאשטימטער לענג און ברייט. ער האט דאן געשריבן:

„איך האב געווירקט און געשאפן אלס אן אינדיווידואליטעט, אבער אין די טיפענישן פון מיין באוווסטזיין האב איך זיך געפילט צוזאמענגעשמידט מיט דער געזעלשאפטלעכקייט, וואס האט זיך איפגעלעזן און מיט אן אנדערער, וועלכע איך האב באגערט, וועלכע איך האב ערשט געדארפט דעראבערן. איך בין געשטאנען אויף א געוויסער גרעניץ. נישט איינמאל ווען איך פאר זיך אוים צו זיין א פריטעגדענט אן אנהענגער, עפעס א לאנדבאזיצער אן ערד. מיר דאכט, שרייט רוקט זיך מיר אפילו דער

באַרן פֿון אונטער די פֿיס און די לופֿט אַנטלויפֿט פֿון די לונגען. און דאָ מאַטערט מיך נאָך דאָס פֿערכעגנטערנדיקע געווימל פֿון געשטאַלטן, וואָס זענען נאָכנישט באַפֿרייט פֿון דמיון, פֿאַרצוימען דעם מאַרך, און ביי דעם אַלעם פּייניקט מיך שטענדיק די זאָרג פֿאַרן טעגלעכן ברויט.“

די פֿאַטאַלע באַציִונג מיט יענער פֿרוי, וועלכע איז געווען דער פּראָטאָטיפּ פֿון זיינע דערציילונגס-העלדינס: מעלוזינאַ און רענאַטאַ — האָט ער אין דערזעלביקער צייט איבערגעריסן. און אַט פֿאַרלאָזט וואַסערמאַן, אין דער העלפֿט פֿון 1898, מינכען, כּדי צו פֿאָרן קיין ווין. זיין אויפֿנטהאַלט אין ווין, ווי בכלל אין עסטרייך, האָט געהאַט אַ באַפֿרייענדיקע השפּעה אויף דעם דאָזיקן מענטש מיטן „שווערן בלוט“. ער האָט זיך באַגעגנט מיט פֿרייערע מענטשן, אָפֿענע, וואָס זענען אים גערן אַנטקעגן געקומען.

האַרבסט 1900 דערשיינט זיין ראָמאַן „רענאַטאַ פֿוקס“. אַ ביסל פֿריִער, אום זומער פֿון דעמזעלביקן יאָר איז אין אַלט-אויסע געפֿאַלן דער באַשלוס וועגן זיין חתונה-האָבן, אַן אומשטאַנד, וואָס האָט אַ ווילכטיקן איינפֿלוס אויף זיין ווייטערדיקן לעבן.

אין דעם הויז פֿון זיין כּלה האָט ער אָנגעטראָפֿן שטאַרק-אָנגעצייכנטע ליניעס, וואָס זענען אויסגעוואָרצלט געוואָרן פֿון ליבע צו טראַדיציעס — פֿאָרמען פֿון עקזיסטענץ, וואָס זענען אין ווידערשפּרוך מיט יענער ענגער קליינלעכקייט, וואָס האָט צופֿריִער אַריינגעקוועטשט אין אַ סדום-בעטל זיין איינגן גייסטיק לעבן; ער טרעפֿט זיך צונויף מיט לעבנס-פֿאָרמען, וואָס געפֿינען זיך אין דער שאַרפֿסטער סתירה מיט דעם אַלעם, וואָס ער האָט אַזוי אָפֿט איבערגעלעבט צווישן די ליטעראַרישע באָהעמע-לייט אין מינכען. ער זעט דאָ די אומבאַגרענעצטע אויטאָריטעט פֿון דעם קאָפּ פֿון דער פֿאַמיליע, אַנטשפּרעכנד צו די אַלטע פּאַטריאַרכאַלע יסודות און פֿאַרהעלטענישן; די דאָזיקע אויטאָריטעט געוועלטיקט אין דער אַטמאָספֿערע פֿון מיט פֿרייהייט, אימפּעט און מאַכט באַוואָפֿנטע גייסטלעכע און טאַלענטן. וואַסערמאַן האָט אַפֿילו אָפּגעמאָלט די פּערזאָן פֿון זיין שווער אין דער געשטאַלט פֿון טריבונאַל-פּרעזעס פֿויערבאַך אין דער דערציילונג „קאַספּער האַוזער“ — ער האָט

געמאָלן די אימפּאָנירנדיקע שטריכן און די שוואַכע זייטן פֿון דעם אינדיווידן. אַ פֿרייליכער אַנעקדאָט וועגן וואַסערמאַנס שידוך איז זייער כאַראַקטעריסטיש. דער שפּעטערדיקער שווער האָט מיט אַ ביסל איראָניע געפֿרעגט דעם יונגן פּאָעט: „וואָס פֿאַר אַ הכנסות האָט איר?" — „איך האָב אפילו נישט קיין זיכערע 10 העלער." דאַמאָלס האָט דער אַלטער זיך האַרציג פֿונאַנדערגעלאַכט און געזאָגט אַ צופֿרידענער: „אײַער אָרנטלעכקייט געפֿעלט מיר. איר זענט פֿאַר מיר אַן אויסגעחלומטער איידעם"

שטרענגע דערציאונג און זיין צוזאַמען מיט דער פֿולער אַכטונג פֿאַר דער פּערזענלעכקייט — דאָס איז געווען דער הויפּט־יסוד פֿון דעם הויז, אין וועלכן האַרציקע וואַרימקייט, הויכע אינטעליגענץ און טאַקט פֿון דער מוטער האָבן האַרמאָניזירט מיט דער איבעריקער סביבה.

דעם 6. יאַנואַר 1901 איז געפּייערט געוואָרן די חתונה פֿונם דיכטער. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָס ערשטע יאָר זאָל ס'יונגע פּאָר פֿאַרברענגען אין איטאַליע.

וואַסערמאַן האָט געמאַכט פֿאָרבערייטונגען צו זיין נייעם ווערק „אַלעקסאַנדער אין בבל", אין אַ פּאָמעראַנצן־גאָרטן מיט אַן אַרויסבליק צום ים, אין דער שטאָט נערווי. פֿאַדינענדיק אין דער זעלביקער צייט מיט ליטעראַרישער אַרבעט אויף אויסקומע־ניש, האָט ער געמאַכט ברייטע שטודיעס, וועלכע האָבן אים באַ־שעפֿטיקט אַ גאַנץ יאָר בעת דער רייזע איבער איטאַליע.

אין דעצעמבער 1901 איז וואַסערמאַן געוואָרן פֿאָטער. דער ערשטער זון פֿונם שרייבער האָט דערזען די ליכטיקע שיין אין לינץ הינטער ווין. אין יאָר 1905 האָט ער זיך באַזעצט אין גרינזינג, וואו עס איז אין דעמזעלביקן יאָר געפֿאַלן אויף דער וועלט דאָס ערשטע טעכטערל. אין 1914־טן יאָר האָט דאָס פּאָר־פֿאָלק גע־קויפֿט אַ נישט־גרויסע לאַנדווירטשאַפֿט אין קאַסגראַב. דאָ איז געבוירן געוואָרן דאָס יינגסטע קינד — עוואַ־אַגאַטאַ.

אין פֿאַרלויף פֿון די דאָזיקע צוויי צענטליק יאָר, בעת וועלכע וואַסערמאַן, אַ צופֿרידענער פֿון רואיקן, בירגערלעכן לעבן, האָט זיך איבערגעגעבן דער אַרבעט, האָט ער באַשאַפֿן פֿיל ווערק, וועלכע

באדייטן קלארן גאנג פון אינערלעכער אנטוויקלונג, וואס ער האט דורכגעמאכט דורך די יארן. אין מאנוסקריפט פון פארווארט צום בוך „קאצפער האוזער", באצייכנט וואסערמאן די ערשטע יארן פון זיין חתונה אלס די זיבן יאר פון גליק, פרייהייט און פרידן. דאך נחת פון פאטערשאפט, דער אנבליק פון קינדערישער נשמה, וואס ענטוויקלט זיך פאר די פארחדושטע און אנטציקטע אויגן פון די דערוואקסענע, זענען געווען דער מקור פון דער קאנצעפציע, וואס האט אויפגעבליט אין „קאצפער האוזער". דא ווערן געבראכט ווערטלעכע איבערחזורונגען פון פראגן און ענטפערס פונם קליינעם אלבערט, דעם שרייבערס בכור, ארייננעלייגטע אין קאצפערס מויל.

1901 הויבט ער אן צו שאפן זיינע ווערק „דער גאלדענער שפיגל", „דער בוקעט פעלד-בלומען", „קיינמאל נישט געקושטע ליפן"; מיט דער פאן פון פאעטישער שאפונג האט ער באצירט זיין פארשוויגן הויז, וואס ער האט אין יענע יארן נישט געקאנט אינגאנצן פארשטעלן פון פארשידענע אויפטרייסלונגען.

וואסערמאן דערציילט, אז פארן ענדיקן פון „קאצפער האוזער" איז זיין ארבעט מיטאמאל געשטערט געווארן, ווארום עס האט זיך אים נישט איינגעגעבן צו באשאפן א פרויען-געשטאלט, וואס איז אים נויטיג געווען צום בילד. אבער אין א געוויסן טאג דערהאלט ער א בריוו פון אן אומבאקאנטער, וועלכע איז צודרינגלעך צו אים און וויל זיך מיט אים טרעפן. דער טאן פונם בריוו האט אים געשטויסן זיך צו זען מיט איר. און היות ער האט זיך מאכן געקליבן קיין דייטשלאנד, איז ער געפארן אויף דעם אנגעוויזענעם ארט. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז די אומבאקאנטע איז געווען אן אוראייניקל פון א מלוכה-מאן, וועלכער איז ארייננעשלעפט געווארן אין יענער נעץ פון אינטריגעס, וואס האבן זיך ארומגעוועבט ארום דעם רעטעניש פון קאצפער האוזער — און האבן אנגעשפארט אזש אין דער טיפעניש פון די פאלקס-לעגענדעס. ער איז געווען נידערגעשלאגן און קאמפראמיטירט און פון פארצווייפלונג האט ער זיך דאס לעבן גענומען. —

פון צווישן די פילע קינסטלערישע ווערק האט וואסערמאן זיך דערהויבן צו אן אומגעהויערע הויך פון ארטיזם און עטישן גע-

דאַנק איז די פֿאָלגנדיקע ביכער: „דער מענטש פֿון אילוזיעס“,
„די מאַסקעס פֿון ערווין רײַנער“, „ווענדעקרײַז“, „לאודין“
(1919—1927).

פֿאַר וואַסערמאַנען איז דאָס שווערקײַט־פּראָבלעם: מאַ־טעריעלער אײגנטום. דאָס פּראָבלעם פֿון ליכט: גײַסטיקע ליבע. דאָס זענען די צוויי וועלט־פּאָלוסן פֿון זײַן געדאַנק.

ל ו צ י אַ ן  פֿ ר אַ נ ק  ע ר ד ט ר אַ כ ט

# ווירגיניאַ

אין דער העלפֿט פֿון חודש אָקטאָבער איז געפֿאַלן די דעציזיע. דער דאָקטאָר, פֿון וועמענס מיינונג אַלץ איז געווען אָפּהענגיק, האָט דערקלערט מאַנפֿרעד דאַלקראָזען, אַז ער מוז צוויי יאָר פֿאַרברענגען אויפֿן ים, כּדי געזונט צו מאַכן זיינע קראַנקע לונגען. מאַנפֿרעד איז דערצו גרייט געווען. נאָר פֿונדעסטוועגן האָט ער געהאַט אַן ענלעך געפֿיל, ווי דעם פֿאַריקן זומער אין קאַסטראָוויל, וואו ער האָט בעת דער ערד־ציטערניש דערזען פֿאַר זיך זינקען אין חורבות די מויערן פֿון האָטעל.

פֿון זעמערינג האָט ער געשריבן קיין בערלין צום ברודער, דעם פּראָפֿעסאָר ערנעסט דאַלקראָזע. ער האָט אים דערמאָנט זיין צוזאָג, אַז אין פֿאַל די זאַך זאָל אָננעמען די ווענדונג, פֿאַר וועלכער מאַנפֿרעד האָט זיך געשראָקן, וועט ער זיך ווענדן צום פּראָפֿעסאָר אוישאַטיום, וועלכער אָרגאַניזירט טאַקע די דייטשע אָקעאַן־עקספּעדיציע.

„ווי איך האָב געהערט, פֿאָרט אָפּ די שיף פֿון פּאָרט אין קיעל האַלב נאָוועמבער“, האָט מאַנפֿרעד געשריבן; „איך מיין, אַז דו קאָנסט מיך מיט אַ ריינעם געוויסן רעקאָמענדירן דעם פּראָפֿעסאָר אוישאַטיום. זאָג אים, אַז נישט קוקנדיק אויף מיינע דריי און צוואַנציק יאָר האָב איך שוין אונטער זיך אַ געוויסע פֿאָרבערייטונג צו שעפֿערישער אַרבעט אויפֿן געביט פֿון מיקראָביאָלאָגיע. אויב ער זאָל מיך צונעמען פֿאַר אַ מיטאַרבעטער, וואָלט איך נישט אַוועק פֿון דער ליניע פֿון מיינע שטודיעס און געבליבן אין דער כּפֿערע פֿון ציל־באַוווסטער מעטיקייט. ביי קיין פֿאַל וואָלט איך נישט געווען אומשטאַנד אין פֿאַרלויף פֿון צוויי יאָר צו שלעפּן

זיך איבערן ים מיט וועלט-רייזענדע, וואס פארן פון פארגעניגן וועגן; עס וואלט מיך אויסגעשטעלט פארן קרבן פון אומאויפהערלעכער מעלאנכאליע. אויך וויפיל עס איז מיר באוווסט, וועט „פעניקס" זיין אין וועג העכער אנדערהאלבן יאר, במשך אזוי לאנג ווי עס דערלויבט דעם דאקטארס דעציזיע, וועלכער איך מיז זיך אונטערגעבן".

באלד נאכן אנקומען קיין ווין האט מאנפרעד דערהאלטן דעם ברודערס טעלעגראם: „אושאטיום איז מספים. דעם פינפטן נאוועמבער זיי אין בערלין".

מאנפרעד האט אויפגעאטעמט. עס איז געווען נויטיג זיך צוצואיילן. אבער אין אים איז נישט געווען צו זען, אז ער איילט זיך, ווייל קורץ נאכדעם איז ער אוועק אין דעם פערטל יאזעפשטאט. איילן זיך איז נישט געווען זיין טבע. שלאנקע מענטשן מיט גלאטע בלאנד-האר זענען גיכער גענייגט צו פלעגמאטישע שטימונגען. מאנפרעדס פנים, וואס איז נישט געווען באוואקסן, האט פארראטן א מיידלשע דעליקאטקייט. ווען געוויסע באוועגונגען זיינע וואלטן נישט געווען אזוי אומזיכער, קאן מען זאגן, אז ער ט ר א ג ט  ז י ך  פ ר ע כ ט י ק. אבער הערלעכע מענטשן באזיצן נישט, אדער פארראטן גישט, וויניקסטנס יענע טרוימערישע אומדרייסטקייט, וואס האט זיך געמאלט אין די אויגן פון דעם שיינעם יינגל, וואס ייפט ארוים נייגער און אינטערעם.

איבער דער שטאט האט זיך געוועלבט א בלאער הארבסט-הימל. הארבסט איז פאר דער יוגנט אפשר די לירישסטע צייט פון יאר. אין מאנפרעדן האבן זיך געוועקט זכרונות. דער פלינקער לעבנסלויף האט אין זיך שוין געהאט פאר אים עפעס וואמפירישעס; עס זענען געווען מאמענטן, בעת וועלכע ער האט מיט אומעט געהערט דאס רוישן פונם בלוט אין דעם איינגענעם הארץ, ווייל יעדער קלאפ האט אים צו וויסן-געטאן וועגן א מינוט, וואס וועט שוין מער נישט צוריקקומען. אפילו איצט, אויפ'ן וועג צו ווירגיניאן, איז די צייט פאר אים געלאפן צו-געשווינד, ווארום די ידיעה, וואס ער האט געבראכט, האט געלעסטירט צו זיינע טריט.

אז אלטע גאס; אז אלט הויז מיט א ברייט טויער ווי א

פֿײלגבױגן; אַ פֿינצטערער פֿאָרהױז, אַ פֿאַרפֿירערישער הױף און אַ צװײטער פֿײלנבױגן, װי אַ שאָטן; דערנאָך איז מאָנפֿרעד דורך װײסע, געדרײטע טרעפּ, אַרײַן אין דער װאױנונג, װאָס פֿון אירע פֿענצטער האָט ער זײַט אַ װעלכע זעקס חדשים אָבסערװירט דאָס לעבן פֿון מענטשן, פּונקט װי עמיצער קוקט דורך אַ לאָרנעטע אױף דער סצענע.

װירגיניאַ האָט אים דערװאַרט. איר גאָנצקײט האָט אים שטענדיק אָנגעטרונקן מיט אַ געפֿיל פֿון אײביקער נישט־אײדלקײט. גליק און װײטיק האָבן זיך אין אים פֿאַרװיקלט. ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ גענױען חשבון, אַז די לײדנשאַפֿט, װאָס ער האָט געפֿילט צו דעם װעזן, האָט פֿאַרשלונגען אַלע באַגערן און צילן פֿון זײַן לעבן.

אָפּשמועסן זיך האָט נישט געהערט צו זײַן געװױנהײט. אױך זאָץ האָט אַליץ געזאָגט.

װירגיניאַס מוטער איז אַרױסגעגאַנגען. זײ זענען געװען אַלײן. װירגיניאַ האָט אַרױפֿגעלײגט די הענט אױף מאָנפֿרעדס אָרעמס און שװײַגנדיק אױף אים געקוקט. זײַן ערנסטער בליק האָט זי אָנגעפֿילט מיט טרױער. זי האָט זיך אַװעקגעזעצט בײַם טיש און אָנגעלײגט דעם קאָפּ אָז די דלאָניעס. פֿון קײגנאיבערדיקן פֿענסטער איז געפֿאַלן דער אָפּשײַן פֿון דער זון אױף אירע ברױנע האָר, צוגעבנדיק זײ אַ גלאַנץ פֿון מעש.

װי גאָנץ איז אים דאָ געװען אַליץ; דאָס הױז, די נאָכמיטאָג־שטילקײט, דער צימער מיט די טיולענע פֿאָרהענגלער, די גרױסע שאַנק, די פֿאָטעלן מיט די רונדיקע פּאָרענטשעס, די קאַנאַפּע פֿון דער געבלימעלטער מאַטעריע, דער זײגער מיט די צװײ צעבראָכענע אַלבאַסטער־קאָלומנעס.

דעם צװײטן אָװנט האָט ער געבראַכט זײַן זכרונות־בוך, װאָס װירגיניאַ האָט שױן לאַנג געװאָלט באַקומען. ער האָט איר פֿאָר־געלײענט. די נאָטיצן האָבן באַשאַפֿן אַ סימפּאַטיש בילד פֿון אַן ערלעכער נשמה, װאָס זאָרגט פֿאַר קלאָרקײט און זאַכלעכקײט. אַ דאַנק דער נאַטירלעכער באַשײדנקײט איז אין די פֿאַרצײכנונגען נישט געװען קײן שפּור פֿון געפֿערלעכע פֿעלערן פֿון דער עפּאָכע,

פֿון אַן אומרײַפֿן ברומען און אויפֿגעבלאָזענעם גרויסן זיך אַליין, דאָס מודה זײַן זיך אין דער אײַגענער אומאײַדלקייט איז געווען ערלעך. דאָס לעבן איז געווען צופֿיל רײַך און צופֿיל פֿאַרוויקלט: די הײַנטצײַטיקע מענטשן זענען געווען פֿאַרגליכן צו אַ גרויסער געזעלשאַפֿט, אין וועלכער אַלע זענען זיך פֿרעמד, יעדער פֿילט זיך איינזאַם, וואו אַלע לויפֿן אין אומרו, צעמישונג און אומבאַוואוסטזײַן פֿון זאַל צו זאַל, און קיינער ווייסט נישט דעם נאָמען פֿונם באַלעבאָס.

ווי קיין אַנדערער נישט, האָט מאַנפֿרעד דערשפּירט אַ באַדערפֿעניש צו האָבן אַ פֿרײַנט. ווען אין זײַן זכרונות-בוך האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן דער נאָמען פֿון ערווין רײַנער, האָבן די פֿאַרצײַכנונגען זיך געענדערט אינם טאָן פֿון אויסשעפּנדיקן צוטרוי.

„ערווין האָט מיך פֿאַרהיט פֿון זעלבסטמאָרד", האָט מאַנפֿרעד אויפֿריכטיק זיך מתודה געווען, „ער האָט מיך באַשאָנקען מיט געדולד און פֿאַרשטענדניש. אים פֿאַרדאַנק איך דעם גלויבן אין דער שיינקייט פֿונם לעבן. ווײַל פֿאַר אים איז דאָס לעבן אַ נס, וואָס חזרט זיך איבער יעדן טאָג. און אַזוי אַרום וואַקסט מיט יעדן טאָג מײַן חוב לגבי אים."

ווען עס איז געקומען די באַשרײַבונג פֿון דער ערשטער באַגעגענונג מיט ווירגיניאַ, האָט דאָס מיידל שמייכלדיק אַ טרייסל געטאָן דעם קאָפּ און דערקלערט, אַז זי וויל דאָס אָרט נישט הערן.

— ווען מיר וועלן זײַן אַלט — האָט זי געזאָגט — וועסטו מיר דאָס אַמאָל איבערלייענען.

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן און געהאַלטן אַ דלאָניע אויף אַ דלאָניע. בײַם צופֿאַלנדיקן בין-השמשות האָט מאַנפֿרעדס בליק געבלאָנדזשעט אין צעשטרײַטקייט איבער די ענג-פֿאַרשריבענע בלעטלעך, אויף וועלכע די נאַטירלעכע איבערלעבונגען זענען טראַכטירט געוואָרן ווי אַ נס.

„טאָג-טעגלעך פֿירט מיך דער וועג דורך די זעלביקע גאַסן, און איך באַמערק נישט די מענטשן, וועלכע איך באַגעגן. אָבער נעכטן האָב איך געזען אַ מיידל... אַ סעקונדע זענען מיר געשטאַנען

אײַנגער קעגן דעם אַנדערען, אונזערע בליקן האָבן זיך צונויפֿ-
געטראָפֿן. דערנאָך האָט זי צוריקגעכאַפּט איר בליק אַזוי געשווינד,
ווי גיך מען שלעפּט אַוועק אַ הונט פֿון אַ צעגליטן אײַזן. איך האָב
זיך אומגעקערט און בין געגאַנגען הינטער איר, ווי אַ פֿאַרכישופֿטער.
איר גאַנג האָט אין זיך געהאַט עפּעס אַזויפֿיל אײדל ווײַענדיקס,
אַז איך האָב זיך נאַיוו געפֿרעגט, צי זי האָט באמת פֿיס און קניעלעך.
כ'האָב כּסדר געזען דעם קאָנטור פֿון איר לינקן בעקל, וואָס איז
בעוועגן ענלעך צום ווײכן האַלב-קרײַז פֿון אַ באַנאַנע. איך האָב זיך
באַמיט צו גײן אויף די זעלבע טראָטואַר-שטײנער, וועלכע עס
האָט באַטרעטן איר פֿוס; ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די
לופֿט, דורך וועלכער מיר זענען געגאַנגען זאַלבעצווײט, האָט זיך
פֿון דער רעכטער און פֿון דער לינקער זײַט אויפֿגעהויבן ווי אַ
מויער. מיך האָט אַרומגעכאַפּט אַ שרעק, כ'האָב זיך דערפֿילט
דערנידריקט, ס'האָט מיך געשווינדערט, קלערנדיק וועגן מאָמענט,
ווען איך וועל זי מוזן פֿאַרלירן פֿון אויג, און ווען זי איז ענדלעך
פֿאַרשוואונדן אינם טויער פֿון אַ הויז אויף דער פֿאַרשטאָט, בין
איך צוויי שעה געשטאַנען פֿאַרן דאָזיקן טויער אין געדאַנקענלאָזער
פֿאַרבענקטקייט.

מאַנפֿרעד האָט געהאַט זײַנע אינערלעכע פּרינציפּן, דערפֿאַר
האָבן זיך זײַנע געפֿילן אויסגעצײכנט מיט זײער באַשטענדיקייט.
ער האָט טעגלעך צו עטלעכע שעה שפּאַצירט פֿאַרן הויז אויף
דער פּיאַרן-גאַס, שפּאַצירט מיט פֿלײַס, וואָס עס האָט אַרויסגע-
רופֿן נײַגעריקייט בײַ די שכנים און פֿאַרדאַכט בײַ די פּאָליציאַנטן.
אין אײנעם אַ טאָג, פֿאַרנאַכט, איז ווירגיניאַ אַרויסגעגאַנגען מיט
דער מוטער פֿון טויער; ווי אַ מענטש, וואָס גרייט זיך אַרײַנצו-
שפּרינגען אין דער טיפֿעניש פֿון וואַסער, איז מאַנפֿרעד געשטאַנען
פֿאַר בײדע פֿרויען, האָט זיך פֿאַרנויגט, דערמאָנט זײַן נאָמען,
איבערגעבעטן פֿאַר דער דרייסטקייט — ער האָט אַרויסגעוויזן אַלע
סימנים פֿון פּחדנות און אַרויסגעבעבעט עפּעס וועגן אײַנדרוק,
וועגן אַכטונג, וועגן באַגער געזעלשאַפֿט צו לייסטן די דאַמען, מיט
אײן וואָרט — ס'איז געווען באַנאַל און נעבעכדיק.

ווירגיניאַ האָט אים אָפּגעמאָסטן פֿון די פֿיס ביז צום קאָפּ.

אין צעטומלעניש האָט מאַנפֿרעד געפֿילט, אַז דאָס מיידל, וואָס
געהערט — אורטיילנדיק לויטן אָנטועכץ — צום מיטלשטאַנד,
האָט געהאַט אין זיך עפּעס פֿון דער איידלקייט פֿון אַ פֿירשטין;
יעדנפֿאַלס האָט איר האַלטונג, געשטאַלט, דער אופֿן פֿון אויסדריקן,
מיט איין באַוועגונג פֿון קאָפּ, פֿאַראַכטונג, שטאָלץ אָדער פֿאַר־
וואונדערונג, פֿאַרראַטן שטאַרקן כאַראַקטער.

די מוטער, דאָלעגן, האָט מיט איר אומזיכערקייט לגבי
פֿרעמדע ליבע אָנגענומען אַ שטעלונג פֿון פּריצישן צוטרוי.
אויב נישט דער דאָזיקער חסרון, וואָס איז נישט געפֿעלן געוואָרן
מאַנפֿרעדן — ווייל ער האָט געפֿילט, אַז ער האָט נישט נושא־חן
געווען ביי ווירגיניאַן — וואָלט עס נישט געקומען צו אַזאַ גיכער
פֿאַרשטענדיקונג צווישן די דאָזיקע טרוימערישע נאַטורן.
פֿרוי געסנער האָט מיט ענטוזיאַזם אויסגעלויבט די מאַניערן פֿון
דעם יונגענמאַן, וועלכער האָט דענערווירט ווירגיניאַן. די אַלטע
פֿרוי האָט באַלד זיך געמאַכט אַ קלאָרן חשבון בנוגע זייערע ערלעכע
פּלענער; זי האָט זיך שטילערהייט נאָכגעפֿרעגט און געוואָר גע־
וואָרן, אַז די דאַלקראָזעס זיינען געווען אַ באַקאַנטע פֿאַמיליע פֿון
געלערטע; זי וואָלט שוין געווען אינגאַנצן רויק וועגן ווירגיניאַן,
ווען מאַנפֿרעד זאָל זיין כאָטש מיט צען יאָר עלטער.

אַזעלכע געדאַנקען זיינען געווען ווייט פֿון ווירגיניאַן. ווען זי
האָט דערגרייכט דעם צוטרוי, איז איר האַרץ געווען גרייט צו ליבן.
אָבער עס איז זיך שווער פֿאַרצושטעלן אַ מער פֿאָרזיכטיקער האַרץ
ווי אירס. דעם גליקס־רייץ האָט זי געשטעלט אַ ווידערשטאַנד,
וואָס האָט געצויגן יניקה פֿון פֿאַרשידענע אומשטענדן, בעיקר
פֿונם גייסט פֿון דער שטאָט, אין וועלכער זי איז אויפֿגעוואַקסן,
פֿונם גייסט פֿון ליידנשאַפֿט און אומבאַדענקטן גענוס, פֿונם גייסט
וואָס אונטער זיין השפּעה איז איר געשיצט געוואָרן אַן אמתדיס
קלויסטעריש, הגם אַ נישט שטענדיק אַנגענעם דערפֿילטע, באַ־
זונדערקייט; זי איז געווען ווייטער פֿון די שטרענגסטע, דורכויס
איינגעבוירענע באַגריפֿן וועגן צניעות און מאָראַל, וועלכע גייען
אַ מאָל האַנט־ביי־האַנט מיט דער אומגעוויינלעכער שיינקייט,
פּונקט ווי די נאַטור האָט נישט געוואָלט לאָזן אירע מייסטער־

ערשט ווען פֿון אירע ליפּן איז פֿאַרשוואונדן דאָס אומוואַרטנדיקע און געהיימנישפֿולע שמייכעלע, ווען די וויעס האָבן זיך אָנגעהויבן אומזיכער אַראָפּצולאָזן און דעם בליק פֿון דאָסנע אומדרייסט אויפֿצוהויבן — ערשט דאַמאָלס האָט מאַנפֿרעד געזיגט. אין מאַי, בעתן שפּאַציר אין וועלדל, האָט ער אַרויסגעקריגן איר ודוי. זיי האָבן זיך געקושט. מאַנפֿרעד האָט געציטערט אונטער דעם קוש, און ווירגיניאַ האָט אים געזידלט, אַז ער זאָל זי מער ניט ברענגען צו אַזעלכע געפֿילן.

ער האָט איר דאָס צוגעזאָגט; ער איז געווען גענוג שטאַרק, כּדי צו האַלטן זײַן צוזאָג. צו זען זי אַמאָל אינגאַנצן אַן אַרויסגעבראַכטע פֿון גלייכגעוויכט, אין שטורעם, אין באַרוישונג, וואָס האָט פֿון איר פּלוצלינג אויסגעבראָכן ווי אַ געוויטער, אַנטרונקענדיג זי מיט ליידן ווי אין געראַנגל מיטן טויט, און וואָס איז אין איר ווידער פֿאַרלאָשן געוואָרן, ווי אַ פֿלאַם אײַנגעטונקט אין וואַסער — אָט דאָס איז געווען שטאָף פֿאַר אומאויפֿהערלעכע טרוימען, וואָס האָבן אים אָנגעפֿולט מיט גרענעצלאָזער דאַנקבאַרקייט. און דערפֿאַר איז ווירגיניאַ אים געווען דאַנקבאַר. איר ליבע האָט אין זיך ניט געהאַט ניט קיין לאָקערנדיקס, קיין אַרויסרופֿנדיקס, קיין פֿאָדערנדיקס און ניט קיין מיטרייסנדיקס; גאָרניט פֿון יענע הונדערט פֿאַלשקייטן, וואָס ווערן שטענדיק אָדער אין באַזונדערע פֿאַלן געברויכט און געהערן צום קריגעריש דעראָבערישן אַרסענאַל פֿון יינגע מיידלעך אין באַצוג צו זייערע פֿאַרערער. ווירגיניאַ איז געווען פֿול רו און מילדע שרעק. מער פֿון אַלעם האָט זי זיך געשראָקן פֿאַר דעם פֿרוכטלאָזן זידן פֿון בלוט. דערין איז געווען אַן אויפֿריכטיקייט צו זיך אַליין און אַ באַוואוסטזיניקע הנחה פֿאַרן געליבטן.

פֿרוי געסנער האָט אויפֿגעהאַלטן אַ קליינעם פּענסיאָנאַט פֿאַר אלמנות. דאָס האָט, צוזאַמען מיט די פּראָצענטער פֿון די צוואַנציק טויזנט קראָנען, וואָס ווירגיניאַ האָט באַקומען אין ירושה פֿון איינעם פֿון די קרובים, זיי פֿאַרזיכערט אַ באַשיידענע עקזיסטענץ, וואָס גרעניצט זיך כּמעט מיט אָרעמקייט. ווירגיניאַ האָט קיינמאָל

נישט געטראַכט וועגן פֿאַרבעסערן אירע מאַטעריעלע באַדינגונגען
דורך חתונה־האָבן. זי האָט געוואָלט לעבן זעלבסטשטענדיק, און
דערפֿאַר האָט זי פֿאַר צוויי יאָר באַשלאָסן ביי אַ בילינגן לערער
צו לערנען זיך צייכענען און מאָלערײַ; דאָס איז אָבער געווען אַ
הילפֿלאָזע אַרבעט. ווירגיניאַ האָט געהאַט פֿאַרדרוס, וואָס זי וועט
מיט דעם נישט קאָנען דערגרייכן וועלכן־עס איז נוצלעכן צוועק.
די גרויסע אַכטונג, מיט וועלכע מאַנפֿרעד האָט זיך באַצויגן צו
קונסט, האָט איר צוגענומען דעם מוט, און הגם זי האָט זיך אויף
אים נישט געבייזערט דערפֿאַר, פֿונדעסטוועגן האָט איר שטאַרק
געליטן פֿון דעם באַוואוסטזיין, אַז פּונקט ווי אַלע זייער יונגע
מענטשן האָט ער באַהאַלטענערהייט געקעכלט דעם מזרחדיקן אי־
דעאַל פֿון דער פֿוילער פֿרוי, וואָס לאָזט זיך טראָגן אויף די הענט.
וואָס אַז אמת, האָט איר שיינקייט באַרעכטיקט דעם געדאַנק,
יועלכער האָט, אין דער שמוציקער, אויפֿגערייצטער וועלט, גע־
[illegible]ילט זי זען אין רו. דאָס איז געווען אַ שיינקייט, וואָס איר פֿול־
כ[illegible]שנהייט האָט געקאָנט דורכגיין דעם איבערפֿלעכלעכן אויג;
אומ[illegible]ינגס, ווירגיניאַ האָט געקאָנט פֿאַרביגיין באַלעבטע גאַסן
נישט ציענדיק אויף זיך פֿרעמדע בליקן. איר שיינקייט, פּונקט ווי
אמתדיקע פּאָעזיע, האָט געפֿאָדערט אַ פֿאַרטיפֿן זיך אין איר, כדי
צו קאָנען זען אין אַ געהעריקער מאָס אָפּגעשאַצט. דער וואוקס
פֿון איר שלאַנקן קערפּער האָט טריומפֿירט איבער אַלע קליידער;
איר געשטאַלט האָט דערמאָנט די נאַטירלעכע איינפֿאַכקייט פֿון
די איידעלע חיות און דאָס באַהערשן זיך אַ גרויסער טענצערין.
אירע הענט זענען געווען ווייס, לאַנג, דורכזיכטיק און שטאַרק;
די הויט גלאַטיק, ווי יאַפּאַניש פּאַפּיר, לויכטנדיק, אָבער נישט
פֿייכט; די ליפּן פֿריש און גלאַט, ווי די ליפּן פֿון דריי־יעריקע
קינדער; די אויגן ברייט־אויסגעשניטן מיט וואונדערלעכע, גרויסע
אויגנהערלעך; צווישן דער ברעם און דעם ווימפּער איז געווען אַ
הערלעכער בורשטין־גלאַנץ.
איר איז געווען נישט ניחא, ווען מאַנפֿרעד האָט זי באַ־
וואונדערט; איר האָט זיך דאָס אויסגעוויזן ווי אַ מיספֿאַר־
שטענדעניש. זי האָט באַגערט אַ פֿרייען מיטלעבן, פֿריינטשאַפֿט.

געגנזייטיקן אָפּדינגען זיך. נאָר מאַנפרעד האָט געבויט אַלטאַרן, און דער איבערפלוס פון גליק האָט אים אָפּט פאַרשפּורט, וואָרום ער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו זיין שטערן.

אַזוי זעט אויס דאָס פּאָרל גוטע מענטשן, געשטאַלטן, וואָס זיינען ווייט פון דעם וועלט־רויש, וועלכע מען דאַרף באַדויערן, כּוחמת דער שטורעם פון גורל וועט זיי געגנזייטיק צושיידן און טויטריסן אונם אָפּגרונט פון לעבן.

# װיזיע

די פֿאַמיליע דאַלקראָזע האָט געשטאַמט פֿון פּוילן. אינ דער העלפֿט פֿון ניינצעגטן יאָרהונדערט האָט זי זיך באַזעצט אין דייטשלאַנד. מאַנפֿרעד האָט זײַן פֿרישטע קינדהייט פֿאַרבראַכט אין בערלין, וואו זײַן פֿאָטער איז געוועזן אַ געאַכטעטער אוניווערזיטעט=פּראָפֿעסאָר. נאָכן טויט פֿון ביידע עלטערן האָט אים צוגענומען צו זיך די באָבע, וועלכע האָט געוואוינט אין ווין. זי איז געוועזן אַ רייכע פֿרוי, נאָר אַ מאָדנע נאַטור. איר האָט געצויגן צו האַזאַרד=שפּיל; אַ געווּיסע נאַכט האָט זי פֿאַרשפּילט צו אייניקלס פֿאַרדעכטיקע יינגעלייט פּופּציק טויזנט גולדן. דאָס איז געווען פֿאַר איר אַ שטאַרקער קלאַפּ, זי האָט זיך געמאַכט פֿאַרוואורפֿן אַז זי באַגזלט דאָס אייניקל, און האָט זיך אויף די רעשט יאָרן ווי אויסבאַהאַלטן אין זאַלצבורג, וואו זי איז געוועזן אין פֿולקומער איינזאַמקייט און האָט אַלע אירע געדאַנקן געווידמעט נאָר דעם פֿאַרגעטערטן מאַנפֿרעד, אויף וועמענס געזונט און לעבן זי האָט פֿאַרשוואוירן מער נישט צוצורירן זיך צו קאָרטן.

פֿאַרן אַרויספֿאָרן האָט מאַנפֿרעד נאָך געמוזט זיך געזעגנען מיט דער אַלטער. ער האָט אויסגעקליבן אַ נאַכט=צוג, און אין שלאָפֿוואַגאָן האָט ער, הגם עס איז געווען אומבאַקוועם, צו ווירגיניאַ אָנגעשריבן פֿאָלגנדיקן בריוו:

„געליבטע ווירגיניאַ! דער גורל האָט באַשלאָסן, אַז מיר מוזן זיך צעשיידן. ווען איך מאַך זיך קלאָר דעם אומשטאַנד, ווען איך טראַכט וועגן דער לאַנגער צייט, וואָס וועט אַוועק ביז מיר וועלן זיך ווידער זען, קומט מיר פֿאָר, אַז איך וועל ווייער נישט קאָנען לעבן אַזוי, ווי כ׳האָב געלעבט ביז אַהער, אַז דאָס לעבן — דער=

ווײַטערט פֿון דיר — וועט זײַן נאָר אַ חלום. עס וועלן קאַרגיין פֿיל טעג, פֿינפֿהונדערט אָדער זעקסהונדערט טעג, און אַ סך, אַ סך נעכט, בעת וועלכע איך וועל ניט וויסן, וווּ דו ביסט, וואָס דו זאָגסט, וועגן וואָס דו טראַכסט. איך האָב צו ווייניק פֿאַנטאַזיע, און אפֿשר גאָר צו פֿיל פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט, יעדנפֿאַלס אָבער צו קנאַפּ צוטרוי צו דער געטלעכער פֿאַרזעאונג פֿון שיקזאַל, כּדי איך זאָל קאָנען מיט דערפֿאָלג באַקעמפֿן דעם אומרו פֿון מײַן האַרץ. איך ווייס ניט, ווי אַזוי דו פֿילסט עס, כ'ווייס ניט, צי איך דאַרף וועלן, דו זאָלסט זיך אויסלערנען דאָס איבערצוטראָגן מיט אויסדויער, צי גלײַכער באַגערן, אַז דו זאָלסט בענקען. וואָס שייך צו מיר, ציטער איך טראַכטנדיק וועגן מאָמענט, ווען מיר וועלן זיך צעשיידן. ווי לאַנג איך קען דיר, זענען אַלע מענטשן פֿאַר מיר געהיימנישפֿול. איך זאָג צו זיך: פֿאַר מיר מוז דער גורל זײַן נאָכגיביק, אַנדערש וואָלט ער מיר ניט געגעבן דיך; איך זאָג צו מיר: וואָס קען, איבריקנס, באַדײַטן דאָס, ווי ווײַט איך וועל זײַן פֿון דיר, אַז איך בין פֿאַראַן, אונז צעטיילט נאָר די לופֿט, וואַסער, ערד, אַ באַשטימטע צאָל מײַלן, די אילוזיע פֿון ווײַטקייט. פֿונדעסטוועגן איז שוין אַלץ אין מיר אויפֿגעקאָכט, אַ שלעכטער גײַסט מורמלט מיר אונטער: וואָס אויצט? וואָס מאָרגן? איך שרעק זיך פֿאַר אומבאַוואוסטע לעבנס־געפֿאַרן, כ'האָב מורא פֿאַר מענטשן, נאָמענלאָזע מענטשן, וואָס פֿירן אַ געהיימע מלחמה מיט נאָמענלאָזע מענטשן, וואָס זענען קעגן אונז דערפֿאַר, ווײַל זיי זענען פֿאַראַן און ווײַל די נאַטור פֿון מענטש איז אַ טונקעלע. צווישן צוויי שריט קען זײַן אַ תהום, צווישן צוויי שעה — דער טויט.

איך גלויב אין זיך. מײַן אַנטייל איז געוואָרן אַ שווערע אָבער גליקזעליקע אויפֿגאַבע צו שאַפֿן אַן עקזיסטענץ, וואָס זאָל זײַן ווירדיק פֿאַר דיר. דאָס, וואָס איך מוז טון, כּדי דיר צו געבן גליק, באַשעפֿטיקט מיך אָן איבערײַס. און כאָטש דאָס באַשענקט מיך פֿון אײַן זײַט מיט רו, די רו פֿון באַשלוסן, פֿונדעסטוועגן זע איך פֿון דער צווייטער זײַט, אַז די טרייסטונג, וואָס איך גיב זיך, כּדי די צעשיידונג מיט דיר צו מאַכן מער דערטרעגלעך, און

אַ פֿאַלשע טרייסט, וואָרום איך בין אַ צושוואַכער מענטש, פּדי אָן שרעק ווען דאָס זאָל זיין בלויז די מורא פֿאַר בענקשאַפֿט, זיך אונטערצוגעבן אַזאַ פּרווו.

אָבער דאָס איז נישט נאָר שרעק פֿאַר דער בענקשאַפֿט; נישט בלויז די עגאָיסטישע מורא. דאָס איז, קורץ געזאָגט, אַ מורא פֿאַר'ן אומגליק, פֿאַר בייזע צופֿאַלן פֿון לעבן, אַ מורא, וואָס אַנ- שטייט אין מיר, ווען איך שטעל זיך אָפּ אויף דיין שוצלאָזיקייט, איבער דיין פֿאַראיינזאַמקייט, איבער דיין נישט קענען מענטשן און וועלט. מעגלעך, איך דאַרף נישט צעשטערן דיין צוטרוי צוליב דעם געדאַנק, אַז די איינזאַמקייט, די שוצלאָזיקייט דינט אפֿשר צו דער פֿאַרפֿולקומונג פֿון דיין אויסערלעכער און אינערלעכער גע- שטאַלט. באַטראַכסט מיך פֿאַר אַ נאַר? אַ דערוועקטע און אַליין אַרויסגעשטעלטע אויף רויב פֿון לאַקערנדער שרעק, וואָס איר שפּילעניש בין איך, וועסטו אפֿשר באַהויפּטן, אַז איך האָב אויפֿ- געבראָזט די רו פֿון דיין גשמה; אָדער דו וועסט אפֿשר זאָגן, אַז איך רעד זיך איין, דאָס כ'האָב פֿאַרטרויט דיין בוז איצטיק רויק און פֿרייליכער לעבן בלויז דורכדעם, וואָס איך האָב זיך דערגעגמערט צו דיר, אַז אַליין באַשענקטער מיט גליק. איך פֿיל דאָס אַלץ צו- זאַמען מיט דיר. אָבער איך קאָן נישט אַנדערש; אַ שוידער כאַפּט מיך אַרום, ווען איך טראַכט וועגן אַפּשיד; שוין בעת דעם איצ- טיקן אַרויספֿאָר און דער קורצער אָפּוועזנקייט קומט מיר פֿאָר, ווי די וואָלסט געוועזן אַרומגערינגעלט מיט שרעקלעכע געפֿאַרן. דער- פֿאַר, געליבטע, טייערסטע ווירגיניאַ, דערלויב מיר אויסצודריקן איין בּיטע, טו עס מיר צוליב, בייזער זיך נישט אויף מיר, קלער נישט לאַנג, זאָג „יאָ“ און דו וועסט מיר אַראָפּנעמען אַ שטיין פֿון האַרץ.

דו ווייסט, וואָס ערווין רייגער איז פֿאַר מיר. מוזסט וויסן, וואָס ער איז געוועזן פֿאַר מיר און וואָס ער איז פֿאַר מיר איצט. און ער, ער קען דיך, איך האָב נישט געדאַרפֿט וועגן דיר צו רעדן אַ סך. ער שעצט דיך, ווייל ער האָט מיך ליב, ער האָט מיר אפֿילו נישט געהאַלטן פֿאַר אומגוט, הלמאי איך האָב אים נאָך נישט געבראַכט צו דיר; ער איז געגוג איידל, כּדי צו פֿאַרשטיין, אַז אַזאַ

באציאונג ווי אונזערע, פאדערט א דערווײליקע אפגעזונדערטקייט.

איך וויל דיר איבערגעבן אונטער זיין אויפזיכט. כ'וויל, אז ער זאל וואכן איבער דיר. נאך וואסער גרעסערן באווייז פון מיין צוטרוי צו אים און דיין צוטרוי צו מיר, קאן איך געבן ערווינגען, ווי אים צו קאנען זאגן: אט האסטו, פריינט, דאס גליק און דעם אוצר פון מיין לעבן, היט עס. און ער וועט דאס היטן ווי זיין אייגנס. ער האט צופיל ערן-געפיל, כדי צו גרינגשעצן אזא פליכט, אויב ער וועט אים נאר נעמען אויף זיך. די איינציקע מורא מיינע איז, צי ער וועט אויף זיך נעמען די דאזיגע פליכט, ווארום זיין פערזאן איז צושטרייעט און דאס לעבן זיינס איז א ברייטס. דו זאלסט אבער אויך נישט מיינען, אז ער וועט דיר און וועלכער עס איז הינזיכט ווערן צולעסטיק; דערצו איז ער צופיל דעליקאט. וועסט אים ליב האבן, וועסט אים באוואונדערן, ווארום אלע, וואס קאנען אים, ליבן אים און באוואונדערן אים. איך האב דעם איינדרוק, אז דער קרייז פון מיין גליק וועט ערשט דאמאלס זיין פארשלאסן, ווען צווישן דיר און ערווינגען וועט זיך אנקניפן א פריינטשאפט.

פארטראכט זיך אויף דעם! גיב מיר די האפנונג אויף דער גרעסטער רו, און איצט א „גוטע נאכט“, ליבסטע, עס איז שוין שפעט. דער צוג פליט דורך ווינטער-נעפל — צו דיר, שטענדיק נאר צו דיר, ווייל יעדע פארגאנגענע מינוט מאכט קירצער די צעשיידונג. ווען איך שליס די אויגן, ווען איך עפן זיי, תמיד זע איך דיין פנים, דיין מויל, דיין שמייכל. אלץ איז פול מיט דיר, אלץ רעדט וועגן דיר, א גוטע נאכט!“

מאנפרעד האט צוגעזאגט צוריקצוקומען אין אוונט פון דריטן טאג. כדי צו מאכן ווירגיניאן א סורפריז, איז ער געקומען מיטן נאכמיטאג-צוג. איבערטוענדיק זיך פון וועג, איז ער געפארן אויף דער פיארן-גאס. צו זיין פערדרוס האט ער ווירגיניאן נישט געטראפן אינדער-היים.

פרוי געסנער האט אים געעפנט די טיר — גינא וועט באלד זיך אומקערן — האט זי געזאגט אז איבערגענומענע פון איר שלעכט פארהוילענער אנטציקונג מיט דעם שטענדיק ליבלעכן בחור,

— זייט דערוויל אפיסל און מיין געזעלשאפט.

מאנפרעד האט זיך אוועקגעזעצט מיט א מינע פון א הונגעריקן, וועלכן מען האט אונטערגערוקט א ביין. דאס געשפרעך האט זיך שווער געקלעפט. מאנפרעד האט זיך געלאנגווייליגט. ער האט נאכלעסיק געהערט און איינציגווייז אנגעהויבן, אין די רייד פון פרוי געסנער צו דערשפירן עפעס משונהדיקס.

— איר פארט איצט — האט זי געזאגט, אויטאמאטיש זלעטנדיק דאס טישטוך — אזוי ווייט! אויף אזוי לאנג! צוויי יאר! ווער ווייס, צי איך וועל נאך לעבן, ווען איר וועט צוריקקומען, געווים, איך בין נאך נישט אזוי אלט, אבער צו וואס בין איך וועמען נויטיק? כדי נאר צו עסן און טרינקן, דערוויף איז א שאד די שיינע זון. ווען דער מענטש פילט זיך איבריק, טראכט ער פיל וועגן טויט!

מאנפרעד האט נישט געוואוסט וואס צו ענטפערן, ער האט זיך פונאנדערגעשמייכלט און איר אויסגערעדט מיט ברעז, מיט פענקשאפט האט ער אויסגעשפיצט די אויערן צו הערן באקאנטע, געליבטע טריט.

— זייער שיין, וואס פון אייך און ווירגיניאן וועט זיין א פארל — האט פרוי געסנער געצויגן מיט א מאנטאגער שטים, וואס האט באזיגט זיין אומגעדולד און אומרויקייט. — איר זענט באמת נאך אזוי יונג און ביז צו דער התונה וועט נאך אפלויפן שפאר וואסער אין דונאי; מ׳דארף דאך צוערשט האבן א שטעלונג, עקזיסטענץ, אבער איך האב פולן צוטרוי צו אייך. און טאקע דערפאר, וואס איך האב צוטרוי, וויל איך אייך עפעס זאגן. עס איז נישט קיין לייכטע זאך; אויף דעם האב איך זיך לאנג פארטראכט, נאר פונדעסטוועגן מוזט איר זיך דערוויסן דעם אמת.

מאנפרעד האט אנגעהויבן צו הערן ערנסטער, ער האט אויסגעבויגן דעם קאפ פארויס און מיט שרעק געקוקט אויף פרוי געסנערס האנט, וואס האט אן איבעריקס געגלעט דאס טישטוך.

— איך שטאם פון אן ארענטליכער משפחה — האט פרוי געסנער אנגעהויבן מיט דעם טאן פון מתודה־זיין זיך; — מיין פאטער איז געווען א באקאנטער פארטרעטיסט און האט גענוג פארדינט. ווען ער איז פלוצלינג געשטארבן, זענען מיר געווארן ארים

און די מוטער האָט געמוזט לעבן פון אונטערשטיצונגען. מען האָט
פאַר מיר אויסגעווילט אַ מאַן; איך האָב גענומען דעם ערשטן,
וואָס האָט מיך געוואָלט. געסנער איז געווען אַ נידריקער מיניס-
טעריאַל-באַאַמטער מיט אַ פּענסיע פון טויזנט זעקסהונדערט קראָ-
נען און צושלאָג. איך בין אַלט געווען אַכצן יאָר, ער דרייַ-און-פער-
ציק. דאָס איז געווען אַ דערשראָקענער מענטש, אַ צופרידענער,
אויב אין שטוב האָט נאָר געהערשט סדר און אָרדנונג. יעדן זונטאָג
נאָכמיטיק זענען מיר געגאַנגען אין „פּראַטער“. אַנדערע שפּאַ-
צירן האָט ער נישט געקאָנט סובל זיין. טעאַטער האָט ער נישט
ליב געהאַט; ער איז געווען שפּאָרזאַם און זיין שפּריכוואָרט איז
געווען: „דאָס איז פאַר ליידיקגייער“. ביכער האָט ער געזאָגט, זיי-
נען פאַר מענטשן, וואָס האָבן אַ סך געלט און צייט. אויב דו ווילסט
זיך בילדן, האָסטו דאָך אַ צייטונג. אונזער געזעלשאַפט איז באַ-
שטאַנען פון עטלעכע אַלט-פּאַלטן הויף-יועצים, וועלכע האָט אונבע-
דינגט געוואָלט אויפעסן זייער גאַנצן פאַרמעגן, כּדי די קינדער גאָר-
נישט איבערצולאָזן, און אַ הויכעדיקע מומע געסנערס, וועלכע איז
אַמאָל געווען קאַמערדינערין פון דער טאָסקאַנער גרויספירשטין,
און האָט אונז כּסדר דערציילט הויפישע היסטאָריעס. אַ חוץ דעם
האָבן מיר קיינעם נישט געהאַט. יאָר פאַר יאָר נישט קיינעם. מיין
מוטער האָט נישט געלעבט; דער ברודער, וועמענס ירושה גינאַ
האָט גענומען, איז געווען אין אַמעריקע, קינדער האָב איך נישט
געהאַט, און ווען עס איז אַזוי אַוועק אַ זומער נאָך אַ זומער, אַ ווינ-
טער נאָך אַ ווינטער, איז מיר געוואָרן פּוסט און פּוסטער אויפן
האַרצן. אַט האָב איך שוין געציילט פינף-און-צוואַנציק יאָר, אַט
דרייסיק — ווען דאָס לעבן איז פּוסט, ווערט דער מענטש גיך
פאַרעלטערט. ווען איך בין אַלט געווען צוויי-און-דרייסיק יאָר האָב
איך זיך אויסגעריסן די ערשטע גראָע האָר.

טאַקע אין דער זעלביקער צייט, אין פערצנטן יאָר פון אונזער
צוזאַמענלעבן, האָט געוואוינט אונטער אונז, אויפן צווייטן שטאָק,
אַ געוויסע פראָי ערמענהאָפער, אַ יונגע פּערזאָן, אַ פריילעכע און
אַ לעבעדיקע. איך האָב זיך מיט איר אָפט צוזאַמענגעטראָפן, און
איינמאָל זאָגט זי צו מיר: „היינט איז אַ רעדוטע אין דער אָפּערע,

מײַן מאַן איז אַוועקגעפֿאָרן, קומט־מיט מיט מיר"... „אָך, וועגן וואָס קלערט איר", זאָג איך, „מײַן מאַן וועט מיר דערויף נישט געבן קײן געלט". „וואָס מיר דאַרט געלט", ענטפֿערט זי, „מיר דאַרפֿן נישט קײן געלט, איך האָב צווײ בליעטן, אַ דאָמינאַ קאָן איך אײַן באָרגן". קורץ, דאָס האַרץ האָט אין מיר געקלאַפּט פֿון לוסט, איך גײ צו געסנערן, וועלכער קווענקלט זיך לכתּחילה, אָבער לסוף האָט ער מיר דערלױבט, מחמת עס האָט גאָרנישט געדאַרפֿט קאָסטן און דערצו האָט די שלכטע געהאַט אַ פֿאַמיליען־נאָמען מיט אַ „פֿאָן".

אין אָװנט בין איך, אַלזאָ, געווען אין דער אָפּערע. מײַן חברטע איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן אָן שפּורן. איך, אַ פֿאַרבלענדטע פֿון גלאַנץ, האָב זיך אַ פּאָר מינוט געדרײט איבערן זאַל. אונדעם איז צו מיר צוגעשטאַנען אַן אומבעקנאַטער הער, ער גײט מיר כּסדר נאָך, פֿירט מיך צום בופֿעט פֿון שאַמפּאַניער, מאַכט מיר קאָמפּלימענטן, פֿרעגט מיך אויס און ער איז אַזוי אָנגענעם. אַזאַ ליבער, זאָג איך אײַך, מאַנפֿרעד! צי ער איז געווען שײן, עלעגאַנט, קלוג, דאָס ווײס איך נישט; איך ווײס נאָר, אַז ער איז געווען אַ ליבער, און דאָס איז מיר געווען נויטיק. מיר האָבן בײדע געטאַנצט, דערנאָך האָט ער געוואָלט זען מײַן פּנים, און שפּעטער האָט ער מיך געפֿירט צו אַ קאַרעטע און איז געפֿאָרן מיט מיר. פּלוצלינג האָבן מיר זיך געפֿינען אין זײַן וואוינונג. איך בין בײַ אים געבליבן ביז באַגינען. פֿון יענער צײַט האָב איך אים שוין מער נישט געזען.

איר שטים איז אַנטשוויגן געוואָרן; דער בליק האָט זיך פֿאַרלוירן; דער קערפּער איז געוואָרן שטײַפֿער, און עפּעס האָט די געשטאַלט און די שטילע טיפֿעניש פֿון איר בליק דערמאָנט מאַנפֿרעדן און ווירגיניאַן! ער האָט זיך שוין אַלץ משער געווען און איז געווען גערירט.

— איך ווײס נישט זײַן נאָמען — האָט פֿרוי געסנער שטיל פֿאַרענדיקט; — איך ווײס נישט וואו זײַן הויז איז געווען, איך בין פֿון אים אַוועקגעגאַנגען אין פֿרימאָרגן־דעמערונג, און ער האָט אַ שטיקל וועגס מיך באַגלײט אין דער קאַרעטע. דערנאָך איז אַלץ ווידער געוואָרן ווי פֿריער. נאָר אַ קינד, אַ טאָכטער, איז פֿאַראַן פֿון

יענער נאַכט.

אַ גערירטער האָט מאַנפֿרעד גענומען די האַנט פֿון פֿרוי געסנער און צוגעדריקט צו איר זײַנע ליפּן. זי האָט געקוקט אויף אים מיט דאַנקבאַרקייט און דערלײַכטערונג. — איר יונגע מענטשן זענט באַטש פֿאַרשטענדליך — האָט זי געזאָגט אָפּזיפֿצנדיק. — איר פֿאַרשטייט אודאי, אַז גינאַ דאַרף וועגן דעם קיינמאָל, קיינמאָל זיך נישט דערוויסן? איר וועט דאָס געוויס צוגעבן, נישט אמת?

מאַנפֿרעד האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ — עס וואָלט געווען אַ פֿערברעכן — האָט ער געזאָגט — דאָס וואָלט איר צוגענומען די פֿרײַהייט. איבריקנס, קיינער קאָן נישט זוכן פֿאַר זיך אַן אַנלען אין אומשטענדן, וואָס האָבן אים געגעבן דאָס לעבן. אָבער מיר וועלן זיך בעסער נישט אַרײַנלאָזן אין פֿילאָזאָפֿישע חקירות.

— קיינער ווייסט נישט וועגן דעם — האָט פֿרוי געסנער געזאָגט — קיינער נישט אַ חוץ מיר און אײַך.

— ווי קאָן דאָס זײַן, אַז איר זאָלט דעם מענטש שוין נישט האָבן געזען, אַז איר זאָלט זיך דערמיט קאָנען לאָזן צופֿרידן? — האָט מאַנפֿרעד געפֿרעגט.

— דאָס איז געווען אַן אָפּמאַך, וואָס איך האָב געשלאָסן מיט זיך אַליין. די דאָזיגע איינע נאַכט, דאָס איז געווען מײַן יוגנט. און ווען דאָס מיידעלע איז געבוירן געוואָרן, בין איך פֿאַקטיש שוין געוואָרן אַן אַלטע פֿרוי. געסנערן האָב איך מקבר געווען קורץ נאָכדעם.

פֿרוי געסנער האָט זיך אויפֿגעשטעלט כּדי אָנצוצינדן די לאָמפּ. מאַנפֿרעד האָט זיך פֿערטיפֿט אין געדאַנקען. אַלזאָ, אויב יענע פֿרוי־פֿאָן ערמענהאָפֿער וואָלט זיך דעמאָלס נישט פֿערגלוסט צו זײַן אויפֿן מאַסקאַראַד, וואָלט ווירגיניאַ נישט געפֿאַלן אויף דער וועלט — האָט ער געטראַכט און איז אַליין געווען פֿערוואונדערט איבער דער משוגהדיקייט פֿון דעם אויספֿיר. דאָס אומגעוויינלעכע באַשעפֿעניש האָט איר עקזיסטענץ צו פֿאַרדאַנקען אַ צופֿאַל פֿון אַן איינפֿאַכער אַוואַנטורע. די מאַסקאַראַד=באַכירונג איז ווי אַ הייליקייט. אַ צופֿאַל ווערט אַ פֿאָר=באַשטימונג. און דאָס אויפֿשטײַענדיקע וועזן פֿאַרשעמט מיט זײַן זינגערישער אָנוועזנקייט דעם גאַנצן מאָראַליטעטס=קאָדעקס.

ווען ווירגיניאַ איז צוריקגעקומען, האָבן די דאָזיגע געדאַנקען אים נאָך באַשעפֿטיקט. זי האָט מיט זיך אַרײַנגעטראָגן דעם גלאַנץ פֿון פֿאַרגייענדיקן טאָג. די אומדערוואַרטעטע פֿרייד צוליבן טרעפֿן דעם חתן האָט אָפּגעשוואַכט אירע טריט. דאָס האָט אַרויסגעוויזן איר ליבשאַפֿט; אין די מעטאַליק-בלישטשענדיקע אויגן איז געווען קענטיק אַ ליידנשאַפֿטלעכע אַנטציקונג.

דער שמועס איז איינגעבליבן אַרויף אויף דער טעמע פֿון בריוו. ווירגיניאַ איז נישט געווען צופֿרידן מיט מאַנפֿרעדס וואונטשן. זי האָט נישט געוואָלט זײַן קרעמפּירט מיט אַ השגחה, אויפֿזיכט — האָט זי געזאָגט — וואָס זי נישט דאַרפֿן. — ווער האָט מיך באַוואַכט, איידער איך האָב דיך באַקענט? — האָט זי געטענהט. — צו וואָס מיר דײַן פֿרײַנט? אויב איך האָב נישט דיך, טאָ צו וואָס דאַרף איך אים?

די מוטער איז געווען אויף מאַנפֿרעד'ס צד; זי האָט פֿאַר אים געהאַלטן מיט אַזאַ ברען, אַז דאָס האָט דערצערנט ווירגיניאַ'ן. מעגליך, דאָס דער געדאַנק וועגן דער נאָענטער צעשיידונג האָט זי אויפֿגערייצט, אַז זי האָט זיך כסדר קעגנגעשטעלט. אָבער מאַנפֿרעדס פֿאַראומעטער פּנים האָט אין איר אויך אויפֿגעוועקט רחמנות. זי האָט געפֿילט, אַז זי טוט אים אַן עולה דערמיט, וואָס זי פֿאַרעכנט זײַן געליבטען פֿרײַנט צו דער כאַפּטע גלײַכגילטיקע מענטשן. — נעם נישט דאָס אַזוי טראַגיש — האָט זי לסוף געזאָגט — צו וואָס זאָל מען זיך שפּאַרן? אַלזאָ, גיב אים דאָ אַהער, דײַן באַרימטן ערווין ריינער.

— נו, געלויבט איז גאָט! — האָט מאַנפֿרעד זיך אָפּגערופֿן מיט פֿרייד. — דו ווייסט אַפֿילו נישט, ווי דאָס פֿרייט מיך. „דעם באַרימטן ערווין ריינער“—האָט ער איבערגעחזרט מיט אַ שמייכל; דאָס איז נישט קיין שפּאַס, ווירגיניאַ. ערווין ליבט טאַקע אָן צו ווערן באַרימט.

— איז נאָך ערגער.

—פֿאַרוואָס?

— אויב אַזוי איז ער נישט בלויז רײַך, נישט בלויז הויך געבילדעט, נאָר אויך באַרימט. דעריבער וועט ער נישט שטאַרק

אַרײַנכאַפּן זיך אין אונזערע פֿיר ווענט.

מאַנפֿרעד האָט שוין לאַנג געפֿילט, און די דאָזיקע באַמערקונג האָט אים פֿאַזיכערט אין דער איבערצײַגונג, אַז ווירגיניאַ האָט געווייטיקט איבער דער אָרעמקייט פֿון זייער עקזיסטענץ. ער האָט איר דאָס מוחל געווען. אַן אײַנגעבוירענע שטרעבונג צום אַרויס די שיינקייט צו דער וועלט. איינזאַמקייט און באַזונדערקייט קלעפּן זיך נישט צו איר און דינען איר נישט.

מאַנפֿרעד איז נישט געבליבן אויף נאַכטמאָל. ער האָט נאָך געוואָלט אַוועק צו ערווינען. די ווילע איז געלעגן אין פּעצלײַנדאָרף. ביז מאַנפֿרעד איז אַהינצו דערפֿאָרן מיטן טראַמוויי איז שוין געווען האַלב צען. — זײַן דורכלויכט האָט געמוזט גיין אויף אַ פֿאַרלעזונג — האָט ערקלערט דער דינער אין וועסטיבול — ער וועט קומען אום צען.

מאַנפֿרעד האָט באַדויערט, וואָס ער האָט זיך און ווירגיניאַ צוגענומען אַ שעה צײַט. ער איז אַרײַן אין דער ביבליאָטעק, כּדי דאָרט צוצוואַרטן ביז ערווין וועט צוריקקומען. ער האָט זיך געזעצט אין אַ געוויסער ווײַט פֿון דעם שיינעם מאַרמאָר־אײַוועלע און אַרײַנגעקוקט אין דעם פֿײַער. אים האָט באַהערשט אַ געוואַלטיקע אומרואיקייט, און האָט פּלוצלינג דערזען אַ וואונדערבאַרע וויזיע.

עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט פֿאַר'ן קאַמינען ווירגיניאַן, אַן אַנגעבויגענע ווי די דינסטן, ווען זיי צינדן אָן פֿײַער, אָן אײַנגעבויגענע, אָבער אַן אומבאַוועגלעכע. ער האָט קיינמאָל נישט געזען אירע צעפֿלאָכטענע האָר; איצט זענען זיי געווען אַראָפּגעלאָזן, זענען געפֿאַלן אויפֿן דיוואַן שאַפֿנדיק גרויסע קרייזן. ער האָט זי קיינמאָל נישט געזען באָרוועס; איצט זענען אירע קנעכל געווען נאַקעט. זי האָט געטראָגן אַ גרין קלייד, אין וועלכן ער האָט זי קיינמאָל נישט געזען, אַ מין שלאָפֿראָק, און אירע אַנטבלויזטע אָרעמס האָבן, מיט אַ באַוועגונג פֿון העכסטער פֿאַרצווייפֿלונג, זיך צוגעדריקט צו ביידע זײַטן קאָפּ.

אַזוי איז זי געשטאַנען אומבאַוועגלעך.

מאַנפֿרעד האָט אומגערן זיך אַראָפּגעבויגן, אָבער די פֿאַרגעפֿלטע דערשײַנונג איז נישט פֿאַרשוואונדן. עס האָט ערשט אָנגע־

הויבן פֿאַמעלעך זיך צוצעפּליסן, ווי אַ וואָלקן אונטער די שטראַלן
פֿון דער זון. מאַנפֿרעד האָט געטרייסלט מיטן קאָפּ קלאָגנדיק זיך
אין דער נשמה אויף זיינע אָנגעצויגענע נערוועז, וואָס האָבן אים
אָנגעפֿירט די וויזיע, וועלכע מאָלט אים באַצייטנס די בענקשאַפֿטס-
ליידן, און וואָס ווייזט אויס דאָס גליק פֿון באַזיצן און צוריקקער.
זיין פֿילנדר האַרץ איז געווען פֿול מיט גלויבן, און דאָס געפֿיל, מיט
וועלכן ער האָט געוואַרט אויפֿן פֿריינט, האָט ניט באַקומען דעם
מינדסטן פּנים צוליב דער אימהדיקער וויזיע.

# אַפּשיר

ערווין רײַנער האָט געפֿירט אַ לעבן פֿון אײנעם פֿון יענע דרײַ אָדער פֿיר טויזנט פּריווילעגירטע, וואָס באַוווינען יעדע גרויסע שטאָט, אַ לעבן, געשטיצט אויף די יסודות פֿון רײַכטום, וואָס ווײַזט אים צו זײַן באַשאַנקען נאָר מיט הנחות און ניט אונטערגעוואָרפֿן קײן פֿליכטן. ערווינס פֿאָטער האָט דעראָבערט אַ פֿאַרמעגן, שפּעקולירנדיק מיט באָדן אין גרויסן סטיל. אין דער צײַט, ווען רײַנער האָט ניט גערעכנט, אַז די מערב־געגנטן פֿון דער שטאָט זענען פּאַסיק אויפֿצובויען אויף זיי אַ גרויסע צאָל ווילעס, האָט ער באַנוצט דעם נדן פֿון דער פֿרוי אויף אײַנצוקויפֿן אַ באַדײַטנדיקע צאָל גאָרטנס, פֿעלדער און לאָנקעס, וואָס זײַער ווערט האָט גיך אָנגעהויבן צו וואַקסן. זײַן פֿרוי, אַ טאָכטער פֿון אַ גוטס־באַזיצער פֿון לינצער געגנט, אַ פּראָסטע, איז ניט געווען פֿעיק צו פֿאַרשטײן די קאָמבינאַציעס פֿון איר מאַן, טראַכטנדיק זיי אַלס פֿאַרברעכן קעגן די קינדער. זי איז ניט געווען פּאַסיק אַלס לעבנס־חברטע פֿון אַ מאַן אַ שפּעקולאַנט. אַ היפּאָכאָנדרישע זאָרג האָט אַ תל געמאַכט פֿון איר געזונט, צוויי קינדער אירע זענען געשטאָרבן צוליב שוואַכקײט; ערווינס איז געקומען אויף דער וועלט האַלב־טויט. ערווין איז געווען דער לעצטער, און די מוטער איז געשטאָרבן אַ יאָר נאָך זײַן געבורט.

אַרום אים האָט זיך געווענדעט די גאַנצע זאָרג, פֿילבאַרקײט און די פֿירכטליכע ליבע פֿון פֿאָטער. עסן האָט דעם קינד צוגעגרײט אַ גוטער קוכער. ווי אַ פֿירשט האָט ערווין געהאַט אויף יעדן רוף דעם דאָקטאָר; צוליב מורא פֿאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקהײטן האָט מען אים ניט געשיקט אין שול; ווען ער איז אין

פופצנטן לעבנס־יאָר אַרײַנגעטרעטן אין גימנאַזיע, האָט ער אָפּגעשטויסן פון זיך, צוליב זײַן נישט־געזעלשאַפטלעכקײט, אַרויסגערופן חוזק צוליב זײַן פוילקײט, דערוועקט אומווילן דורך זײַן קאַפּריזנעקײט און טיראַנישע שטימונגען. אָבער, יאָגנדיק זיך מיט די חברים, האָבן זיך אַנטפּלעקט זײַנע אומגעווײנלעכע פעיִקײטן. ער האָט איבערגעשטיגן אַלע; די לערער און שילער האָבן זיך איבערגעגעבן זײַן איבערמאַכט, וואָס איז פאַר די ערשטע געווען צו־אָפן, כּדי זי צו פאַרלײקענען, און פאַר די צווייטע צו־אַנגענעם, כּדי זי איבערצושפּאַרן. ער האָט פאַרמאָגט אַ זכּרון ווי דער קאַרדינאַל מעזאָפאַנטי, אַ גרויסע געשיקלעכקײט אײַנצוזאַפּן אין זיך פאַרשידענע וויסנשאַפטן, וואָס עס האָט אַרויסגערופן פאַרוואונדערונג אפילו בײַ פאַכמענער. די שול־אַרבעט איז בײַ אים געווען אַ פאַרווײלונג. אין אַכצענטן יאָר האָט זײַן באַלעזנקײט זיך געגרענעצט מיט אומוואַרשײַנלעכקײט; אַ חוץ דעם האָט ער געשריבן לידער און געשפּילט; געפאָרן אויף פערד און פאַרנומען זיך מיט פעכטערײַ, גימנאַסטיק, שווימערײַ און פוסבאָל, און אַ דאַנק די דאָזיגע איבונגען האָט זיך זײַן קערפּער פאַרהאַרטעוועט; די מוסקולן זענען שטאַליק געוואָרן, די הויט פעסטער, דאָס גאַנצע געשטאַלט שטײַפער, די באַוועגונגען ענערגישער, די האַלטונג שענער און דער טריט עלאַסטישער און בויגזאַמער.

אין דער אוניווערזיטעט האָט ער געהערט נאַטור־וויסנשאַפטן, פילאָזאָפיע און קונסט־געשיכטע. אויפן זעקסטן סעמעסטער האָט ער אָנגעשריבן זײַן דאָקטאָראַט: וועגן אינדיווידועלן און היסטאָרישן שורש אין דער פּאָרטרעט־מאָלערײַ, וואָס האָט געווינען פאַר אים די אָנערקענונג פון געלערטע. ער האָט דעמאָלס געשטרעבט צו צוויי צילן: צו ווערן אַ דאָצענט און אָנגענומען צו ווערן אין זשאָקעי־קלוב. דאָס ערשטע איז געווען אַ פראַגע פון צײַט, דאָס דערגרײכן ס'צווייטע האָט זיך אים אײַנגעגעבן אַ דאַנק זײַן פעיִקײט אויסצונוצן זײַנע אַריסטאָקראַטישע באַציאונגען. ער איז געווען שטאָלץ, וואָס זײַן מוטער האָט געשטאַמט פון הויזשאַניץ פאָן יאָגסטבורג, וואָס האָט באַקומען דעם אַדל־טיטול

בעת דער קאָנטר־רעפאָרמאַציע. אין הסכם מיט זײַנע שטרע־בונגען איז זײַן צײַט געווען אײַנגעטײלט אַזוי, אַז זי זאָל באַפרידיקן די אַרבעטס־פליכטן און די פאָדערונגען, וואָס דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט אויף אים אַרויפגעלייגט ; און אַלגעמיין האָט ערווין ווי צום בעסטן געקאָנט אָפּהיטן אָרדענונג און געווינהאַפט אויספירן זײַנע פּלענער.

דער אַלטער רײַנער, וועלכער האָט באַשיידן אײַנזאַם געלעבט ווי אַ קלײנער סוחר, האָט דעם זון באַשטימט אַ יערלעכע פּענסיע פון טויזנט קראָנען. די ווילע און די הויז־אויסהאַלטונג האָבן געקאָסט אַ פערט־חלק פון דער ראָזיקער סומע. ערווין האָט זיך באַרעכנט מיט דער קעכין ווי מיט אַ באַלעבאָסטע, וועלכע איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן מאַן. ער האָט געוואוסט די פּרײַזן פון פלייש, מעל, צוקער, פּרוכטן, גרינסן, קאַווע, מילך, האָלץ און קוילן. באַשווינדלן אים איז געווען כמעט אוממעגלעך. ער איז ניט געווען פאַרשווענדעריש און ניט קאַרג. ער איז געווען אַ הער פון זײַן געלט, ווייסנדיק זיך צו צוימען אין די אויסגאַבן און היטן זיך פון איבעריקע הוצאות. אָט דער פּראַקטישער חוש און איינזעעניש האָבן פאַר אים געווינען דעם מיט פינף יאָר יינגערן מאַנפרעד, וועמענס ראָמאַנטישע שטימונג האָט געפינען אין ערווינען אַ באַדײַטנדיקן גײַסטיקן אָנלען. זײַן טיפע מענטשן־קענטניש, פלינקער און דרײַסטער אורטייל, גרינטלעכע אויסבילדונג, אויסגעצייכנטער געשמאַק האָט שטאַרקער געווירקט אויף מאַנפרעדן, איידער דאָס גאָר גוטע באַנעמען זיך פונם פרײַנט.

די דאָזיקע פרײַנטשאַפט איז ניט געווען קיין אויסגע־פּרוווטע. דער הײַנטיקער יוגנט זענען פּרוווען פון פרײַנטשאַפט פונקט אַזוי אומבאַקאַנט, ווי דעם טעאַטער די מאָרדן פון אַלטן סטיל. מען רעדט צווישן זיך און עס זענען פאַראַן די זעלביקע אנשויאונגען ; מען פירט ופּוחים בלויז כּדי זיך צו איבערצײַגן, אַז עס זענען פאַראַן גלײַכע אנשויאונגען. מען איז זיך ווײַט פון דער מהומה, ווײַט פון געשעהענישן, גראָד ווי די צײַט וואָלט אירע תהומען הויך אַריבערגעטראָגן איבער די קעפּ, און דער שיקזאַל וואָלט אונטער די טריט אויסגעשאַלט זײַנע געזאַנגען.

דאָס יאָר איז אַרומגעריגעלט מיט אַ הויז, אַ נישט דורכדרינגלעכע מויער רינגלט אַרום דאָס יאָר און דעם טאָג. און פֿאַרן טויער וואַכט פּאָליציי. אָ. מענטש בײַם וואַרעמען אויוון, אויב עס דאַכט זיך אַמאָל, אַז ס'רעדן בלײַכע, איז בײַטן אויפֿגעאַקערטע דערשײַנונגען, וואָס טויכן אויף פֿון אונטער דער ערד, פֿון דאָרט, פֿון וואַגען דער שיכזאַל וועבט זײַנע לידער, — שטילער, פּאַראַלי־טונגסווערטער מענטש בײַם געהײצטן קאַמין, טרעט־אָפּ בײַ אונז, הער און זע!

ווען מאַנפֿרעד האָט דערהערט די זיך דערנענטערנדיקע טריט פֿון זײַן פֿרײַנט, האָט זיך אים מאָמענטאַל אויסגעוויזן, ווי ער וואָלט דעם דאָזיקן פֿרײַנט נישט געקענט. וואָס ווייס איך אײַגנטלעך וועגן אים? האָט ער געטראַכט אַז אומרויקער; איך קען זײַן פּנים, זײַן לעבעדיקן שטערן, באַוועגלעכע אויגן, געשיקטע הענט, גראַציעזן געשטאַלט, זײַן שטים, וואָס איז דאָ העל, דאָ טריב — אָבער וואָס ווייס איך וועגן אים?

ווען ערווין איז אַרײַן אין צימער אַ פֿריילעכער און צע־שמייכלטער, האָט ער געשאַפֿן אַרום זיך, ווי תמיד, אַן אַטמאָס־פֿערע פֿון סימפּאַטיע. מאַנפֿרעד האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט זיך וועלן באַפֿרײַען פֿון דער דערמאָנונג פֿון אַ שלעכטן חלום.

— וואו ביסטו געווען? — האָט ער געפֿרעגט.

— ווען דו זאָלסט נישט זײַן אַזוי פֿויל און אַזוי פֿאַרליבט, וואָלסטו געקאָנט דעם אָוונט נוצלעך פֿאַרווענדן — האָט ערווין אָפּגעהאַקט. — אַ דעניִשער רײַזנדער צום דרום־פּאָל, אַרענסען, האָט געהאַט אַ פֿאָרלעזונג אין דער געאָגראַפֿישער געזעלשאַפֿט. מיר איז געגאַנגען דערין, אַז איך זאָל אים הערן. איך גלויב נישט, אַז אַלעקסאַנדער זאָל מקנא־זײַן דיאָגענעסן, אָבער דיאָ־גענעס וואָלט, נאָך מײַן מיינונג, געווען אַ חזיר, ווען ער זאָל אַלעקסאַנדערן נישט באַוואונדערן פֿון גאַנצן האַרצן. איך קאָן אַלי־פֿאַרשטיין: איבערטראָגן גיהנמדיקע אומבאַקוועמלעכקייטן, ליי־דן הונגער און דורשט, דורכמאַכן אַ צוויי מאָל זעקס־חדשימדיק־ווינטער, לאָזן זיך צווישן ברויזנדיקע שניי־שטורעמס איבער אָפּ־

גריינטן פֿון אײן־בּערג, ווידמען זיך ווינטשאַפֿטס־פֿאָרשונגען אין אַ בּוך פֿון ברעטער, וואָס שטינקט פֿון אייל און קוילן, טיילן די איינזאַמקייט מיט די חברים, וועלכע ווערן דעם מענטש ניך פּערמיאוסט, פּונקט ווי אַ העמד, וואָס מ'קאָן קיינמאָל נישט אַראָפּנעמען פֿון לײַב; גוט, איך קאָן דאָס אַלץ פֿאַרשטיין. אָבער נעמען אויף זיך אַ באַשלוס אַזוי צו לעבן, ניין, דאָס קאָן איך שוין נישט באַגרייפֿן. אַזאַ באַשלוס מוז זײַן אַ משוגעת. איך האָב זיך צוגעקוקט צו דעם מענטש. אויף זײַן פּנים איז אויפֿגעשריבן די פּיקס־אידעע, דורך וועלכע עס זענען געבונדן די מענטשן פֿון טאַט. די דאָזיקע מענטשן זענען דראַמען, פּאָעמען, געזאַנגען פֿון גאָט. דאַקעגן מיר, מיר זענען נודנע קאָמעדיאַנטן, טרוקענע באַטראַכטונגען, נאַטוראַליסטישע קווי־פּראָ־קוואָס, מאַקולאַטור.

ערווין האָט דאָס אַלץ געזאָגט פֿלינק, לעבהאַפֿט זשעסטיקולירנדיק, בעת דער דינער האָט געדעקט דעם טיש צום אָוונטברויט.

— האָסט שוין געגעסן? — האָט ערווין געפֿרעגט — ניין? טאָ זיץ. וויכטעל! אַ טעלער און אַ סערוועט.

ווען מאַנפֿרעד האָט זיך אַוועקגעזעצט קעגנאיבער אים, האָט ער ווײַטער געצויגן:

— אַנטשולדיק מיר פֿאַר דעם „מיר“, וואָס איך האָב פֿריער געבּרויכט. איינגנטלעך האָב איך אין זינען נאָר זיך. אמתע עגאָיסטן, שטענדיק זיך, זאָגן שטענדיק „מיר“. דיר איז דאָס נישט נוגע. דו ביסט אַ טרוימער. איבעריקנס, דיר איז געלונגען צו געבן אַ אינהאַלט דײַן לײַדנשאַפֿט, וואָס מיר האָט זיך קיינמאָל נישט אײַנגעגעבן. איך וועל נישט פֿעיק זײַן צו ליבן, איך קאָן נאָר האַסן. מײַן לײַדנשאַפֿט קילט אָפּ, ווען איך דערגרייך די זאַך, מײַן האַרץ ווערט אוממעכטיק, ווען איך באַזיץ. פֿאַר איינעקע וואָכן האָב איך באַקענט אַ יינג מיידל, נישט וויכטיק וואו, און נישט וויכטיק ווער זי איז. איך זאָג דיר, אַ פֿרישע און אַ שמעקנדיקע ווי אַ פֿעלד־בּלום, און צוויבערנד ווי קיין איינע אין דער דאָזיקער שווינער שטאָט. איך האָב געהאַלטן פֿאַר אַ

אומגליקלעכקייט אױפֿצוװעקן און איך די לײדנשאַפֿט. און איך האָב דאָס אומגאַנצן ניט געװאָלט; מיך האָט װײ־געטאָן אױפֿן געדאַנק, אַז די אומשולדיקייט האָט געקאָנט אַראָפּפֿאַלן פֿון די שטערן־ספֿערן. אַן אומשולדיקייט, זעסטו, איז שױן דאָס אײנמאָל! דאָס איז אַ געטין, פֿאַר װעלכער איך װאָלט געקאָנט פֿאַלן אױף די קני און מתפּלל זײַן! אָבער אומשולדיקייט איז קענטיק נאָר אַ פּראַכט און ניט קײן װירקלעכקייט. נו, און זי — צװײ חדשים האָט דאָס געדױערט, איז זי געקומען אַ טוליענדיקע װי אַ קעצל, אַן אומעטיקע און אַ פֿילגרע, װי שױן אַ דערפֿאַרענע. דאָס האָט מיר װײ געטאָן. איך האָב זי גענומען, פֿאַרשטײט זיך, כ'האָב זי גענומען, אָבער מיט בײזקייט, מיט פֿאַראַכטונג, און דערנאָך האָב איך איר געגעבן צו פֿאַרשטײן, אַז אַלץ איז צװישן אונז געענדיקט. איך בין געװען מער פֿאַרכשופֿט, שטאַרקער צעשטרײט, װי זי, קאָנסט מיר גלױבן.

— האָסט זי צעבראָכן — האָט מאַגפֿרעד קורץ באַמערקט.

ערװין האָט באַװעגט מיט די הענט.

— זי האָט געװאָלט זײַן צעבראָכן — האָט ער אָפּגעהאַקט.

— האָסט זיך דאָס צופֿיל לײַכט געמאַכט — האָט מאַנפֿרעד געזאָגט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — מאָמענטנװײַז האָב איך דעם אײַנדרוק, װי דײַן דעמאָן האָט דיך פֿאַרנאַרט אױף אַן אומװעג, כּדי דיך צװוערגן.

— װען כאָטש דאָס! — האָט ערװין אױסגערופֿן. — דאָס איז בעסער אײדער פֿליען משוגע דורכן לעבן, װי איצט, צװישן טאָט און באַשלוס. אָבער לאָמיר װאַרפֿן די טעמע. אַלץ קלינגט אַזױ הױך, און איז אַזױ פּראָסט װי אַ הספּד בעת אַ לויה. װען פֿאָרסטו אַרױס?

— איבערמאָרגן.

— און דײַן מײדל? װי פֿאַרקוקט זי זיך אױף אַזאַ לאַנגער צעשײדונג?

— באַנוץ ניט דאָס װאָרט „דײַן מײדל“. — האָט מאַנפֿרעד באַמערקט אומגערן. — איך האָב דיך טאַקע געװאָלט בעטן, אַז דו זאָלסט מיט מיר מאָרגן גײן מיט מיך צו װירגיניאַן. כ'װיל

דיך באַקענען מיט איר.

— איך בין זיך משער, אַז די האָסט עס עגדליך זוכה געווען, אַז זי זאָל אײַנשטימען אויפֿצונעמען אַ מכשול אין שטוב אַרײַן. — האָט ער געזאָגט — אָבער איך וועל איר באַלד זאָגן, אַז איך וועל נישט מאַכן קײן גרויסן געברויך פֿון מײַנע רעכט אַלס אַפּוטרופּס.

— טו ווי די האַלסט פֿאַר ריכטיק — האָט מאַנפֿרעד זיך אָנגערופֿן. — יעדנפֿאַלס וועסטו נישט שטערן זיך. האָסט זיך אויך נישט וואָס צו שרעקן, אַז די וועסט זײַן צופֿיל פֿײַערלעך, אויב די וועסט צוזאָגן, אַז די פֿרײַנטשאַפֿט וואָס די פֿילסט צו מיר, וועסטו איבערגיסן אויף איר. זי איז אַליין, אַן אומבעהאָלפֿענע. איר מוטער קאָן מען כמעט נישט פֿאַררעכענען. ס'איז אַ ווײַטיקלעכער געדאַנק איבערצולאָזן אַזאַ באַשעפֿעניש איינע אַליין. רוף דאָס אָן הויכע פֿאַנטאַזיע, רוף עס אומגלויבן, רוף ווי די ווילסט. איך וואָלט נישט געפֿאָרן, ווען כ'וואָלט דיך נישט געקענט.

— אָבער ליבער, טײַערער מענטש! — ערווין האָט זיך אָפּגעשטעלט און צו מאַנפֿרעדן אויסגעשטרעקט בײדע הענט, וועלכע יענער האָט אָנגענומען מיט אַ ציטער, אַ געריטער פֿון דעם אומגעהויערן אויסברוך פֿון האַרציקײט. — איך בין דיר צו דינסט אָן באַוואָרעניש — האָט ערווין געזאָגט אַ צעוואַרעמטער. — כ'וועל גערן נעמען אויף זיך די גאַנצע פֿאַראַנטוואָרטלעכקײט. האָסט מײַן וואָרט, אַז איך וועל די זאַך טראַקטירן גענוי אַזוי, ווי די פֿאַרשטייסט זי.

— אַ דאַנק, טויזנטער דאַנק, — האָט מאַנפֿרעד געענטפֿערט.

— מיר איז דאָך גאָר נויטיק זיכערקײט, אַז איז אַ נויט וועסטו זײַן נעבן איר. וועסט מיר באַ געלעגנהייט מיטטײלן וועגן איר געזונט, שטימונג, וועגן דעם, ווי זי זעט אויס. וואָס זי זאָגט און טוט, אַט איז אַלץ. איך ווייס, אַז די באַזיצסט גענוג געשיקטקײט, כּדי נישט צו ווערן פֿאַר איר אַ שטערונג און נישט אַרויסווײַזן אין מינעם פֿון אַ קאָנטראָלער.

בײדע האָבן זיך פֿונאַנדערגעלאַכט.

— איך מוז דיר ווײַזן איר בילד — האָט מאַנפֿרעד געצויגן, אַרויסנעמענדיק פֿון דער טאַש אַ נישט גרויסע קאַרטע און זי דער־

לאַנגט ערווינען. — זי האָט ענדליך דערפֿילט מיין ביטע און זיך געלאָזט פֿאָטאָגראַפֿירן.

ערווין האָט גענומען די פֿאָטאָגראַפֿיע און זי אַוועקגעלייגט. דערנאָך האָט ער זי גענומען נאָכאַמאָל, האָט אויסגעצויגן די האַנט און אַזוי פֿון דער ווייטנס זי געהאַלטן פֿאַר די אויגן און זיינע ברעמען האָבן זיך פֿאַרצויגן.

— זי איז דאָ גאָרנישט פֿאַרשענערט, — האָט מאַנפֿרעד צוגעוואָרפֿן נאַיוו.

— צום טייוול... יאָ, — האָט ערווין געמרוקעט. — אַ שיינע, באמת, אַ שיינע. כ'האָב שטענדיק געטראַכט, אַז דו טרייבסט איבער, און ביי זיך פֿלעג איך אויסלאַכן זיך פֿון דיינע שילדערונגען אָבער דאָס איז דאָך אַ געענדיקטע שיינהייט.

— און וואָס נאָך.

— נאָך? מער קאָן שוין נישט זיין. דערין ליגט אַלץ.

— ווען מיר וואָלטן געלעבט אין די צייטן פֿון פּלאַטאָן, וואָלט איך געזאָגט: אַ פֿולקומע צנועה. אָבער היינט זאָרגט מען נישט דערפֿאַר.

— געוויס. אַ צנועה האָט תּמיד אין זיך עטוואָס פֿאַרשימעלטעס. אַן אַבשוילעכער באַגריף.

— אַלזאָ, לאָמיר דאָס אָנרופֿן אומשולדיקייט, הגם דו לייקנסט אין אומשולד.

— צי איז דאָס נישט אַמאָל אין סתּירה צו שעמעוודיקייט, זאָגן ווען עמיצן, אַז ער איז אומשולדיק? — האָט ערווין געפֿרעגט אַ פֿאַרטראַכטער. מאַנפֿרעד האָט אַראָפּגעלאָזן דעם שטערן אָבער צו וואָס די באַצייכנונג? הער זשע, פֿריינט, פֿאַרבראָיך און וואַרף אַוועק די קאָמענטאַרן. ווערטער פֿאַרניכטן אַלץ. און שליידער דאָס רינגעל אין וואַסער אַריין, ווי פּאָליקראַטעס, וואָרום דו ביסט ווערט מ'זאָל דיך מקנא זיין.

וויכטעל האָט ערווינען דערלאַנגט אַ וויזיט קאַרטע, אויף וועלכער עס איז געווען דער נאָמען: אָ ט אָ ק אַ ר ג ר אַ ף פֿ אַ ל ע ס ט ע ר. ערווין האָט זיך צעלאַכט. — דער גוטער גראַף באַווייזט זיך שטענדיק אין האַלבער נאַכט. וויכטעל, איך בעט אַהערגעבן

קאַלטע צובײַס, — האָט ער זיך געװענדעט צום דינער — דער הער גראַף האָט אודאי נאָך נישט געגעסן קײן אָװנט־ברױט.

גראַף פֿאַלקעסטער איז געװען אַ הױכער, שלאַנקער יונגערמאַן, אַ שטילער מיט אַן אױסגעצײכנטער האַלטונג. ער האָט געהאַט אַ בלאַס פּנים, אַ רױטלעך, שפּיציק בערדל, גלאַט־בלאָנדע האָר און אומעטיקע הימל־בלאָע אױגן װי קאָר־בלומען. זײַן קלײדונג האָט איבערצײַגט אין דער רײנקײט און פּלײסיקײט פֿון דעם מענטש, װעלכער האָט פֿאַר אַלעם זיך באַמיט צו באַהאַלטן פֿאַר דער װעלט זײַן אָרימקײט. ביז נישט לאַנג איז ער געװען אַ פּלאַץ־אָפֿיציר; מיט אַ יאָר צוריק האָט ער צוליב אומבאַװאוסטע סיבות זיך אָפּגעגעבן אין דעמיסיע און געװאױנט מיט אַ געװיסע פֿרױ אין אַ געהײמער באַהעלטעניש אױף דער פֿאָרשטאָט. ער האָט באַזוכט זײַנע אומצײליקע פֿרײַנט, דאַקעגן די פֿרײַנט האָבן אים קײנמאָל נישט באַזוכט; אַזױ איז עס שױן געװען אָנגענומען. מען האָט געאַכטעט זײַן אָרימקײט און זײַן געהײמניש.

ערװין האָט אים באַקאַנט פֿאַר צװײ יאָר אין קאַירא. שױן דאַמאָלס האָט ער זיך דערװיסט, אַז דער גראַף האָט געהאַט אין זײַן באַזיץ די אַזױ־גערופֿענע „פּראָװײנער“ מיניאַטורן, װעלכע זענען אַזױ באַצײכנט געװאָרן דורך אַ געװיסן זאַמלער אָדער מעצענאַט פֿון אַכצענטן יאָרהונדערט. עס זענען געװען נאָר דרײַ עקזעמפּלאַרן פֿון דעם דאָזיקן װערק; אײנער האָט זיך געפֿינען אין דער ביבליאָטעק פֿון װאַטיקאַן, דער צװײטער איז געװען דאָס אײגנטום פֿון אַ געװיסן לאָרד פּעמבראָקע אין שאָטלאַנד, דער דריטער איז פֿאַר די צײַטן פֿון דער עסטרײַכישער הערשאַפֿט אין טאָסקאַניע געבראַכט געװאָרן דורך אײנעם פֿון דעם גראַפֿס אורעלטערן (די פֿאַלקעסטערס זענען געװען פֿון איטאַליענישער אָפּשטאַמונג) פֿון פֿלאָרענץ קײן װין. די פֿאַמיליע איז װאָס װײַטער אַלץ מער אָרימער געװאָרן, און די דאָזיקע מיטלאַלטערלעכע געמעלן, װעלכע זענען, לױט ערװינס מײנונג, געװען פֿון אומגעהױערן װערט — זענען איבערגעגאַנגען פֿון פֿאָטער צו זון אַלס אַן אַבערגלױבעריש־אָפּגעהיטענע ירושה. מען האָט געגלױבט, אַז דער פֿאַמיליען־נאָמען פֿון די פֿאַלקעסטערס װעט נישט פֿאַרלױרן

גײַן, נײַן, אַזױ לאַנג װי דער דאָזיקער אוצר װעט פֿאַרבלײַבן דאָס אײגנטום פֿון דער פֿאַמיליע, דערװײַל דעם נאָמען אַ גלאַנצפֿולע צוקונפֿט. גראַף אַטאַקאַר האָט גישט געהאַט די מעגלעכקײַט צו באַצירן דעם אַרכיװ פֿון זײַנע אורפֿאָטערס פּאַלאַץ; און הגם ער האָט די געשיכטן, װאָס זענען געװען פֿאַרבונדן מיט די דאָזיקע מיניאַטורן, באַטראַכט פֿאַר לעגענדעס, האָט ער די װערק געהיטן װי אומבאַרירלעכע.

מיט אײניגע װאָכן צוריק האָט ער געבראַכט דאָס דאָזיגע בוך, כּדי עס צו װײַזן ערװינען. עס געניגט צו װאַרפֿן אַן איבער־בלעטלעכן בליק, כּדי צו האָבן די זיכערקײַט, אַז דאָס איז געװען אַן אָריגינאַל. דרײַ עקזעמפּלאַרן, צעזײַעט איבער אײראָפּע, האָבן אַמאָל געבילדעט אַ גאַנצקײַט, אָבער ערװין, װעמען עס איז גע־װען באַקאַנט דער רוימישער עקזעמפּלאַר, האָט געשטעלט פּאַלעס־טערם מיניאַטורן באַדײַטנד העכער, און זײַן פֿאַרלאַנג צו האָבן דעם דאָזיקן אוצר איז געװאַקסן אין דערזעלביקער מאָס, װי עס איז געשטיגן דער װידערשטאַנד, אויף װעלכן ער האָט זיך אָנ־געשטויסן, װען זײַנע פֿאַרשלאַגן האָבן אָנגעהויבן װערן צופֿיל אײַנגעקשנט און פֿאַנטאַסטיש, האָט גראַף פּאַלעסטער זיך פֿונאַנ־דערגעלאַכט אַ נאַכגעביקער און צוגעזאָגט ערװינען, אַז ער װעט אים איבערלאָזן די „פּראָװײַנגעס” בירושה, אויב ער װעט שטאַרבן קינדערלאָז.

— ס'איז מיר צולאַנג צװוואַרטן — האָט ערװין אָפּגעהאַקט. איך װיל נישט ירשענען, איך װיל דעראָבערן.

איצט איז דאָס געשפּרעך אַריבער צו די מיניאַטורן. בעת דער גראַף האָט זיך אַװעקגעזעצט בײַם טיש און גענומען עסן, װי מען עסט אין אַ רעסטאָראַן אַ באַשטעלטן נאַכטמאָל — האָט ערװין געפּרוּװט פֿאַרזיכטיק און כיטרע זיך צורירן צו דער דאָ־זיקער טעמע.

— װאָס שטעלן מיט זיך אײגנטלעך פֿאָר די בילדלעך? — האָט מאַנפֿרעד געפֿרעגט.

— דאָס זענען לעגענדעס פֿון הײליקע — האָט ערװין אויפֿ־געקלערט; — געמאָלן פּרימיטיװ און פֿרײַ, אָבער גלײַכצײַטיק

מיט שווינג, וואָס האָט גישט צו זיך קיין גלייכן.

— ס'איז מעגלעך, — האָט מאַנפרעד געזאָגט — אָבער נישט קאָנקרעט דערויף, פאַרשטייט איר נישט דיין וואונש. די וועלט איז פול מיט קונסטווערק, באַקאַנטע און אומבעקאַנטע; פאַרוואָס זאָל די טיראַנישע ליטעראַטור פאַרגעסן פון קרעמפירן דעם היגער פון געגנט?

גראַף אָטאָקאַר האָט מילד געקוקט אויף מאַנפרעדן, נאָר ער האָט געשוויגן, כדי ערווינען נישט צו שטערן ענטפערן. ערווין האָט צוגעפליגעלט בייזע הענט-פלאַכן און געזאָגט מיט אַן אויסדרוק פון אַנטשלאָסנקייט און הויך: — די וועלט איז גרויס אָבער קליין, עס ווענדט זיך ווי אַזוי מען פאַרשטייט זי. גרויס איז זי פאַר די, וואָס זענען נישט פונאַנדערקלייבעריש; קליין איז זי פאַר יענע, וועלכע קאָנען קלויבן; גרויס פאַרן אויג, קליין פאַר דער האַנט, איך בין נישט קיין מענטש פון אויג. איך מוז באַזיצן, איך מוז כאַפּן מיט דער האַנט, איך מוז שפירן צווישן די פינגער און האַלטן, אפילו ס'זאָל שמעקן מיט געפאַר פון פאַרניכטונג.

— יאָ, דאָס איז דער פונקט, און וועלכן עס ענדיקט זיך נאָט און עס הויבט זיך אָן כאַאָס — האָט גראַף אָטאָקאַר געזאָגט טרוקן.

דער וכּוח האָט נאָך געדויערט איינציקע מינוט; דערנאָך איז דער גראַף אויפגעשטאַנען און זיך געזעגנט. מאַנפרעד, פילנדיק זיך מיד, האָט נאָכגעטון זיין ביישפיל, אָפּשמועסנדיק זיך מיט ערווינען אויפן קומענדיקן טאָג.

ווען ער איז אַרויס פאַלעסטערן אויף דער ליידיקער גאַס, איז געפאַלן אַ שניי. ווינפיל מאָל איך גיי אַרויס פון ערווינען, בין איך אויפגערייצט — האָט מאַנפרעד זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן — ער קאָן מיך אַריינברענגען אין אַמביציע.

— אַן אינטערעסאַנטער מענטש, אַן אומגעוויינלעך טשיקאַווער מענטש, — האָט דער גראַף לאַנגזאַם זיך אָנגערופן. — איך וואָלט פונדעסטוועגן געוואָלט זען זיין פנים, ווען ער איז אַליין, איינגאַנצן אַליין. ער געהערט צו די מענטשן, וועמענס געזיכטער — ווען זיי זענען אַליין — איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלן. און דער

גרויסער שטאָט, אינעם גרויסן הויז און אין אים דאָס גרויסע צימער... איך האָב דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געווען אַן אַנדערער.

מאַנפֿרעד האָט געקוקט אויף פּאַלעסטערן מיט אַ פֿאַרחידושט שמייכעלע, אָבער דאָס פּנים פֿון גראַף איז געווען ערנסט, כמעט טריב. — איך בין, אין געגנזאַץ צו ערווין ריינער, דער מענטש פֿון אויג. איך זע זייער אַ סך און מיך מאַטערט דאָס, וואָס איך קען נישט זען. ניין און אַ האַלב יאָר האָט מיין בליק גערוט נאָר אויף דער אומענדלעכער אויבערפֿלאַך פֿון אָקעאַן. איצט איז פֿאַר מיר אַלץ פֿאַרשלאָסן, דאָס לעבן און די מענטשן. איך קום זיך פֿאָר ווי אַ פֿאַרמשפּטער אין די שטיינגרובן. וואוהין איז אייגנטלעך געווענדעט אייער רייזע?

— דורך מאַדאַגאַסקאַר און צייַלאָן קיין סומאַטראַ, אויסטראַליען, פּאָלינעזיען.

— מאַדאַגאַסקאַר, צייַלאָן, סומאַטראַ, — האָט דער גראַף איבערגעחזרט אין פֿאַרטראַכטקייט. — און דאָס אַלץ עקזיסטירט. איצט, ווען מיר רעדן דאָ, רוישן דאָרט די פּאַלמעס. נישטאָ מער קיין רירנדיקס, ווי די השגה פֿון גלייכצייטיקייט. איר וועט בייַנאַכט ליגן אויפֿן דעק, דער ים וועט לויכטן און די מאַשין וועט קלאַפּן ווי דאָס האַרץ.

— איך וואָלט זיך גערן געטוישט מיט אייך — האָט זיך בייַ מאַנפֿרעדן אַרויסגעריסן.

— איך פֿאַרשטיי — האָט זיך אָנגערופֿן דער גראַף — איך פֿאַרשטיי, בפֿרט ווען די נסיעה וועט אייך ענדערן. מיר ענדערן זיך נישט, ווען די איבערלעבונגען שטימען מיט אונזערע פֿאַרלאַנגען. שרייבט מיר אַמאָל פֿון דאָרט, פֿון יענעם עק וועלט.

— זייער גערן.

— מעגלעך, אַז אויך איך וועל אייך שרייבן. איך וועל שרייבן בייַנאַכט, איר וועט דאָס לייענען בייַטאָג, און אַזוי דאַרף טאַקע זיין. איך געזעגן אייך. איר פֿאָרט מיטן טראַמוויי, איך גיי צו פֿוס.

— צופֿוס קיין הויטצינג? — האָט מאַנפֿרעד זיך געוואונדערט.

— יאָ. אין צוויי שעה וועל איך זיין אין דער היים. איך ליי־ נישט דאָס געבילדער פֿון טראַמוויי. צום ווידערזען.

מאַנפֿרעד האָט מיט מיטגעפֿיל געקוקט אויפֿן אָוועקגייענדיקן.

צומאָרגנס דרײַ אַ זייגער נאָכמיטיק איז ער מיט ערווינען געפֿאָרן אויף זײַן אויטאָ צו ווירגיניאַן.

זעענדיק דאָס מיידל, איז ערווין אויף אַ רגע געבליבן שטיין ווי צוגענאַגלטער. מאַנפֿרעד האָט זיך נישט געקאָנט אָנשטויסן, וואָס מיט אים געשעט. ער אַליין איז אויך געווען ווייניקער נאַטירלעך, ווי דער שטייגער איז. דער פֿאַרלאַנג, אַז ערווין און ווירגיניאַ זאָלן זיך געגנזײַטיק געפֿעלן, האָט אים געמאַכט אומזיכער און מיט געשפּאַנטקייט האָט ער אָבסערווירט די האַלטונג און די בליקן פֿון ביידע.

די ליידיקייט פֿון אַ געליבטן איז ענלעך צו מוטער־שטאָלץ אָדער צו דער אומרויִקייט פֿון אַ קינסטלער. מאַנפֿרעד האָט זיך באַמיט אַראָפּצולעזן פֿון ערווינס פּנים, וואָס פֿאַר אַ רושם ווירגיניאַ האָט געמאַכט אויף אים. דאָס מיידל פֿון איר זײַט האָט אָן שרעק פֿאָרשנדיק זיך צוגעקוקט צום חתנס פֿרײַנט. קיינמאָל פֿאַר דעם האָט זי אין מאַנפֿרעדס אויגן נישט אַרויסגעוויזן אַזוי דערהויבן די לאַנגזאַמקייט, וואָס עס גיט צו די שיינקייט, און וועלכע ווערט אפֿשר נאָר דורך שיינקייט פֿאַרפֿירעריש — האָט איר צוגעגעבן ערנסטקייט און ווירדע, וואָס מאַנפֿרעד האָט מיט פֿרייד באַאָבאַכטעט נאָכן אויפֿהייטערן ערווינען.

נאָך אַ שעהדיקן גלײַכגילטיקן שמועס, האָט ערווין זיך אויפֿגעשטעלט. — איך האָף, אַז די ראָל, וועלכע מאַנפֿרעד האָט מיר באַשטימט אויף דער צײַט פֿון זײַן אָפּוועזנקייט, וועט נישט זײַן אײַך אומאַנגענעם — האָט ער געזאָגט, אַנטשועגדיק זיך דעם פֿעלן. — די מושטירונג לאָז איך איבער פֿאַר אײַך אַליין. מיך זאָלט איר טראַקטירן ווי אַ מענטש, וואָס איז צו אײַער דינסט. איר זאָלט פֿאַרגעסן אָן דער פּערזאָן, און געדענקען נאָר וועגן דעם אמת.

ווירגיניאַ האָט שמייכלדיק אים דערלאַנגט די האַנט, וועלכע ער האָט געקושט. — איך וועל נישט זײַן פֿעיק צו קאָמאַנדירן, איר וואָלט מיך באַטראַכט פֿאַר אַ צופֿיל אײַנגעשפּאַרטע. איך האָף, אַז אַזוינס וועט גאָרנישט נויטיק זײַן.

מאַנפֿרעד האָט באַגלייט ערווינען איבער די געדרייטע שטיגן. אויף דעם לעצטן שטאַפּל האָט ערווין זיך פֿאַרהאַלטן און געזאָגט, קוקנדיק דורכדרינגלעך אויף מאַנפֿרעדן: — הער נאָר, עס איז דאָך אוממעגלעך, אַז דאָס מיידל, די... דאַמע, די... אַריסטאָקראַטקע די... דיאַנאַ זאָל שטאַמען פֿון אַזאַ פּאָרפֿאָלק, וואָס דו האָסט מיר געשילדערט...?

אָן קלערן האָט מאַנפֿרעד, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, אָבער מיט אַ צופֿרידן געלעכטערל געענטפֿערט: — וואָסער דורכדרינגלעכן בליק דו האָסט! — ער האָט זיך תּיכּף געכאַפּט, אַז ער האָט געזאָגט צופֿיל; ער האָט געוואָלט צוריקציען די ווערטער, אָבער זיך נאָכמער פֿאַרפּלאָנטערט, און אַ דענערווירטער פֿון ערווינס שטעכיקער מינע, האָט ער באַשטימט, אַז קיין ערגערס וועט ער שוין ניט באַגיין, ווי ער איז באַגאַנגען, אויב ער וועט ערווינען דערציילן בקיצור די געשיכטע פֿון ווירגיניאַס מוטער.

— עס איז קלאָר, — האָט ערווין געזאָגט ערנסט זיך איינהערנדיק — אַזעלכע פּירות גייען ניט אויף אויף די טרוקענע ביימער פֿון בירגערלעכן וואוילשטאַנד. כוואָלט געוואָלט טשיקאַווע פֿון דעם געזיכטספּונקט אויסצופֿאָרשן די אמתדיקע געשיכטע פֿון אונזערע גרויסע מענטשן. ליידער טראָגן זיך איבער דעם שוץ-וואַלן פֿון טויזנטיעריקער צביעות.

— זאָג מיר צו, אַז דו וועסט שווייגן וועגן דעם.

אַ פֿאַרוואונדערטער האָט ערווין אויפֿגעהויבן די ברעמען. — אָ, ווי אַ קבר. — האָט ער אָפּגעהאַקט, גלייך ווי אַזאַ פֿאָדערונג וואָלט מען געקאָנט פֿאַרשטיין נאָר אין דער פֿאָרם פֿון שפּאַס. זיי האָבן זיך געדריקט די הענט און מאַנפֿרעד איז צוריק אַרויפֿגעגאַנגען.

אַלץ, וואָס האָט איצט פּאַסירט, איז שוין געווען בלויז געזעגנונג. מער ווי זיין איינגענער ווייטיק האָט מאַנפֿרעדן געשמערצט דאָס, וואָס אויך ווירגיניאַ האָט פֿאַרלוירן די הערשאַפֿט איבער זיך. ביז האַלבער נאַכט זענען זיי געבליבן אַליין אין שטוב. פֿרוי געמנער האָט זיך שוין געהאַט געלייגט שלאָפֿן.

דער נאָוועמבער-ווינט האָט געבלאָזן אין קאָמין. ווען זיי האָבן

געשווינגן, האָט דער ציטער, וואָס איז דורכגעגאַנגען זייערע לייבער, אויסגעוויזן גרויזאַמער. מאַנפרעדס דלאָניעס האָבן געזוכט ווירגיניאַס הענט און זענען פון זיי פונסניי פאַרשוואונדן. זיינע בליקן האָבן אויסגעדריקט פאַרלאַנגען און דערשראָקענע געבלאָנדזשעט אין די ווינקלען. ער האָט געפילט, ווי דאָס בלוט רינט אין זיינע אָדערן, און די מלבושים זענען אים געווען צו=שווער, ווי אַ שווימעגדיקן זענען לעסטיק פענטעס, וועלכע לאָזן אים ניט שווימען. ווירגיניאַ האָט אויסגעזען צו זיין רויק און אפילו פריילעך; מיט אַ לייכטן שמייכל האָט זי געראַנגלט זיך מיט אַ גרויזאַם פייער; אין דער טיפעניש פון האַרץ האָט זי זיך דערשפירט און געצוימט זיך, — אַ מיטפילנדיקע און דעליקאַטע, אַ בעטנדיקע און צוזאָגנדיקע. וואָס פאַר אַ שטאָלצע זי איז — האָט מאַנפרעד געטראַכט, אַ צוטומלטער פון דער ליבשאַפט; ווי אומבאַזיגט און שיין זי איז!

צום סוף האָט ווירגיניאַ אים אַ קוש געטון אין שטערן און געבעטן, אַז ער זאָל שוין גיין. ער איז אַוועק אַ נידערשלאָגענער, כמעט בייז, בלייך און צעמישט.

אויף מאָרגן בייטאָג (מאַנפרעד איז די דאָזיקע נאַכט ניט געשלאָפן) האָט ער איר געבראַכט אַ רינגל מיט צוויי פרעכטיקע שמאַראַגדן. דאָס איז געווען די ערשטע מתנה, וואָס זי האָט פון אים גענומען. מאַנפרעד איז געווען גרייט, אַלץ איז געווען פאַרגעבריט צו דער רייזע, דער באַגאַזש האָט זיך שוין געפונען אויפן באַן=הויף, און צוויי אַ זייגער האָט מאַנפרעד הערצלעך זיך געזעגנט מיט פרוי געסנער און איז מיט ווירגיניאַן געפאָרן צום וואָקזאַל.

זיי האָבן שפאַצירט הין און צוריק פאַרן צוג. דער מאָמענט פון אָפּפאָר איז אָנגעקומען. ווירגיניאַס פנים איז פלוצלינג געוואָרן בלאַס ווי פאָרצעליי, און ווען זי האָט זיך צוגעטוליעט צו מאַנפרעדס ברוסט, האָט זי זיך פונאַנדערגעוויינט ווי אַ קינד. מאַנפרעד האָט זי צוגעדריקט צו זיך, מיט דער לינקער האַנט האָט ער אַוועקגעבויגן איר שלייער, געקוקט אין אירע אויגן אַריין און דערנאָך אויפגעהויבן זיין בליק. קיין איין וואָרט איז ניט געפאַלן פון זיין מויל, קיין שום אויסדרוק האָט אים ניט געבראַכט

א דערלייכטערונג.

אינדערעם איז אנגעקומען ערווין, כדי זיך צו געזעגנען מיט דעם פריינט. מחמת איילקייט האט ער דערצו באשטימט די לעצטע מינוט. ווען ער האט געזען ווירגיניאן אזוי אנגעבויגן, האט עפעס פון אירע קערפער־ליניען אים פלוצלינג צעמישט. ער האט די אויגן אראפגעלאזן צו דער ערד. ווירגיניא האט אים באמערקט, און באהערשט זיך — א שווערער ווי א זקן, איז מאנפרעד איינגעשטיגן אין וואגאן. ער האט זיך נאך איין מאל באוויזן אין פענסטער; זיין פנים איז געווען צעשטייבלט און פארכמורעט. דערנאך האט דער צוג געריהרט.

# פּרעלודיום

אַרויסגייענדיק פון וואָקזאַל האָט ערווין געזאָגט צו ווירגיניאַן:

— צי קאָן איך איַך, פרײַליין, דינגען מיט מײַן אויטאָמאָביל אויף צוריקוועגס?

ווירגיניאַ האָט קוים דערהערט די פראַגע. אָבער ערווין האָט שוין געעפנט דאָס טירל; אַ פאַרשלונגענע פון ווייטיק, האָט זי, גאָרנישט פאַרשטענדיק, זיך אַרײַנגעזעצט נאָר מיט דעם איינציקן באַגער צו קאָנען זיך ערגיץ אָפּרוען און קאָנצענטרירן זיך. ערווין האָט פאַרגעפילט אירע געדאַנקען און אויסגעדריקט זײַן גרייט-קייט אָוועקצוגיין. ערשט איצט האָט ווירגיניאַ באַמערקט איר ליבלטזיניקייט, וואָס עס האָט זיך שוין נישט געלאָזט פאַרבעסערן. דער געדאַנק, אַז אין דער איצטיקער שטימונג וועט זי מוזן פאַר-ברענגען אין דער געזעלשאַפט פון אַ פרעמדן מענטש אַ פערטל שעה אָדער נאָכמער, איז פאַר איר געווען זייער אומאָנגענעם. אים פראָסט פשוט משלח-זײַן האָט זי נישט געקאָנט, דאָס האָט איר אויסגעוויזן צו זײַן נישט העפלעך און אומדאַנקבאַר. זי איז דעריבער צוגעשטאַנען, אַז ער זאָל מיטפאָרן מיט איר.

— איר מוזט מיר אַנטשולדיקן, אויב איך וועל גאָרנישט נישט רעדן. — האָט זי מיט ציטערנדיקע ליפּן געזאָגט ערווינען, ווען ער האָט זיך אַרײַנגעזעצט.

— פרײַליין, איר וועט זיך איבערצייגן, אַז איך קאָן זײַן אַ נישט-געזעענער. — האָט ער געזאָגט, פאַרטוליענדיק זיך אין אַ ווינקל.

פונדעסטוועגן האָט ער לויט ווירגיניאַס אומרויִקע ווימפּערן באַמערקט ווי דערקענט מיט פרייד, אַז זײַן שטילשווײַגן האָט זי אָנ-

געטרונקען מיט שרעק. ער האָט ליב געהאַט פֿון דער זייט צו אָבסערווירן פֿרויען־אויגן ; אים וואָלט שווער געווען צו זאָגן פֿאַרוואָס.

דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט, ערווין איז אַרויס־געשפּרונגען און ווירגיניאַן דערלאַנגט די האַנט. ער האָט געהאַט אַ מין ריטערלעכן אופֿן פֿון וואַרטן, אָנבויגן זיך און געזעגנען זיך.

— אויף ווידערזען. — האָט ווירגיניאַ פֿלינק אַ זאָג געטון.

אַן אַריינגעטונענע אין רעיונות איז זי געגאַנגען אויף ווייסע, געדרייטע שטיגן. ס׳האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי טרעט אַריין אין אַן אַטמאָספֿערע פֿון לופֿט, מיט וועלכער עס איז לייכטער אָפּצוטעמען. זי איז אַרויפֿגעפֿאַלן אויף דער מוטערס האַלז און זיך פֿונאַנדערגעוויינט.

וואָס איצט? די אַרבעט האָט איר שוין ניט געגעבן קיין באַפֿרידיקונג. איז זי זיך געזעסן און געוואַרט אויפֿן בריוו־טרעגער. דער בריוו־טרעגער איז ניט געווען פֿויל, יעדן פֿרימאָרגן האָט ער געבראַכט אַ ידיעה פֿון מאַנפֿרעדן. איידער ער האָט זיך אַרויפֿ־געזעצט אויף דער שיף האָט ער געשריבן אַ גרויסן בריוו. דער צווייטער בריוו, אַ לייִדענשאַפֿטלעכע געזעגנונג, איז געקומען שוין פֿון דעם דעק פֿון „פֿעניקס“.

און אויך ערווין האָט דערהאַלטן בריוו. ער האָט בדעת געהאַט וועגן דעם מיטצושיילן ווירגיניאַן. וואָלט עס געווען אַן איבעריק אָפּרינגען? יאָ, ס׳וואָלט געווען איבעריק. דאָס האָט אים ניט פֿאַרפֿירט. ער האָט געהאַט ווייניק צייט. זיין טאָג איז געווען אויסגעפֿילט ווי אַ רייזע־טאַש. שטייענדיק פֿאַרן הויז (ער איז געקומען צו פֿוס) האָט ער זיך פֿאַרטראַכט, צי ער זאָל זיך ניט אומקערן. ס׳האָט אים גאָרניט געצויגן אַרויף. ער איז אַוועק אומגערן, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום איז ער פֿון דאָסניי צוגע־גאַנגען צום טויער. פֿאַר די ווייסע, געדרייטע טרעפּ האָט ער זיך ווידער געקווענקלט. אינדעם האָט ער זיך דערמאָנט אָן אַ באַוועגונג פֿון איר קערפּער, אָן דעם אויסבויג אירם מאָמענט, ווען זי איז געפֿאַלן אויף מאַנפֿרעדס ברוסט, יענע סודותפֿולע ליניע, וועלכע האָט אים במעט צעטומלט. דאָס האָט דעצידירט.

ווירגיניאַ האָט זיך געשטיצט מיט קאָפּ־ווייטיק און תּיכּף זיך געוואָלט צוריקציִען פֿון געשפּרעך. ערווין האָט דורכגעפֿילט איר פּונה און געזוכט אַזוינס, וואָס זאָל זי צושמידן. ער האָט אַרויפֿגעפֿירט דעם שמועס אויף איר מאָלערײַ און אויסגעדריקט זײַן וואונש איבערצוקוקן די סקיצן. פֿרוי געסנער האָט פֿרײַנטלעך געברענגט עטלעכע טעקעס. ערווין האָט איבערגעמישט אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל, שענקנדיק פֿלײַסיק זײַן אויפֿמערקזאַמקייט יעדע פּרווו, אין וועלכע ער האָט געזען בלויז אַ דורכשניטלעכן טאַלאַנט.

ווירגיניאַס פֿאַראינטערעסירונג האָט זיך דערוועקט אונטערן דרוק פֿון זײַן קריטיק, וועלכע האָט עדות־געזאָגט וועגן גרינטלעכער זאַך־קענטעניש. ער האָט געטאַדלט די איבערפֿלעכלעכקייט און דעם מאַנגל אין באַאָבאַכטונגס־קראַפֿט.

— יאָ, איך ווייס דערפֿון, — האָט ווירגיניאַ אײַנגעשטימט.

— דערפֿאַר איז פֿאַראַן אויך אַזוי ווייניק טעמפּעראַמענט.

ערווין האָט גערעדט וועגן קונסט, ווי אַ טישלער וועגן טישלערײַ. דאָס איז ווירגיניאַן געפֿעלן געוואָרן; די זאַכלעכקייט האָט איר אימפּאָנירט.

— אײַך פֿעלט סיסטעמאַטישער שטודיום פֿון דער נאַטור און די קענטעניש פֿון די גרויסע מאָדערנע מײַסטער — האָט ער געזאָגט. — איר לערנט זיך בײַ קיינעם נישט?

— דאָס איז טאַקע דאָס אומגליק — האָט ווירגיניאַ ערקלערט.

ערווין האָט איר געראָטן אַרײַנצוטרעטן אין אַ שול, וועלכע איז אים געווען באַקאַנט; איינעם פֿון די דאָרטיקע לערער האָט ער געגלויבט אַלס אַן אומפֿאַרגלײַכלעכן; דאָס איז אַ רעגירונגס־שול, די קאָסטן וועלן, אַלזאָ, זײַן קליינע. און ערווין האָט זיך אונטערגענומען צו באַמיִען זיך, אַז מ'זאָל זי דאָרט אָננעמען.

ווירגיניאַ איז נישט געווען דעצידירט דערצו. — איך בין נישט געוואוינט צו אַרבעטן צוזאַמען מיט אַנדערע — האָט זי געזאָגט.

— מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז איר ווילט נישט, מ'זאָל באַוואוסט ווערן אײַער אומוויסנדייט.

ווירגיניאַ האָט אויף אים געקוקט אַן איבערגעשראָקענע.

— שפּעט ניִשט, ווי גוט איז איר ליב. דאָס קאָן איך ניִשט איבערטראָגן.

זי האָט, וואָס אַן אמת, מורא געהאַט, אַז ערווין זאָל איר קווענקלען זיך ניִשט פֿאַרשטיין אַלס אַ מאַנגעל אין דערוואַקסנקייט. דעריבער האָט זי מסכּים געווען. אינגיכן האָט זי זיך געפֿילט אַ באַלוינטע דערפֿאַר. דער נייער לערער האָט זיך מיט איר באַשעפֿטיקט מיט ערנסט. ער האָט געגעבן לעבן די זאַכן, וואָרום ער האָט אַרײַנגעבלאָזן אַ רוח־חיים איר בליק. ווירגיניאַ האָט פֿאַר זיך דערזען אַ ציל.

די קאָלעגן און קאָלעגינס איז געפֿעלן געוואָרן איר מוט. און איר איז געווען עטוואָס געניִיעס, פֿון אירע ליפּן איז ניִשט געפֿאַלן קיין איין מטושטש וואָרט. איצט האָט זי זעלטן זיך געקאָנט באַקלאָגן, אַז זי האָט ניִשט מיט וואָס אויסצופֿילן דעם פֿרימאָרגן.

די דאָזיקע ענדערונג האָט זי אין זיך באַמערקט מיט צופֿרידנקייט; זי האָט אויך אָפּט דערמאָנט וועגן ערווינס צוהילף. ער איז געקומען איינמאָל אָדער צוויי מאָל אין דער וואָך, און שפּעטער נאָכמיטאָג־שעה אָדער מתחילת־אָוונט, און זײַן געזעלשאַפֿט איז איר ניִשט געווען אומליב. דער פֿאָרטשריט אין אירע אַרבעטן האָט אויסגעזען פֿאַר אים צו זײַן אַ סיורפּריז. — איר, פֿרײַלײַן, דאַרפֿט זײַן דרײַסטער — פֿלעגט ער זאָגן — האָבן אַ טעכניק, דאָס איז ניִשט עפּעס אַנדערש, ווי האָבן מוט. — ער האָט איר דערויף פֿאָרגעשלאָגן צו באַזוכן אַ גאַלעריע. ווירגיניאַ האָט מסכּים געווען און אין אַ געוויסן נאָכמיטאָג זענען זיי געפֿאָרן אין ליכטנשטיינס פּאַלאַץ.

די זעלער זענען געווען ליידיק. דאָס אומגעריכטע געפֿינען זיך אונטער פֿיר אויגן האָט אויף ווירגיניאַן אָנגעיאָגט אַ שרעקעוודיקע שטימונג. ערווין האָט דאָס באַמערקט און איר געזאָגט, אַז די קלײנשטעטלדיקע פֿאָראורטיילן האַרמאָניזירן ניִשט מיט איר פּערזאָן, און זי דאַרף דאָס באַקעמפֿן. ווירגיניאַ האָט ניִשט געענטפֿערט, נאָר זי האָט געקנייטשט די ברעמען.

שטילערהייט פֿאַר דער „באָריסטין" פֿון קאָרפּאָציאַ, האָט ער געהערט וועגן זאַכן, פֿון וועלכע ווירגיניאַ האָט נאָך ניִשט געהערט.

זײַנע װערטער האָבן איר געצװאונגען צו אַנטלױפֿן; זי האָט געפֿילט, אַז זי שטײט נידעריקער פֿון אים, אױב זי איז נישט פֿעיִק צוביגן דעם קאָפּ פֿאַר אַזאַ מאַכט פֿון געפֿיל.

זי איז אַהײמגעקומען אַ פֿאַרטראַכטע. צום ערשטן מאָל האָט איר געשטערט דער מיטערם אַרומפֿאָרן זיך, איר רעדן מיט זיך אַלײן, דאָס אָנדרײען דעם זײגער, דאָס אַרומגישטערן אין די שופֿלאָדן. אין דרײַ טעג אַרום איז ערװין געקומען אַרום עלף אין דער פֿרי; װירגיניאַ האָט גראָד זיך געקליבן צו גײן אין שול אַרײַן. זי האָט זיך געהאַט פֿאַרשפּעטיקט און איז געװען אין אַ שלעכטן הומאָר. ערװין האָט זי פֿאַרבעטן אױף דער עפֿנונג פֿון אַן אױסשטעלונג און איר פֿאַרזיכערט, אַז זי װעט זען אינטערעסאַנטע בילדער און אינטערעסאַנטע מענטשן.

— מיר גײט נישט שטאַרק צו זען אינטערעסאַנטע מענטשן — האָט װירגיניאַ געזאָגט.

— דאָס איז אַ שאָד — האָט ערװין אָפּגעהאַקט בײזלעך.

— שױן בלױז דערפֿאַר, װאָס איך בין נישט פֿאַר זײ געשטימט — האָט װירגיניאַ צוגעגעבן מיט אַ געלעכטערל.

— דאָס ערגסטע קלײד אײַערס װעט גענוג זײַן, כּדי צו פֿאַרשאַטענען אַלע מאָדע־דאַמען. — האָט ערװין טרוקן פֿאַרזיכערט.

— דאָס זענען קאָמפּלימענטען, דאָס געפֿעלט מיר — האָט פֿרױ געסנער זיך אַרײַנגעמישט. — גײ זשע, אַלזאָ, — האָט זי זיך געװענדעט צו דער נישט אַנטשלאָסענער װירגיניאַ — דײַן בלאַ סאַמעט־קלײד איז דאָך זײער שײן.

— נו, גוט, כ'װעל פּרוּװן — האָט װירגיניאַ געזאָגט אַרײַנגײענדיק אין איר צימער.

גײענדיק בײַ ערװינס זײַט איבער די אױסשטעלונגס־סאַלאָנען, האָט װירגיניאַ, בײַ איר גאַנצער פֿרײַער האַלטונג, אַרױסגערופֿן אַ באַשײַנערפֿעלעכ פֿאַרװאוּנדערונג. ערװין האָט אױסגענוצט די געלעגנהײט, כּדי זי צו באַקענען מיט אײניקע דאַמען, און דער עיקר מיט דער באַראָנעסע רעסאָװ, אַ הױכע פֿרױ מיט געװיסע באַװעגונגען און דרײסטן בליק. זי האָט װירגיניאַן אַרײַנגעצױגן אין איר קרײַזל, און אין אַ מאָמענט שפּעטער האָבן אַרום דעם ײנגען

מיידל געקלונגען פֿרעמדע נעמען און אַ בֿאַרג מיט חניפֿה, צו וואָס זי איז נישט געווען צוגעוואוינט. ווירגיניאַ האָט געווענדעט איר אויפֿמערקזאַמקייט אויף אַ שוין נישט יינגער פּערזאָן, וועלכע האָט זי פֿאַרערט פֿון דער ערשטער רגע אָן. זי האָט געהייסן מאַריאַנאַ פֿאָן פֿליגעל. נאָך אַ קורצן געשפּרעך האָט ווירגיניאַ, אייגנטלעך אָן חשק און צוגעבונדנקייט, איר צוגעזאָגט זי צו באַזוכן; ווען די באַראָנעסע רעסאָוו האָט זי אויך געבעטן וועגן דעם זעלביקן, האָט ווירגיניאַ נישט געזען קיין אופֿן זיך אָפּצוזאָגן פֿון אַזאַ כּבֿוד.

ווײַבאַלד ערווין איז געבליבן אַליין, האָבן זיך אַרום אים גענומען הוועטשען יונגע מענטשן, אויספֿרעגנדיק זיך וועגן ווירגיניאַן. אים האָט געוויילט צו קאָנען מאַכן אַן אָנשטעל פֿון אַ געהיימניש. ער האָט אומאויפֿהערלעך אָבסערווירט ווירגיניאַן, וועמענס אומרויִקייט עס האָט זיך קוים געלאָזט באַהאַלטן אונטער אַ שרעקעוודיק געלעכטערל. מיט פֿאַרוואונדערונג האָט זי זיך צוגעקוקט צו די טײַערע קליידער פֿון די פֿרויען. זי געווען אַן עדות פֿון דער אַכטונג, וועלכע עס האָט געגאָסן ערוויני רײַנער, וועמענס וואָרט אַלע האָבן געוואָלט הערן; אָבער אײַנצײַטיק האָט זי באַמערקט, אַז ער האָט אַלעמען אויסגעמיטן, אויסטײַלנדיק זײַן באַצויבערנדיקע העפֿלעכקייט ווי חסדים. דאָס האָט זי אין אירע אייגענע אויגן און געדאַנקען, געמאַכט נידעריקער, אָבער וואָס וואָלט דאָס געקאָנט העלפֿן, אויב זי וועט זיך באַגיין שטאָלץ לגבי די דאַמען, וועלכע האַלטן זיך אודאי פֿאַר באַדײַטנד העכער פֿון איר?

זי האָט נישט געקאָנט אָפּהאַלטן זיך פֿון נישט דערציילן עפּעס פֿון אירע דאָזיקע אײַנדרוקן פֿאַר ערווינגען, ווען ער איז צו איר געקומען דעם צווייטן נאָכמיטאָג. ער האָט זיך אָבער געאײַלט צוצעשטערן איר אײַנבילדונג, וואָס איז צושטאַנד געקומען צוליב איר אומדערפֿאַרנקייט.

— צי אורטיילט איר לויט דער פֿילפֿאַרביקייט, דעם אינהאַלט, פֿון באַרעדעוודיקייט — וועגן גײַסט? — האָט ער געפֿרעגט.

זי האָט נישט פֿאַרשטאַנען.

— אין אַ געוויסער מאָס זענען די אַלע פֿרויען פֿערקויפֿטע, — האָט ער געצויגן קנײַטשנדיק די ברעמען. — פֿאַרקויפֿט מחמת

שפּע, פּוסטקייט, ליטערקייט, גלייכגילטיקייט אָדער ספקות. ציווילט איר אָבער וויסן מיט וואָס עס באַצאָלט זיך דאָס? מען צאָלט דאָס מיט דעם רו פון דער נשמה. זיי באַשווינדלען מענער, מיט וועלכע זיי זענען פאַרבונדן, צערייסן זייערע קרבנות אויף שטיקער, נישטערן אַרום אין זייער ברוסט און פאַרוויסטן זייערע שאַרבנס.

ווירגיניאַ האָט זיך געפילט געטראָפן, גיכער פון טאָן ווי פון די ווערטער.

— אָבער פּונדעסטוועגן לעבט איר צווישן זיי — האָט זי זיך אָפּגערופן מיט אַ בליץ אין אויג.

ערווין האָט אַ מאַך געטון מיט די הענט און זיך אויפגעשטעלט, כדי צו ברענגען אין אָרדנונג די רויכערנדיקע לאָמפּ. פרוי געסנער איז געווען אין דער קיך, ער איז געווען אַליין מיט ווירגיניאַן אין צימער.

גאָט מיינער, יאָ, ער האָט געלעבט צווישן זיי ווי אַ פאַרלאַנגטער און געשעצטער, אָבער אַ פרעמדער און ווייטער. אַזוי פיל האָט מען געקאָנט אַראָפּלעזן פון זיין פּנים.

— מיינע גאָרטנס זענען פאַרוויסט — האָט ער טריב געמורמלט, כדי דערנאָך צו קאָנען ציען מיט אַ העכער קול. — ווער עס פאַראַכטעט, מוז קאָנען ליידן, דאָס איז אמת. און אויך איך האָב געהאַט אַ צייט, ווען איך בין דורך בענקשאַפט געווען גלויבנדיקער. יעדע פון די יונגע פרויען איז מיר געווען אַ געטין: פון איטלעכער האָב איך דערוואַרט וואונדער און אַנטפּלעקונגען אַזוי לאַנג, ווי איך האָב זי נישט געקאָנט. איך האָב זיך געגראָבן פון דער הויך און אונטן פון דעם דאָזיקן אילומינירטן קבר, וואָס רופט זיך געזעלשאַפט, איך קען זיי אַלע, די אַריסטאָקראַטין, די בירגערין, די אַוואַנטוריסטקע, די פרומע און די געפאַלענע. און וואָס איז געווען דער סוף? אַ טרוים נאָך אַ טרוים איז פון מיר אָפּגעפאַלן ווי די בלעטלעך פון אַ ציבעלע.

ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנט און, פאַרביי ווירגיניאַן געקוקט אַן ציל, אָבער דער בליק איז געווען אַ טיפער.

— איך האָב דורכגעוואַנדערט גאַנץ אייראָפּע און אַ האַלבן

מזרח — האָט ער ווידער אָנגעהויבן אומגערן, — איך בין געווען אין אַלע סאַלאָנען פון פּאַריז, פּעטערבורג, לאָנדאָן, מאַדריט און רוים, איך האָב אַרויסגעפירט מײַן בענקשאַפט נאָכן מענטש אויף שפּאַציר קײַן עגיפּטן און אינדיע, אָבער אויף דרום בין איך אויך געבליבן קאַלט ווי אויף צפון. אויב איך וואָלט וואו־ניט־וואו און ווען־ניט־ווען באַקומען אַ געשלעכן בעפעל, אַז איך מוז מקריב זײַן צוואַנציק יאָר לעבן אַלס באַצאָלט פאַר איין טאָג פון דערפילונג, צי מיינט איר פּריילײַן, אַז איך וואָלט זיך געקווענקלט? קיין רגע ניט. ערשט שפּעטער ווען דער ווילן שטאַרבט אָפּ, הויבט זיך אָן די זינד. דאָס גליק פאַרלאַנגט די גאַנצע נשמה. עס אַנטלויפט, ווען ס'צעבײַט זיך אויף קליינגעלט. אַך, ווירגיניאַ! —

ווירגיניאַ האָט אַ צאַפּל געטון צוליבן אָנרופן זי, צום ערשטן מאָל בײַם נאָמען, אינטים, — דאָס, וואָס איך פאַרשטעל אײַך, דאָס איז ניט בלויז מײַן פּערזענלעכער מזל, — דאָס איז די צרה פון אונזער גאַנצן דור. מיר אַלע יינגע מענטשן זענען ענלעך צו יענעם גרילישן קיניג, וועלכער האָט אַליין ניט ווסנדיק דערפון, אויפגעגעסן זײַן אייגן קינד. אַלע זענען מיר דעפּרווידאַנטן פון אייגענעם פאַרמעגן, פון דער אייגעער באַשטימונג, פון דער אייגענער ווירדע און פון דער אייגענער פרײַהייט. איר זאָלט זיך ניט דערנידריקן פאַר דער דאָזיקער וועלט, מחמת דאָס איז די וועלט, וואו די בעסטע צעברעכן די אייגענע, און די ערגסטע — פרעמדע הערצער, וואו רעכט זענען קייטן און די טראַדיציעס אומבאַדינגטע שלעכטקייט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זײַן זיץ און געשטאַנען אין אַ טונקעלע זײַט צימער. זײַנע גלאַנציקע אויגן האָבן געגרוסט אונטער האַלב־געשלאָסענע, בלײַכע וויעס. ווירגיניאַ האָט אין פאַרטראַכטקייט געביסן די ליפּן. פּלוצלינג האָט זי אַ זאָג געטון:

— איך וואָלט ניט געגלויבט, אַז איר זאָלט אַזוי אָפּמשפּטן אײַער לעבן.

— פאַרוואָס?

— טאַקע דערפאַר, וואָס אַזויפיל מענטשן געפינען זיך אַרום אײַך, וואָס איר האָט אַ סך פרײַנט.

פֿרײַנט, — האָט ער אָפּגעהאַקט מיט פֿאַראַכטונג, — פֿרײַנט! וואָס פֿאַרשטײט איר דערמיט?

— נו, יאָ, איר האָט דאָך פֿרײַנט. צום בײַשפּיל, מאַנפֿרעד.

— אַך, מאַנפֿרעד. אויב אַזוי דאַרפֿט איר ניט רעדן וועגן פֿרײַנט, מאַנפֿרעד איז מײַן פֿרײַנט.

ווירגיניאַ האָט אויף אים געקוקט אַ פֿאַרחידושטע. זי האָט ניט פֿאַרשטאַנען די דאָזיגע אונטערשײדונג.

— פֿרײַנט זענען טיש=גנבים, שפּיאָנען, פֿאַרפֿאָלגער, קאָרטן=שפּילער, צוטשעפּעניש — האָט ער געזאָגט כמעט גרויזאַם — פֿרײַנט און אַ פֿרײַנט איז ווי: ג ע ט ע ר און ג אָ ט, מינדעסטנס דאָס זעלביקע. מאַנפֿרעד איז פֿאַר מיר געווען אַזוינס ווי אַן אײנגעליבטער תּלמיד. מײַן שענסטע איבערלעבונג איז, דאַכט זיך, געווען דאָן, ווען פֿון זײַן אײדעלער נאַטור האָט איפּגע=שפּראָצט דער טיכטיקײטס=ברען. ער האָט אַריבערגעטראָגן אויף מיר דעם פֿלאַם, וועלכן איך האָב אין אים אָנגעצונדן, און אָט אַזוי אַרום זענען מיר געווען ברידער. זין פֿון דעמזעלביקן פֿלאַם.

דאָס פּאָעטישע בילד האָט אויף ווירגיניאַן אַזוי געווירקט, אַז עס האָט אין איר דערוועקט די פֿאָרשטעלונג פֿון דער שטאַרקער צוזאַמענגעבונדנקײט פֿון ערווינען מיט מאַנפֿרעדן. זי האָט דאָס קײנמאָל ניט איבערגעטראַכט מיט אַזאַ ליבע; איצט איז איר פֿאָרגעקומען פּינקט אַזוי, ווי מאַנפֿרעד וואָלט דורכדעם געווען פֿרײַ פֿון אַלע סכּנות. מיט דאַנקבאַרקײט האָט זי געקוקט אויף ערווינען.

— דערפֿאַר בין איך אויך געווען אײַפֿערזיכטיק אויף אײַך— האָט ערווין פֿאָרטגעזעצט, — פֿאַרוואָס זאָל איך דערין ניט מודה זײַן? ניט גערן זאָגן מיר זיך אָפּ פֿון אויסערלעכן באַזיצן אַ מענטשן, וועלכער דערהויבט אין אונז אַ געפֿיל פֿון לעבן און וועמען מיר האָבן אין די שטאַרקע און שוואַכע שעהן אָנפֿאַר=טרויט אַלע סודות. ניט אײנמאָל האָב איך זײַן ליבע צו אײַך דערפֿילט ווי אַ פֿאַראַט. איך האָב גאָרניט געקאָנט טון קעגן דעם. דער פֿײַנט, פֿאַר וועלכן איך בין געווען פֿאַראַטן, איז געווען מעכטיקער פֿון מיר. — ער האָט זיך שפּאָטיש=שײן פֿון מיר

אויסגעלאַכט.

אַ באַאומרויקטע פֿון דער ווענדונג אינם געשפּרעך, האָט ווירגיניאַ זיך אויפֿגעשטעלט. זי האָט נישט געענטפֿערט.

זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שטוב־קליידל. ווי אַ באַוואוסטלאָזער האָט ערווין אָנגעהאָנגען זיין בליק אין איר נאַקעטן האַלז, אין דעם ציטערדיקן אָדער אונטערן גאָרגל און צום באַוועגלעכן אַקסל, וואָס איז שטרענג אָנגעצויגן פֿון אויער אַראָפּ־צו צום אָרעם, ווי אַ קאָלומנע פֿון עלפֿנביין. ווירגיניאַ האָט זיך פֿאַרויטלט. דערנאָך איז זי רויט געוואָרן צום צווייטן מאָל דערפֿאַר, וואָס זי האָט זיך פֿריער פֿאַרויטלט. ערווין האָט איר געפֿרעגט כמעט אין אַ נאַיווען טאָן, פֿאַרוואָס זי האָט זיך פֿאַרויטלט. דאַן האָט זי צום דריטן מאָל זיך אָפּגעגאָסן מיט אַ צונטער־רויטקייט. דערויף האָט זי אַראָפּגענומען פֿונם הענגער אַ שוואַרצן שאַל, פֿאַרוואַרפֿנדיק אים איבערן האַלז מיט אַ באַוועגונג, ווי איר וואָלט געווען קאַלט.

ווען ווירגיניאַ איז צומאָרגנס אַהיימגעקומען אויף מיטאָג, האָט זי געזאָגט: מען פֿילט דאָ דעם ריח פֿון פּאַפּיראָסן. האָסט דאָ געהאַט געסט, מאַמאַ?

— יאָ, עס איז דאָ געווען ביי מיר דאָקטאָר ריינער — האָט פֿרוי געסנער געענטפֿערט אַביסל צעמישט.

— ביי דיר? און וואָס זשע האָט ער פֿון דיר געוואָלט?

— גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט. ער האָט געפּלוידערט מיט מיר. צי איז דאָס אַזוי חידושלעך?

— מיט איין וואָרט, האָסט געשלאָסן אַ נייע פֿריינטשאַפֿט, — האָט ווירגיניאַ געשפּאַסט.

— יאָ, מיין קינד — האָט פֿרוי געסנער העפֿלעך געענטפֿערט.

ווירגיניאַ איז געווען פֿאַרוואונדערט. זי האָט נישט געקאָנט גלויבן, אַז ערווין ריינער זאָל פֿילן אַ באַדערפֿעניש צו פּלוידערן מיט אַן עלטערער, איינזאַמער פֿרוי. זי האָט באַשלאָסן אים צו פֿרעגן וועגן דעם, נאָר זי האָט זיך דערפֿון אָפּגעהאַלטן, וואָרום זי האָט מורא געהאַט דערמיט זיך נישט צו מאַכן לעכערלעך. אַזאַ פֿראַגע וואָלט געקאָנט ערווינען ברענגען צום חשד, אַז זי האַלט

דעם שמועס מיט דער מוטער פֿאַר מינדערווערטיקער אײדעת
אַ שמועס מיט איר. קלערנדיק ווײַטער מכּח דעם, אַז זי געקומען
צום אויספֿיר, אַז ס׳וואָלט גלײַכער געווען, דאָס ערווין זאָל זיך
באַגרענעצן מיט זײַנע באַזוכן. עס איז אָבער געווען אומבאַ=
וועם צו געבן אים דאָס צו פֿאַרשטיין, כּדי אים גלײַכצײַטיק ווי
טיקלער ניט צו באַליידיקן.

ער האָט דאָך געהאַט דאָס רעכט צו באַהויפּטן, אַז זײַן לעבן
האָפֿטער און רײַכער געשפּרעך פֿאַרשאַפֿט איר פֿאַרגעניגן, און
דערפֿאַר האָט ער געמעגט דערוואַרטן דאַנקבאַרקייט פֿאַר דער צײַט,
וואָס ער האָט איר געווידמעט. ווירגיניאַ האָט זיך באמת ניט
געקאָנט באַקלאָגן: ערווין איז געווען אויף אַזוי פֿיל דעליקאַט, אַז
ווען די מוטער איז ווען עס=איז אַוועק אויף איר געווײנלעכן
אוונט=שפּאַציר, איז ער צוזאַמען מיט איר אַרויסגעגאַנגען, כּדי
ניט צו בלײַבן אַליין מיט ווירגיניאַן. און ווען ער איז אַוועק, איז זי
לאַנג געזעסן אומבאַוועגלעך און דערמאָנט זיך די ווערטער, וועלכע
ער האָט גענאָגט, די פּאַסירונגען, וועגן וועלכע ער האָט דערציילט,
די מענטשן, וועלכע ער האָט געשילדערט. ערווין האָט געהאַט
אַ וואונדערבאַרע פֿעיִקייט פּלאַסטיש פֿאָרצושטעלן געשעענישן
און פּערזאָנען. אַלץ, וועגן וואָס ער האָט גערעדט, האָט געלעבט.

איינמאָל, ווען ערווין האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער קאָן ניט
געפֿינען קיין רו, האָט ווירגיניאַ אים געעצהט ער זאָל חתונה
האָבן. ער האָט איר ערנסט געענטפֿערט, אַז ער קאָן צו=גוט די
פֿרוי. ער פֿאָלגט גערן די דערפֿאַרונג.

ווירגיניאַ האָט דערשפּירט אַ פּחד פֿאַר ערווינס פֿאָרשנדיקן
בליק, זי האָט מורא געהאַט פֿאַר דעם, וואָס האָט אים געמאַכט
אַזוי באַוואוסטזיניק, אַזוי גענוי און אומדערבאַרמלעך לגבי דעם
אייגענעם לעבן.

ווען ער קומט אַרײַן אין צימער, פֿלעגט זי וואָס ווײַטער אַלץ
מער מאָדנע גערירט ווערן. איר האָט זיך כּסדר אויסגעדאַכט,
אַז פֿאַר דעם מאָל האָט זי אים נאָך קיינמאָל ניט געזען. מיט
אַ ווײַלע פֿריִער האָט ער אויסגעוויזן צו זײַן צעשטרייעט, און
אַ מאָמענט שפּעטער האָט ער שוין געשטראַלט מיט יענער דעראָ

בערישער האַרציקייט, וואָס איז ניט פֿריי פֿון נאַכגעביקייט. צו ווירגיניאַן האָט ער געזאָגט: „מײַן טעכטערל“, צו דער מוטער — „מאַמעשי“, און ער האָט צערטלעך געגלעט דער אַלטערס באַק.

ער איז שטענדיק געווען באַהערשט פֿון אָטעם פֿון פֿאַרשי־דענע איבערלעבונגען. זײַנע הענט האָבן תּמיד עפּעס געזוכט; זעלטן ער איז געזעסן אַ לענגערע צײַט אויף זײַן אָרט, מערסטנס פֿלעגט ער אומרויִק שפּרײַזן אַרום טיש. אין זײַנע אויגן איז נאָך געווען דער רויש פֿון נאַס, די גאַנצע שטאָט איז געווען אין זײַן בליק איז געווען גלאַנציק, אָבער אויך שטרענג, ווי ער וואָלט געזאָגט: „איך בעט נאָר ניט צו נאָגט“. פּונקט ווי אַ מענטש, וועלכער טראָגט אַ קאָסטבאַרע וואָזע און האָט מורא, אַז מען זאָל אים דאָס ניט אַרויסוואַרפֿן פֿון דער האַנט.

ווירגיניאַ איז ווײַטער אַרײַן געוואָרן מער פֿאַרוואונדערט דערפֿון, וואָס ערווין האָט באַזוכט די מוטער כּמעט יעדן טאָג, און דאָס נאָר אין די שעהן, ווען זי איז געווען אין דער מאַלערײַ־שול.

— וועגן וואָס זשע רעדט איר? — האָט זי געפֿרעגט מיט אַ פֿאַרחידושט שמייכעלע, אָבער פֿרוי געסנער האָט געהיימנישפֿול געשוויגן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז בײַ פֿאַרשידענע געלעגנהייטן האָט זי מערערע מאָל דערמאָנט וועגן די שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבן זיך געפֿינען. וועגן דעם האָט זי ניט גערעדט אַז האָפֿנונג, גלײַך ווי זי וואָלט געהאַט געוויסע פּלענער און אויסזיכטן. ווירגיניאַ האָט ניט געוואוסט וואָס וועגן דעם צו קלערן.

ערווין האָט פֿאַרזיכטיק אָנגעהויבן קלאָר ווערן אין דעם פֿאַרמעגנס־צושטאַנד פֿון דער קליינער פֿאַמיליע.

— ווי קאָן מען אַזוי לעבן — האָט ער אויסגערופֿן אַן אויפֿ־ריכטיק איבערגענומענער, ווען פֿרוי געסנער האָט אים דערציילט וועגן דער קליינער סומע, וואָס האָט איר געמוזט קלעקן אויף צו פֿירן די באַלעבאַטישקייט. — צי האָט מאַנפֿרעד וועגן דעם קיינ־מאָל ניט געטראַכט? — האָט ער געפֿרעגט.

אַ שטאַרקע באַוועגונג פֿון פֿרוי געסנער איז געווען דער אומנאַטירלעכער ענטפֿער. די דאָזיקע באַוועגונג האָט אַנטשפּראָכן אַזאַ

באַציִאונג צו מאַנפרעדן, הגם מער פרעמדע מענטשן איז זי געווען פעיִק צו אַנטפּלעקן איר אָרימקייט. מאַנפרעדס אייִדלקייט האָט אַרויסגערופן שטאָליץ, ערווינס זאַכלעכער טאָן האָט געצוואונגען צו צוטרוי.

— עס וואָלט געווען געמיין צו דערלויבן אייער מאַכטער נאָך צוויי יאָר אָדער לענגער צו וועגעטירן אין אַזעלכע קלעגלעכע באַ= דינגונגען — האָט ערווין געזאָגט — אַזאַ נאַטור ווי אירע דאַרף האָבן ליכט, אַטמאָספער און לוקסוס. איך וואונדער זיך אויף דעם לעבנסווירדיקן מאַנפרעד. ס'פּאַסירן פאַלן, בעת וועלכע העפלעכע דיסקרעציע ווערט אַ נאַלעסיקייט. וואָרום אין דער ווירקלעכקייט האָט ער שטילערהייט איבערגענומען די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און דאַרף זאָרגן, אַז... אָבער אינדער=אמתן ווי אַזוי וואָלט מען געקאָנט ווירגיניאַן איבערצייגן? מאַנפרעד איז איינפאַך געווען צו ווייניק אָריענטירט. זאָלן מיר זשע האָבן די אָריענטאַציע, מוטער. ווען אַ קראַנקער זאָגט זיך צו נישט צו פאַרלאָזן זיין שטרוי=זאַק, הויבט ער זיך אים אויף אין חלום און רוקט אים אונטער אַ קישן אַזוי, אַז ער זאָל דאָס נישט באַמערקן.

פרוי געסנער האָט קיין איין וואָרט נישט פאַרשטאַנען. מחמת אימה האָט זי געענדערט די טעמע פון געשפּרעך. און וויל ערווין האָט זי קאַלט געזעגנט, האָט זי באַהויפּטעט, אַז ער פילט זיך באַליידיקט. ווען ער איז אין אַ פּאָר טעג אַרום ווידער געקומען, האָט זי אים געפרעגט, וואָס ער פאַרשטייט מיט דעם „שעניק און דעם קישן“.

— איך וועל אייך דאָס אויפקלערן, — האָט ערווין ערקלערט — צי וועט איר אָבער זיין מסוגל צו שווייגן?

— יאָ, כוועל שווייגן.

— איר האָט מיר געזאָגט, אַז ווירגיניאַ באַזיצט אַ קליינעם קאַפּיטאַל; צי איז מעגלעך פון דאָרט אַרויסצונעמען פינף ביז זעקס טויזנט קראָן?

— ניין, דאָס לאָזט זיך נישט טון — האָט פרוי געסנער גע= ענטפערט. — מיט דעם געלט פאַרוואַלטעט אַ מטלעכער אַפּוטרופּס.

— אַ שאָד. אָט איצט וואָלט נוּיטיק געווען צונויפצושטעלן אַזאַ סומע. דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ שפּעקולאַציע, וואָס פאַר איר דערפאָלג קאָן איך ערב־זיין. אַ גרויסער שאָד. — ער האָט מיט באַדויערונג געקוקט אויף פרוי געסנער, וועלכע האָט נישט־ווילנדיק צונויפגעלייגט די הענט. פלוצלינג האָט ער זיך אויפגע־כאַפּט פון אָרט.

— כ'האָב אַן איינפאַל — האָט ער געצויגן. — עס האַנדלט זיך איינגנטלעך נישט דערין, אַז איר מוזט אומבאַדינגט מיר געבן דעם סכום. לאָמיר אָננעמען, אַז איך האָב פון אייך דערהאַלטן דאָס געלט, כדי עס צולאָקירן ערגיץ אויף גינסטיקע באַדינגונגען. די דאָזיקע סומע באָרג איך אייך געוויינטלעך, ווי עס טוען בערזע־אַגענטן, נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס איך פאַרלאַנג נישט קיין צינזן. אויב דאָס געשעפט וועט זיך איצט גוט איינגעבן, וועל איך צוריקגעמען מיין געלט, און איר וועט באַהאַלטן פאַר זיך דעם ריינעם ריוח. ווי געפעלט אייך דער פאָרשלאַג?

די בכבודע פרוי האָט שוין גאָרנישט פאַרשטאַנען.

— יאָ? אַלזאָ אַזוי טוען די אַגענטן? — האָט זי געפרעגט.

— פונקט אַזוי.

— און אַז דאָס געלט וועט פאַרפאַלן ווערן? אויב איר האָט אַ טעות?

— לאָזט דאָס איבער פאַר מיר, מוטער!

— אָבער ווי אַזוי קאָן מען זיך דאָס פאָרשטעלן? ווי איז דאָס מעגלעך? — האָט פרוי געסנער געמרוקעט. — פאַרוואָס טוען נישט אַזוי אַלע מענטשן, אויב דאָס איז אַזוי זיכער? אויף אַזאַ אופן קאָן מען דאָך אויפקלויבן אַ מאַיאָנטעק אויף דער גאַס...

— אַ געוויסע איינשטעלעניש איז דערין דאָ — האָט ערווין געענטפערט מיט אַ געלעכטערל פון אומגעדולדיקייט. — אָבער זעט איר, פרוי, גרויסע פיש אין ים שלעפן־מיט מיט זיך קלענערע, איינערע פאַר קרייצער, מוטער, וועלן צערייסן ווערן דורך מיליאָנען און זיי וועלן גרויס ווערן געבן זיי. מ'דאַרף נאָר האָבן עמיצן, וואָס זאָל אַכטונג־געבן און רעגלמעסיק צוווישן־טון וועגן דעם דערנענ־טערן זיך פון אַ גרויסן פיש. טיילמאָל פרעסט אויף אַ מיליאָן

דאָס קלײנע פֿישל, אָבער צוזאַמען מיט דעם פֿישל קריגט ער זיך אַרײַן אין דער נעץ — נאָר מיר דאַרפֿן נישט מורא האָבן פֿאַר אַזױנס, איך קאָן גוט-זאָגן דערפֿאַר.

פֿרױ געסנער האָט אױפֿגעדריגעט. די זאַך איז איר פֿאַרגעקומען משוגעהדיק, אָבער דער רײַץ פֿאַר דער זאַך איז געװען פֿיל שטאַרקער. אױסדריקנדיק איר הסכּמה האָט זי פֿאַרלאַנגט, אַז ערװין זאָל פֿון איר צונעמען אַ רעװערס, װאָס זײַן דעקונג, אין פֿאַל פֿון מיסערפֿאָלג, װאָלט פֿאַר איר געװען אומגעװײנטלעך שװער. ערװין איז מיט ערנסט אײַנגעגאַנגען אױף דער דאָזיקער פֿאָרמאַליטעט. אין לױף פֿון אַנטװיקלען דעם געדאַנק, האָט אים פֿאַרביטערט די פּראָסטקײט פֿון דער פּערזאָן, װעלכע האָט אים געקאָנט באַטראַכטן פֿאַר אַ בערזע-מענטש, אָבער באַלד דערנאָך האָט ער מיט אינטערעס אָבסערװירט סימנים פֿון צערײַצטקײט בײַ דער אַלטער פֿרױ.

זײַן גרעסטע זאָרג איז געװען, אַז פֿרױ געסנער זאָל זיך מיט גאָרנישט נישט פֿאַראַטען פֿאַר װירגיניאַן; דאָס מײדל האָט געהאַט אַ שאַרפֿן בליק און אָפֿט זיך צוגעקוקט צו דער מוטער מיט פֿאָרשנדיקער באַװאונדערונג.

מיט צען טעג שפּעטער האָט ערװין איבערגעגעבן דער פֿרױ געסנער אַ דיקע קאָנװערט, אין װעלכער עס האָט זיך געפֿינען אַזױ פֿיל באַנקנאָטן, אַז די אַלטע האָט אַ געשרײ-געטון פֿון איבעראַשונג. — אָט איז דער רעװערס — האָט ערװין פֿרײַ אַ זאָג געטון, צעריסן דעם קװיט און די שטיקלעך אַרײַנגעװאָרפֿן אין אױװן. פֿרױ געסנער איז אָן װערטער געזעסן אױפֿן שטול. איר צופֿרידנקײט האָט נישט ניחאדיק געװירקט אױף ערװינען.

— איר דאַרפֿט געדענקען — האָט ער געזאָגט כּמעט אין אַ האַרטן טאָן, — אַז דאָס געלט דאַרף נישט פֿאַרשװאונדן װערן אין דעם שפּאָר-קאַסעלע אַרײַן. אונזער פּלאַן איז דאָך געװען צו פֿאַרבעסערן װירגיניאַס גורל. אַזאַ שײנהײט װי אירע, מאַכט אונדז אַלע פֿאַר בעלי-חובֿות, באַזונדערס אײַך. גיט איר נאָר לײַכט פֿאַרדײַענדיקע שפּײַז, קױפֿט איר טײַערע װעש. פּראָסט עסן און גראָבע לײַװנט װאָלטן אײנציגװײַז צעשטערט איר דעליקאַטע

הויט. אויב זי טראָגט אַ קלייד, וואָס קלעפּט זיך נישט צו איר אויסרלעכקייט, שטערט עס דאָס גליק, וואָס זי איז פעיק צו געבן. ווארום ווירגיניאס אויפגאַבע איז צו באַשאַפן גליק, פונקט ווי די קורצע באַשאַפט אַ פרומע שטימונג און פרייד. איר זאָלט נאָר נישט קאַרגן פאַר אירעטוועגן, מוטער. איך וועל אייך געבן אַ צעטל פון נויטיקע זאַכן, וואָס איר מוזט קויפן. און איר זאָלט זיך נישט באַאומרויקן; דער בוים, וואָס מיר האָבן אַ טרייסל-געטון איז נאָך באַהאָנגען מיט פרוכט.

— ווי זאָל איך אייך דאַנקן? — האָט פרוי געסנער געזיפצט אַ געריךטע.

— האָרכנדיק מיינע עצות.

— אָבער אוצט קאָן איך דאָך דאָס שוין נישט פאַרהוילן פאַר גינאַן.

— און אויך דאָס איז איבעריק. איך וועל שוין אַליין מיט איר רעדן וועגן דעם.

פונדעסטוועגן האָט ערווין דערווייל איבערגעלאָזט דעם ענין זיין איינגענעם גאַנג, און פרוי געסנער איז געווען הילפלאָז, ווען ווירגיניאַ, אַ פאַרוואונדערטע פון דער מוטערס אומגעוויינטלעכע אויסגאַבן, האָט פון איר פאַרלאַנגט אויפקלערונגען. זי וואָלט זיך פאַרפּלאָנטערט אין פאַרעטערישע ליגנס, אויב ערווין וואָלט גראָד אין דעם מאָמענט נישט אָנגעקומען.

מיט פולע ערנסטקייט האָט ער געהאַלטן אַ קורצן פאָרטראַג וועגן געלט-טראַנזאַקציעס, וועגן קורסן, וועגן ווירטשאַפטלעכן אויסנוצן געוויסע שטראָמען. דאָס, וואָס ער האָט געטון איז נישט נאָר נישט געווען שטראָפבאַר, נאָר איז דערלויבט, און נישט בלויז דערלויבט — נאָר קלוג און גוט, פונקט אַזוי קלוג און גוט, ווי די האַנדלונג פונם ערד-אַרבעטער, וועלכער פירט צו וואַסער פון ווייטלעכן טייך פאַר זיינע פעלדער.

— אויף זיינע פעלדער, דאָס יאָ; אָבער נישט פאַר פרעמדע פעלדער — האָט ווירגיניאַ לעבהאַפט געענטפערט.

— אויב ער אַליין האָט גענוג, און דער שכן קאָן זיך נישט קיין עצה געבן, פאַר וואָס זשע נישט? ווארפט אַוועק אייערע ענגע

און זי האָט אויסגעטון זײַן בלוז.

אַנשויאונגען, ווירגיניאַ!

— אין אַזעלכע זאַכן איז נישטאָ קיין גענוג ענגע אַנשויאונגען — האָט ווירגיניאַ אָנגעשפּאַרט ערקלערט.

— אַ דאַנק. — ער האָט אויף איר געקוקט פֿון אויבן אַראָפּ,

— איך אַלײן האָב דאָס געוואָלט — האָט פֿרוי געטנער זיך אַרײַנגעמישט אין די רייד — און איך בין דערפֿאַר פֿאַראַנטוואָרטלעך.

— פֿיל מענטשן, מוטער, זענען שוין אויף אַזאַ אופֿן אַרײַנגעפֿאַלן אין דער קלעם — האָט ווירגיניאַ געזאָגט מיט אַ נאַיווער וואָרנונג; אויף ערווינס געלעכטער האָט זי אַ פֿאַרשעמטע באַוואָליגן מיט די אָרעמס.

די אומדערוואַרטעטע ענדערונג פֿון די באַדינגונגען האָט אין איר דערוועקט אַ פּראָטעסט. דאָס פֿאַרדינטע אָדער געווינסטע געלט האָט איר פֿאַרשאַפֿט אַ געפֿיל פֿון אייגנטום; דאָס דאָזיקע געלט האָט זי אָנגעפֿילט מיט אַ שרעק, און די פֿאַרלאַנגען, וואָס זײַער דערפֿילונג איז געווען צוזאָגנד, זענען איר פֿאָרגעקומען ווי אַ זינד. זי האָט באַשלאָסן וועגן דעם אַלעם צושרײַבן מאַנפֿרעדן, אָבער ערווין האָט איר צו וויסן געטאָן, אַז ער אַלײן האָט שוין צו אים געשריבן. ווירגיניאַ האָט זיך, אַליין, דעצידירט צו וואַרטן אויף זײַן ענטפֿער און איבערצײַגן זיך, צי מאַנפֿרעד וועט אויך לויבן אַזאַ רײַכטום, וואָס איז, ווי זי פֿלעגט זאָגן: „אַנטשטאַנען פֿון גאָרנישט, פּונקט ווי ווערים אין דער תּבֿואה“.

אָבער וואָסער נײַער גײַסט איז אַצינד אַרײַן אין דער מוטער? ווירגיניאַ האָט פּלוצלינג זיך דערזען אַז אַרומגערינגלטע מיט קאָסטבאַרע וועש, פּרעכטיקן טואַלעט, געשיקטע שוכלעך, היטעלעך, וואָס זענען גיכער אויסגעטרוימטע איידער ווירקלעכע. — וואָס זאָל דאָס באַדײַטן, מוטער? — האָט זי געפֿרעגט אַ פֿאַרגאַפֿטע.

— זאָל עס דיר נישט אָנגיין. ס'איז אַ באַשלאָסענע זאַך, אַז דאָס געלט, וואָס מיר האָבן געווונען, איז באַשטימט פֿאַר דיר. איך בין גליקלעך, וואָס דיר איז עגדלער בעסער.

— אײנס פֿאַרשטיי איך נאָך נישט — האָט ווירגיניאַ גע-

זאָגט — פֿון וואַנען האָסטו אַזוי פֿיל געשמאַק אין אַזעלכע זאַכן?

— געשמאַק! ווידער אַ נייס! מען גייט צו די בעסטע פֿירמעס און מ'קויפֿט די בעסטע זאַכן. איז דען דאָס אַזאַ קונסט?

— און ווער האָט דיר רעקאָמענדירט די בעסטע פֿירמעס?

— ווער? זאָל זײַן אַז ערווין. ער פֿאַרשטייט זיך אויף אַלעם. צי זעסטו אין דעם עפּעס משונהדיקס?

ווירגיניאַ האָט נישט געקאָנט ענטפֿערן. צופֿעליק איז גראָד געקומען די שניידערין, כּדי איר צוגעמען די מאָס אויף אַן עלעגאַנטן קאָסטיום. ווי גוט איז פֿונדעסטוועגן — האָט ווירגיניאַ געטראַכט — צו זײַן שיין אָנגעטאָן און נישט צו האָבן דערבײַ קיין אומרויִקע געוויסן. מיט וואָס פֿאַר אַ פֿאַרגעניגן זי האָט דערשפּירט אויף איר לײַב דעליקאַטע געוועבן. ווי האָבן געגלעט צו איר אויג די פּרעכטיקע פֿאַרבן פֿון די שטאָפֿן! דער שפּיגל איז געוואָרן איר פֿאַרטרויִלעכער ראַט־געבער, און זי — זי איז געשטאַנען וואָס אַמאָל מער נישט דערגרייכבאַרע פֿאַר אַנפֿאַלנדיקע בליקן, אַ מער פֿאַרשלאָסענע אין זיך, בעת אירע באַוועגונגען האָבן אומבאַוואוסטזיניק געשטרעבט צו דער וועלט פֿון שטאָלצע פֿאָרמען.

ערווין האָט דאָס פֿאַרשטאַנען, און געפֿינען פֿאַר נייטיק צו עפֿענען פֿאַר איר דאָס טויער צו דער דאָזיקער וועלט.

# דויעל

א געוויסן טאג האט זיך געהערט א שטארקער קלונג. פרוי געסנער האט געעפנט די טיר און איז צוריקגעגאנגען און שטוב אריין צוזאמען מיט מאריאנא פאן פליגעל.

— בײזערט זיך ניט איבער מיר פאר דעם אריינפאלן אהערצו, — האט פרײלײן פאן פליגעל געזאגט צוגײענדיק צו ווירגיניאן און איר דערלאנגט די האנט. — ערווין רײנער האט מיר צוגעגעבן דרײסטקײט צו דער דאזיקער וויזיט. ערווין און איך זײנען אלטע פרײנט, מער ווי פרײנט, כמעט שוועסטער־ און ברודער. ער האט מיר וועגן אײך אזוי פיל דערצײלט, און אויך איך, זינט כ'האב אײך באקאנט, האב אזוי פיל געטראכט וועגן אײך, אז עס האט ווירקלעך מיך ניט געקאסט קײן אנשטרענגונגען, כדי צומאכן דעם ערשטן שריט.

— דאס איז זײער שײן פון אײער זײט — האט ווירגיניא געענטפערט עטוואס טרוקן.

אין מאריאנא פאן פליגעל איז געווען עפעס ניט אײנגעהאלטענס. זי האט זיך אויפגעפירט ווי אײנער, וועלכער באטראכט דאס לעבן פאר גרויס, און די מענטשן פאר קלײנע. זי האט זיך ניט גערעכנט מיט ווערטער, אפילו ניט פאר די דרײסטסטע; איר צונג איז געפלויגן אונטער די צײן ווי א וועבער־שיפל. אין אירע באמערקונגען וועגן מענטשן האט זיך געפילט הומאר. דאס זײנען געווען קלײנינקע, שעלמישע שטעכווערטלעך, געלעכטערלעך, א באוועגונג מיט דער האנט און גאר: ווער עס האט ניט לאנג צוריק נאך געלעבט פרײלעך, און ווער עס איז געווען טויט... און דערפאר האט נאך שטארקער געמוזט זײן די פארוואונדערונג, וואס

זי האָט אַרױסגעװיזן װירגיניאַן.

— עס איז מײן פעטער באַשלום, אַז מיר מוזן װערן פרײנדינם — האָט זי געזאָגט, און אַװעקגײענדיק, האָט זי געבעטן װירגיניאַן, אַז זי זאָל פאַרברענגען בײ איר אַן אָװנט, װאָס איז באַלד באַשטימט געװאָרן. עס װעלן נאָר זײן עטלעכע פרײנט, פאַרשטײט זיך, אַז ערװין בתוכם. װירגיניאַ האָט צוגעזאָגט צו קומען.

פרימאָרגנס פון דעם טאָג, װען װירגיניאַ האָט געזאָלט גײן צו פרײלײן פאַן פליגעל, האָט פרוי געכנער געפילט זיך שלעכט און מיט הײץ געלײגט זיך אין בעט אַרײן. פון נאָנטן פאָטש־אָמט האָט װירגיניאַ טעלעפאָנירט צו דאָקטאָר צימערמאַן, װעלכער האָט זײט דרײסיק יאָר פראַקטיצירט אין יענעם קװאַרטאַל; ער האָט נאָך קורירט װירגיניאַס פאָטער, און הגם ער איז איצט זעלטן געקומען, האָט ער בײדע פרױען טראַקטירט מיט אַ באַזונדערע זאָרגעװדיקײט. דאָס איז געװען אַ גרױ־בערדיקער הער מיט אַ דיקער פיגור, אַ שטײפער און אַ שטעליקער און די באַװעגונגען און אין דער שפּראַך, דערבײ איז ער, צוליב זײן לײכטער טױבקײט, גענױגט צו אַ סך רעדן. דער דאָזיקער חסרון איז אין אים געװען אין גלײכגעװיכט מיט דעם שׂכל, דערפאַרונג און עקספּרעסיװן טעמפּעראַמענט.

אין קעגנזאַץ צו יונגע דאָקטױרים, האָט ער זיך נישט באַלײדיקט, װען מען האָט אים גערופן צו אַ קאַטאַר. דער קאַטאַר האָט געהערט צו די טױט־כּאַפּערס, פּונקט װי אַ מכּה אױפן מאָגן. די קראַנקהײט פון פרוי געכנער האָט ער אָנערקענט פאַר נישט געפערלעך און פאַרשריבן אַ געהעריקע רעצעפּט. דערנאָך האָט ער זיך אַװעקגעזעצט בײם בעטל פון דער פּאַציענטקע, אױספרעגנדיק זי דאָס און יענץ. די איבערלעבענישן פון פרוי געכנער זענען נישט געװען אױף אַזױ פיל רײך, אַז בײ דער דאָזיקער געלעגנהײט זאָל נישט פאַלן דער נאָמען פון ערװין רײנער. דאָס פּנים פונם אַלטן דאָקטאָר האָט זיך געענדערט; ער האָט צוגעלײגט אַ האַנט צום אױער און געהײסן זיך נאָכאַמאָל איבערחזרן דעם נאָמען.

— צי איז דאָס דער זון פון רײכן מיכאַל רײנער. — דער...

מערקווירדיקער ערווין ריינער? דער... קונסט־היסטאָריקער, צי אויך... נאַטור־וויסנשאַפֿטלער, איך ווייס דאָרט וואָס? דער? — און ווען פֿרוי געסנער האָט טריומפֿירנד דאָס באַשטעטיקט, האָט ער געפֿרעגט:

— איר קענט דעם מענטש? אָבער — ער האָט מיטן פֿינגער אָנגעוויזן אויף ווירגיניאַן — אייער טאָכטער קען אים געווים ניט?

— אַלץ הייסט, — האָט פֿרוי געסנער געענטפֿערט. — דאָס איז דער האַרציקסטער פֿריינט פֿון גינאַס חתן.

ווירגיניאַ איז אין צווייטן צימער געזעסן ביים טיש, שניצנדיק עפּעס אין האָלץ. איצט האָט זי זיך אויפֿגעשטעלט און איז פּאַמעלעך אַריין דורך דער אָפֿענער טיר.

— נו, איך גראַטוליר — האָט דער דאָקטאָר אַ מורמל־געטון וויגנדיק מיט'ן קאָפּ.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט ווירגיניאַ געפֿרעגט אַ פֿריילעכע, אָנבויגנדיק זיך איבער דאָקטאָר צימערמאַן, — וואָס האָט איר צוזאָגן קעגן ערווין ריינער?

דער דאָקטאָר האָט זיך אויסגעדרייט מיט אַן ענערגישער באַוועגונג און געקוקט אויף דעם מיידל. — איך? — האָט ער זיך אָנגערופֿן מיט אַ טומלדיק קול פֿון אַ טויבן — וואָס איך האָב צו אים? איך וועל אייך דערציילן. איך האָב אַ ברודערן־זון, הייסט ער אולריך צימערמאַן. דאָס איז דער איינציקער קרוב מיינער, בכלל דער איינציקער נאָנטער מענטש מיינער. איבער דעם דאָזיקן ברודערן־זון בין איך פֿון זיינע יינגסטע יאָרן אָן געווען אַפּוטרופּס, מקאָן זאָגן, כ'האָב אים דערצויגן, וואָרום קורץ נאָך זיין געבורט האָט ער אָנגעוואוירען ביידע עלטערן. איך האָב אים געשיקט אין שול אַריין, און דערנאָך אין אוניווערזיטעט — איך האָב אויף אים געלייגט די גאַנצע האָפֿנונג און האָב געקלערט, אַז ער זאָל אַמאָל איבערנעמען מיין פּראַקטיק און קאָנטינואירן מיין לעבן. מיר האָבן דאָך אַ גוטן נאָמען. שוין מיין פֿאָטער איז דאָ געווען דאָקטאָר, און אויך דער זיידע. איינמאָל קומט צו מיר דאָס יינגל און דערציילט: „פֿעטער, איך וויל ניט מער שטודירן".

— אַזוי גאָר? פרעג איך — פאַרוואָס אייגענטלעך, מיין הער?

— כ'האָב נישט קיין נויגונג צו מעדיצין — זאָגט ער.

— נאָר צו וואָס דען ביסטו געניגט? — האָב איך געפרעגט.

— איך וויל ווערן אַ פּאָעט. — ענטפערט ער מיר.

— גוט, מיין בחורל. אויב דו ווילסט ווערן אַ פּאָעט, טאָ זאָלן דיר צאָלן דיינע שפּעטערדיקע לייענער, פון מיר וועסטו קיין פּרוטה נישט קריגן.

דאָס יינגעל איז אַוועק און פון יענעם מאָמענט אָן האָב איך אים שוין מער נישט געזען. ס'איז שוין פאַרביי דריי יאָר. די געלט האָט ער פאַרבראַכט אין מאָסע קנייפּעס און די טעג איז ער איבערגעשלאָפן אין גאַט ווייס וואו. ער איז אויסגעגאַנגען לתרבות רעה. און ווער, ווען איר אורטיילן, האָט אים אויפן געוויסן? ווער, כבעט אייך, האָט פון מיין אָרנטלעכן, פלייסיקן, געטרייען און דאַנקבאַרן אולריך געמאַכט אַ — אַרומשלעפּער? אייער ערווין רייגער. זייט אולריך האָט דערקענט דעם דאָזיקן מענטש, איז אין אים אַן עין־הרע אַריין. איך האָב אים צוגענומען ס'געלט, כדי דורך נויט אים צו צווינגען צו פאַרשטיין זיין לאַגע, אָבער דער דאָזיקער געמיינער חבר האָט אים אונטערשטיצט, האָט געזעטיקט זיין איינבילדונג, האָט געגרויסט זיין כלומרשטן טאַלענט — מיט איין וואָרט, ער האָט אים אומגליקלעך געמאַכט. מיט אַ יאָר צוריק איז אולריך געפאָרן קיין אַמעריקע, דאָרט ווערט פון אים אַ תל צום איבעריקן.

דער דאָקטאָר האָט טריב געקוקט פאָרויס. אין אַ מאָמענט שפּעטער האָט ער פאָרטגעזעצט:

— דאָס איז מיין פּערזענלעכע איבערצייגונג. וועגן אַנדערע זאַכן רעד איך אומגערן, כדי נישט קאַליע־צומאַכן אייער געשמאַק, מיין שיין קינד, הגם די ווערבלעס אויפן דאַך צווישטשערן שוין וועגן דעם. דער דאָזיקער מענטש האָט געשפּרייזט דורך מתים, אין ווערטלעכן זין פון דעם וואָרט. ער אָטעמט מיט דער אַטמאָספערע פון סקאַנדאַל. פאַר אַ וועלכע צוויי יאָר דאָס פּאַסירט אַזאַ פאַטאַלע אַפערע, פאַרשטייט זיך, אַ פּרויען־אַפערע, צוליב וועלכער עס איז געקומען צו אַ דועל. אַ יונגער, האָפענונגספולער

אָפּיציר, אַ בן־יחיד, האָט דערפֿון אָנגעוואוירן ס׳לעבן. די זאַך איז פֿאַרטושט געוואָרן, זי איז אפֿילו נישט אַדורך אין די צייטונגען, אָבער אײַער ערווין רײַנער וועט קיינמאָל פֿון זײַנע הענט נישט אָפּוואַשן דאָס דאָזיקע יונגע בלוט. די עלטערן פֿון דעם אומגליקלעכן זענען אינגיכן געשטאָרבן פֿון עגמת־נפֿש, און די פֿרוי, צוליב וועלכער עס האָט פּאַסירט דאָס אומגליק, איז אַרײַנגעטרעטן אין אַ קלויסטער.

ווירגיניאַ האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און שווײַגן.

— איר קענט אים פּערזענלעך — האָט פֿרוי געסנער געפֿרעגט אַ פֿאַרדאַגהטע.

— וואָס?

צי קענט איר אים פּערזענלעך?

— ניין, איך קען אים נישט. איך וויל אים נישט קענען. איך קען זײַן פֿאָטער. אַ טיכטיקער מענטש. מיר טרעפֿן זיך טיילמאָל בײַ פֿרוי מאַלווינע ענגעלהאַרדט. דער דאָזיקער זקן, וועלכער פֿילט זיך אַזוי אײַנזאַם, האָט דאָרט געפֿינען אַ היים. מען זאָגט אַפֿילו, אַז ביידע זאָלן זיי חתונה האָבן. נאָר דער יונגער רײַנער וויל געוויס דערין שטערן. אין זײַנע אויגן וואָלט דאָס געהייסן אַ מעזאַליאַנס. — דער דאָקטאָר האָט זיך כריפּענדיק פֿאַנאַנדערגעלאַכט און זיך אויפֿגעשטעלט. ווירגיניאַ האָט אַ קאַלטע אים דערלאַנגט די האַנט. עס האָט איר וויי־געטאָן, וואָס מאַנפֿרעדס פֿרײַנט איז אַזוי געשענדעט געוואָרן. און אַז ערווין האָט נישט געקאָנט אין די אויגן ווי ס׳קער צו זײַן אָפּלייקענען דעם דאָקטאָרס פֿאָרוואורפֿן, — האָט זי אין זיך געהאַלטן פֿאַר אים.

אָבער נישט געקוקט דערויף האָט זי פֿאַרלוירן דעם הומאָר און ס׳האָט זיך איר נישט געגלוסט אין אָוונט אַרויסצוגיין בפֿרט, אַז די מוטער איז געלעגן צו־בעט. ערווין האָט געזאָלט נאָך איר אָפּטרעטן און האָט זיך פּאַקטיש באַוויזן אום אַכט. ווירגיניאַס אָפּזאָג האָט אים געוואונדערט. די סבה פֿון דער מוטערס קראַנקהייט איז אים נישט געווען גענוגענד. ער איז דערום אַרײַן אין פֿרוי געסנערס צימער און איר אַליין געפֿרעגט. איר צעטוישונג האָט אים אויסגעוויזן צו זײַן פֿאַרדעכטיק. ער האָט דערשנאַפּט

פֿאַראַט און האָט זיך טאַקע גיך דערוואוסט וועגן ד״ר צימער־
מאַנס וויזיט.

— אַך, אַזוי — האָט ער געזאָגט — אַך, אַזוי. — ער האָט פֿאַרשנד געקוקט אויף ווירגיניאַן, וועלכע איז אַריינגעקומען נאָך אים. ער האָט געפּויקט מיט די פֿינגער אָן פֿאַרענטש פֿון בעטל.— און ער האָט געוויס דערציילט וועגן זיין ברודערן־זון? — ווירגיניאַ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. — און ער איז אוודאי ניט געבליבן שטיין ביים ברודערן־זון? — ווירגיניאַ האָט געשאָקלט מיט'ן קאָפּ.

— צי ווייסט איר, ווי די זאַך מיט'ן ברודערן־זון שטעלט זיך פֿאַר? — האָט ער רויק אָנגעהויבן. — אולריך צימערמאַנען האָב איך באַקאַנט אויף די לעקציעס פֿון אַנאַטאָמיע. מיך האָט פֿאַראינטערעסירט זיין נאַטור, וועלכע איך וואָלט באַצייכנט אַלס ברומנדיקע, און אַזעלכע טרעפֿט זיך נאָר ביי געניאַל־באַגאַבטע וועזנס. מיר האָבן זיך אינגיכן באַפֿריינדעט און כ'האָב געהאַט די מעגלעכקייט זיך מיט אים צו באַשעפֿטיקן. פֿון זיין פֿריסטע קינדהייט האָט ער אַרויסגעוויזן קונסטלערישע נייגונגען, ער האָט אָבער ניט געוואוסט קיין אופֿן פֿון באַפֿרייען זיך פֿון דעם פֿאַר־האַסטן פֿאַרדינסטלעכן פֿאַך. זיין פֿעטער איז רייך. אין משך פֿון אַ לאַנגיעריקער פּראַקטיק האָט ער צונויפֿגעקליבן אַ פֿאַרמעג, נאָר פֿונדעסטוועגן איז ער געבליבן פֿון אַ נאַטירלעכן קמצנות.

— דאָס איז אמת, ער איז זייער קאַרג — האָט פֿרוי געסנער זיך אַריינגעמישט. — זינט צען יאָר רעדט ער וועגן אַ רייזע קיין איטאַליען, די נסיעה איז זיין גרעסטער טרוים, אָבער ער קאָן זיך צו דעם ניט אַנטשליסן. ס'איז אים אַ שאָד די פֿאַרדינסטן, וואָס ער וואָלט דורך דער צייט געהאַט זיין שטעלפֿאַרטרעטער.

— מען טרעפֿט אָפֿט מענטשן, וועלכע האָבן פּאַמעלעך און מיט שווערקייט אָנגעקליבן געלט, און פּונקט מיט אַזאַ שווערקייט צעשיידן זיי זיך מיט דעם געלט — האָט ערווין זיך אָפּגערופֿן מיט אַ רעכטפֿערטיקונגס־טאָן. — אָט שוין דאָס קמצנות אַליין האָט אולריכן געמאַכט פֿאַר אַ טריבן און אַ נאַכלעסיקן. דאָס קויפֿן פֿון יעדן מיטאָג און פֿון יעדן בוכל האָט ער געמוזט זיין באַרעכטיקט,

שוואַרץ אויף ווייס. במשך פֿון לאַנגע וואָכן האָט ער געליטן דחקות, אַבי נישט צו נעמען געלט פֿון פֿעטער. אָבער דאָס האָט איינציגווייז באַפֿרייט זיין נשמה פֿון דאַנקבאַרקייטס־יאָך. וואָס שייך מיר, האָט זיך מיר אויסגעוויזן פֿאַר אינטערעסאַנט אויסצובילדן דעם דאָזיקן ווילדן טאַלאַנט און אים אַרויסציִען פֿון דער בלאָטע. כ'האָב געפֿילט אַן אומבאַשרייבלעכן פֿאַרגעניגן זעענדיק, ווי אַ לעבעדיקער, גלוסטיקער גייסט וואַקסט אויס צו זיין באַשטימונג. דערצו וועט קיין פֿעטער אויף דער וועלט נישט העלפֿן.

דאָס האָט שוין געקלונגען אַביסעלע אַנדערש.

— איבריגנס, קאָנט איר היינט באַקענען אולריכן און מאַריאַנאַס סאַלאָן—האָט ערווין צוגעגעבן ווענדנדיק זיך צו ווירגיניאַן.

— אַזוי? — האָט פֿרוי געסנער געזאָגט אַ דערפֿרייטע — איז פֿון אים, אַלזאָ, נישט אַ תּל געוואָרן אין אַמעריקע?

ערווין האָט זיך צעלאַכט.

— ער איז געקומען מיט אַ וואָך צוריק — האָט ער געזאָגט. איך מעג זיך דאָך פֿאַר אייך מודה זיין, אַז דאָס האָב איך אַליין אים געגעבן מיטלען אויף אַרויסצופֿאָרן קיין אַמעריקע. עס איז געווען פֿאַרבונדן מיט אַ געוויסן ציל, וועגן וועלכן ס'וואָלט איצט געווען איבעריק צו רעדן. אָבער איך דערקען שוין אין ביידע פֿרויען—האָט ער צוגעגעבן מיט פֿאַרביטערונג — אַז מ'האָט מיר דאָ געפּרוּווט צוצוקלעפּן אַ מאוסן פֿלעק. צי אורטיילט איר, מיינע דאַמען, אַז עס וואונדערט מיך? דאָס איז פֿאַר מיר נישט קיין נייס. איך ווירק שטענדיק דאָרט, וואו אַנדערע רעדן נאָר, דאָס לעבן פֿאַרפֿירט מיך אומעטום — דאָס שיינע, גרויסע, בונטע, טריבע לעבן, אָבער לאָמיך נאָר געפֿינען ערגיץ אין דער לופֿט אַ נאָרע מיט אַן אָדער גאָלד, דאַן וועט די גאַנצע ספֿערע פֿון צווייפֿלער מיר אַרויפֿפֿאַלן אויפֿן קאַרק; לאָמיך נאָר עפּעס אויסגלייכן, וועלן זיך צוזאַמענגיין אַלע די, וועלכע פֿאַרלאָזן געוויינטלעך זייערע היימען נאָר ווען עס ברענט, און דערביי זאָגן זיי, אַז דאָס קרומע איז געווען בעסער. איך שעם זיך נישט פֿאַר מיינע מעשים. איך פֿאַרהויל זיי נישט. איך שעם זיך נישט פֿאַר זיך אַליין. איך אַנטלויף נישט פֿאַר זיך. איך האָב געליבט, כ'בין געווען געליבט,

ל'האָב געהאַסט, ל'בין געווען געהאַסט און איך רעזיגניר קיינמאָל ניט, מחמת יעדע פֿאָרם פֿון ווירקן איז בעסער, איידער די איידלסטע רעזיגנאַציע.

ערווין איז געשטאַנען מיט פֿלאַקערדיקע אויגן טרייסלענדיק מיט דער האַנט און אַן אויסגעשטרעקטער פֿויסט. ווירגיניאַ, וועלכע האָט געפֿילט, אַז אַ משא איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון איר ברוסט, האָט געקוקט אויף אים מיט אַן אומבאַשטרייטבאַרער פֿרייד און געזאָגט: — איך גיי מיט אײַך, ביטע צוּוואַרטן אַ ווײַלע. איך וועל באַלד זײַן גרייט.

און זי איז פֿאַרשוואונדען אין איר צימערל.

דער אָוונט איז אַוועק אין שפּאַנונג. די אויסדרוקן פֿון אַבֿטונג, וואָס מען האָט אַרויסגעוויזן ווירגיניאַן האָט אויף אַ מינדסט ניט געענדערט די באַשיידענע מיינונג, וואָס זי האָט געהאַט וועגן זיך אַליין. ערווין האָט געטאַדעלט איר ענווות.

— אַ בראַכעלע גרויסהאַלטונג איז נוצלעך — האָט ער געזאָגט. — דאָס שאַפֿט דיסטאַנץ. —

אָבער ווירגיניאַ איז ניט געווען מסוגל צו בלאָזן פֿון זיך, דערין האָט געשטערט איר אײַנגעבוירענע באַשיידנקייט. פֿרעד קינאַסט, איינער פֿון ערווינס פֿרײַנט האָט געהאַלטן און געוואָלט, אַז ערווין זאָל אים באַשטעטיקן, דאָס ווירגיניאַ איז ענלעך צו לוקרעציאַ טאָרנאַבוני פֿון באָטיטשעלי. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס טאָרנאַבוני איז טראַקטירט טראַגיש, בעת פֿרײַליין געסנער צייכנט זיך אויס מיט אַן אינגערלעכער פֿריילעכקייט.

ווירגיניאַ האָט אויפֿגענומען די דאָזיגע קריטיק מיט אַן אָנגענעמען צווייפֿל.

— מען קאָן ניט דורכפֿירן קיין אַנאַליז פֿון אַ נשמה אויפֿן יסוד פֿון איין אָוונט-ברויט — האָט ערווין קאַלט באַמערקט.

עס האָט זיך, נאַטירלעך, ניט געענדיקט אויף דעם איינציקן נאַכטמאָל. מאַריאַנאַ פֿאָן פֿליגעל האָט גענומען אויף זיך די אויפֿגאַבע אַרײַנצופֿירן ווירגיניאַן אין דער וועלט. ווירגיניאַ האָט אָפֿט זיך געבראָזט, אָבער די ענערגיע פֿון מאַריאַנאַן האָט נובר געווען איר ווידערשטאַנד. זי איז געגאַנגען אויף טיי צו די

באַראַנעסע רעסאָוו, צו וועלכער זי האָט אונגיכן דערפֿילט אַ לעבּהאַפֿטע סימפּאַטיע. מאַריאַנאַ האָט דאָס באַמערקט מיט אומצופֿרידנקייט, און זי האָט געזײַעט אונצוטרוי

מאַריאַנאַ פֿאָן פֿליגעל איז געווען די טאָכטער פֿון אַ באַרימטן דאָקטאָר און פּראָפֿעסאָר, וועלכער האָט אין אַ געווויסן טאָג, אַ געמאַטערטער דורך שאַנטאַזשיסטן, און גײַסטיקער צעריסנקייט אַרײַנגעשאָסן זיך אַ קויל אין קאָפּ. מיט דעם דאָזיקן פֿאַל זענען געווען פֿאַרבונדן מאוסע קלאַנגען. מאַריאַנאַס מוטער איז פֿאַר צען יאָר אַנטלאָפֿן מיט אײנעם אַ פּיאַניסט. נאָכן מאַנס טויט איז זי צוריקגעקומען אַן אַלטע און אַ פֿאַרגליווערטע. זי איז געוואָרן משוגעדיק, מען האָט זי אויסבאַהאַלטן פֿון מענטשן. דרײַ פֿון אירע ברידער האָבן געלעבט אויפֿן ברייטן פֿוס, אפֿילו שוין נאָכן צעטרענצלען פֿון דער ירושה. מאַריאַנאַ האָט געפֿירט דאָס הויז. קײנער האָט ניט געוואוסט פֿון וואַנען זי האָט געהאַט געלט. בײַזע צינגער האָבן דערצײלט, אַז אין איר סאַלאָן האָט מען בײַנאַכט געשפּילט אין געהײם. די נויט, וואָס באַהאַלט זיך אונטער אַדאַמאַס-פּאַרטיערן און צעדריוועלטע גאָבעלינען, האָט מאַריאַנאַן אויסגעלערנט צו באַשווינדלען קורצזיכטיקע געסט. דער נאָמען פֿון איר פֿאָטער האָט אויף איר אַרויפֿגעלײגט די פֿליכט צו האַלטן פֿאַסאָן אויף אויסן. די ברידער זענען געווען כּלומרשט ממזרים, וועלכע האָבן אויף אַ חוצפּהדיקן אופֿן צוגעאײגנט פֿאַר זיך דעם פֿאַמיליע-נאָמען, וואָס די מוטער האָט שוין לאַנג צוטרעטן מיט די פֿיס. די אַכט- און צוואַנציק-יעריקע פֿרײַלין האָט געקוקט אויף דער אַרומיקער וועלט מיט פֿאַרהוילענעם עקל. די אײנציקע רעטונג פֿאַר איר עטוועגן איז געווען אַ רײַכער שידוך; זי האָט וועגן דעם גוט געוואוסט. זי האָט אויך גוט געוואוסט, אַז דער, מיט וועלכן זי האָט געדאַרפֿט חתונה-האָבן איז געווען ערווין רײַנער.

מען האָט געקאָנט צווײַפֿלען, צי מאַריאַנאַ איז געווען אַ שײַנע. זי האָט געקאָנט זיך ווײַזן. זי איז געווען אַ צווייט-ראַנגיקע שײַנהייט, וואָס איז בעשטאַנען פֿון איבונג, געוויינהייט און געשמאַק. זי האָט געהאַט אַ פֿיגור. איר הויט האָט געהאַט אין זיך פֿון דער

מאַטקײט פֿון אױסגעװאַשענעם זײַד. איר פּראָפֿיל איז געװען באַװאונדערנס־װערט. אױף אַ טײל פֿון אירע פּאָרטרעטן איז דער פּראָפֿיל געװען עטװאָס סטאַטוע־אַרטיק. אין לעבן איז ער געװען מױט.

איר נישט־דורכדרינגלעכקײט פֿלעגט אַמאָל צושמידן ערװינגען. איצט האָט זײַן װילן פֿלאַמיק געשטרעבט צו אַן אַנדער ציל. מאַריאַנאַ האָט דאָס אױפֿגענומען װי אַ באַשטימונג. זי איז געװען גרײט אים צוצוהעלפֿן אין דעם שפּרונג אין די פֿלאַמען; זי האָט געגלױבט, דערװאַרט און געהאָפֿט, אַז אַמאָל װעט ער צוריקקערן זיך מיט אַ צעשפּאָלטן האַרץ, כּדי צו דערגרייכן זי, מחמת קײן אַנדערע װעט אים נישט זײַן אַזױ נאָענט. זי האָט קײנמאָל נישט געטראַכט װעגן אים אָן האַס, קײנמאָל נישט אָן שרעק, קײנמאָל נישט אָן דער טשיקאַװעקײט פֿון אַ מענטש, װעלכער װײסט נישט, װאָס עס טוט זיך הינטער דער מױער, פֿאַר װעלכער ער גײט פֿאַרבײַ יעדן טאָג.

עס איז געװען אין אַ געװיסן אָװנט אין יאַנואַר. מאַריאַנאַ האָט געפֿײַערט איר געבױרן־טאָג און װירגיניאַ איז אַװעק צו איר. זי האָט דאָרט געטראָפֿן אולריך צימערמאַנען, װעלכן זי האָט געזען ערשט דאָס צװײטע מאָל. מאַריאַנאַ האָט אים געשיצט מיט איר זאָרגעװדיגקײט; זי האָט אים טראַקטירט װי אַ דיכטער, דאָס הײסט, זי האָט אים טראַקטירט שלעכט. אולריך איז געװען אַ שװײַגנדיקער. װירגיניאַ האָט זיך געפֿילט זשענירט, װאָרום זײַן בליק האָט זי אײַנגעשנט פֿאַרפֿאָלגט. צום גליק איז ערװין אָנגעקומען אינגיכן. מיט אים איז מיטגעקומען גראַף פֿאַלעסטער. דער גראַף האָט װײניק געקענט מאַריאַנאַן. װען מען האָט אים פֿאָרגעשטעלט פֿאַר װירגיניאַן, איז זײַן באַגריסונג װײַט געװען פֿון שטײַפֿקײט, דער שמײכל — װײַט נישט קײן געצװאונגענער. זײַן גלענצנדיקע באַנעמונג איז געפֿעלן געװאָרן װירגיניאַן. קױם האָט זי זיך אַרײַנגעלאָזט מיט אים אין אַ פּלױדערײַ װעגן מאַנפֿרעדן און זײַן רײזע, האָט זי באַלד דערפֿילט, אַז פֿאַלעסטער איז, װי אַלע עמיצער, אױפֿריכטיק איבערגעגעבן מאַנפֿרעדן.

מאַריאַנאַ איז געװען אין גוטן הומאָר און האָט פֿאָרגעלײגט

צו אָרגאַניזירן אַן אויספלוג מיט שליטלעך אין די בערג. אַלע האָבן מסכים געווען דערויף; עס איז תיכף באַשטימט געוואָרן דער טאָג פון דעם אויספלוג און די שעה פון טרעפן זיך אויפן באַן־הויף. ערווין האָט געזאָלט טעלעגראַפיש באַשטעלן שליטלעך. ער האָט אויסגעפרעגט ווירגיניאַן וועגן די פּרטים, פּונקט ווי זי וואָלט זיך אויסגעצייכנט געקענט אויף שליטלען־זיר. ווירגיניאַ האָט געצווייפלט, צי זי וועט קאָנען נעמען אָנטייל אין דעם אויספלוג, אָבער זי האָט זיך אונטערגעגעבן אַלעמענס פאַרלאַנג.

בעתן שמועס, וואָס איז געפירט געוואָרן אויף דער דאָזיקער טעמע, האָט מאַריאַנאַ פּלוצלינג אָנגענומען ווירגיניאַן ביי דער האַנט און זי אַריינגעפירט אין שכנותדיקן צימער. די פּאָרטיער, וואָס האָט געדינט פאַר אַ טיר, האָט אָפּגעטיילט דעם צימער פון דעם זאַל, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די גאַנצע געזעלשאַפט.

— איר זענט שיין, פריילין ווירגיניאַ — האָט מאַריאַנאַ געזאָגט שטיל. — איהר מוזט זיך היטן.

ווירגיניאַ איז בלייך געוואָרן. אירע ליפּן האָבן באַוואויגן זיך צום פרעגן.

— צי האָט איר עמיצן בכיון באַליידיקט? — האָט מאַריאַנאַ געצויגן. — אפשר ביי די רעסאָוו? אָדער נעכטן ביי די וועלהאוסענס? דערמאָנט זיך.

— איך ווייס וועגן גאָרנישט — האָט ווירגיניאַ געשעפּטשעט אַן איבערגעשראָקענע — וואָס איז געשען?

— אַלזאָ, אונטערן באַדינג פון טיפסטער געהיימניש, ווירגיניאַ: ערווין האָט צוליב אייך געהאַט אַ פאַסירונג.

— וואָס הייסט?

— וואָס דאָס הייסט? אַ געווויסער הער האָט געברויכט אַ נישט געהעריקן אויסדרוק וועגן אייך און ערווין האָט פאַרלאַנגט אויפקלערונגען.

— אַ נישט געהעריקן אויסדרוק? וועגן מיר? — ווירגיניאַס אויגן האָבן געפינקלט, די ליפּן זענען בלאַס געוואָרן.

— זייט פאַרשטענדיק — האָט מאַריאַנאַ זי באַרויקט. — באַהערשט זיך. אויף אַזעלכע זאַכן איז מען שטענדיק אויסגע־

שטעלט. דאָס רוב געשפּרעכן איז אונזערע ספערן פאַשטייט פֿון בארערן אפּוועזנדע.

— וואָס פאַר אַ נישט אַנטשפּרעכנדיקער אויסדרוק איז דאָס געווען?

— איך ווייס נישט.

— ווער איז דאָס געווען?

— דאָס... דאָס דאַרפט איר נישט וויסן.

— און ערווין?

— ערווין? ער האָט געהאַנדלט, ווי עס דאַרף האַנדלען אַ פריינט. איך האָב דאָך איבער געזאָגט.

— איך פאַרשטיי דאָס נישט.

— ער וועט זיך שלאָגן.

— אַ דועל?

— מאַריאַנאַ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

ווירגיניאַס אויגן האָבן זיך נאָכאַמאָל צעבלישטשעט. דערנאָך איז זי צעטומלט געוואָרן.

— איך וואָלט שוין געוואָלט אהיימגיין. צי קאָן איך אַרויסגיין גלייך דורך דאַנען?

— יאָ. אָבער איר קאָנט דאָך נישט גיין אַליין.

— איך האָב נישט קיין מורא. איך וויל זיין אַליין.

— דאָס קאָן מען נישט, ביינאַכט... אולריך וועט אייך אַפּפירן.

מאַריאַנאַ האָט פאַרבויגן די פאַרהאַנג און גערופן אולריך צומערמאַנען. מיט פרייד האָט ער אָנגענומען איר אויפטראָג.

מאַריאַנאַ איז צוריק אַריין אין סאַלאָן.

— פרײַליין נעסנער האָט געבעטן זי אַנטשולדיקן פאַר אייך. זי האָט זיך געפילט נישט גוט און איז אהיימגעגאַנגען — האָט זי געזאָגט צו פאַלעסטערן און ערווינגען.

ערווין האָט אַ גרויזאַמען בליק געוואָרפן אויף מאַריאַנאַ. גראַף אטאָקאַר האָט זיך קורץ נאָכדעם געזעגנט.

— וואָס האָט פּאַסירט צווישן אייך? — האָט ערווין געפרעגט, ווען זיי זענען געבליבן אַליין, און זיין בליק איז געוואָרן נאָך גרויזאַמער.

מאַריאַנאַ האָט אַרויסגענומען דעם פּאָרטסיגאַר, האָט אָנגע-צונדן אַ מיניאַטור-פּאַפּיראָס און גלייכגילטיק געזאָגט:

— ווי באַשטייט אייגנטלעך דיין ענין מיט איר?

— ביסט אַן אומטאַקטישע, מאַריאַנאַ, דעם שטריך האָב איך ביי דיר נישט געקענט. — האָט ער געזאָגט.

— איך וויל דיר בייהילפֿיק זיין, נישט מיר — האָט מאַריאַנאַ געטענהט, לאַווירנדיק פֿון ערווינס פֿאַרוואונדערטער מינע. — איך האָב געטון אַזוי, אַז דו וועסט זיך שוין נישט קאָנען אַרויסדרייען. איך האָב דיך פֿאַרפּלאָנטערט אין אַ דועל. אין אַ געזעלשאַפֿט האָט מען וועגן איר גערעדט מיט פֿאַראַכטונג — דאָס כּשרע לעמעלע האָט אַפֿילו נישט געצווייפֿלט דערין — דו ביסט אַרויסגעטרעטן ווי אַ ריטער און פֿאַרטיידיקט איר האָנאָר, די פֿאָלגן זענען קלאָר. איך האָב איינפֿאַך אויסגעטראַכט אַזוינס, צו וואָס די פּושערישע ווירקלעכקייט האָט נישט געקאָנט זיך דערשלאָגן.

ערווין האָט אַ פֿאַרחידושטער צעעפֿנט די אויגן.

— און דו האַלטסט אין דער אמתן, אַז איך וועל מסכּים זיין דערויף? — האָט ער געפֿרעגט.

— דו מוזט. וואָס אַרט עס דיך?

— אַ שיינער ענטפֿער: וואָס אַרט עס דיך? צי מיינסטו, אַז איך האָב שוין נישט וואָס צו פֿאַרלירן?

— נו, דיר וועט מען שטענדיק גלויבן. ביסט אין דער מאָדע.

— אַ דועל אָן אַ קעגנער, אָן סיבה, אָן פֿאָלגן?

— צי האַלטסטו נישט, אַז דאָס איז גלענצענד? ענדלעך עטוואָס אָריגינעלעס. די גאַנצע געזעלשאַפֿט וועסטו אַרומפֿירן ביי דער נאָז, וואָרום אַלע מוזן געוויס וויסן וועגן דעם, אַנדערש האָט דאָך דאָס אינגאַנצן נישט קיין צוועק, און קעגנפֿאַל וועט דיין מאַרמאָר-געמיט בלייבן אַ נישט דערגרייכטע. דאָס האַרץ פֿון דער פֿרוי, ווי עס זאָל נישט זיין איר נאַטור, לענקט זיך שטענדיק לויט דעם, וואָס די וועלט זאָגט וועגן מאַן. וועגן מפֿרסם זיין די זאַך וועל איך שוין מאַכן באַמיונגען. וואָס ריזיקירסטו? גאָרנישט. האָסט נישט געהרגעט דיין קעגנער, מחמת ער האָט קיינמאָל נישט געלעבט. און אויב ער לעבט נישט, וועט מען אים קיינמאָל נישט

געפֿינען. מיר בײדע װעלן שװײַגן.

ערווין האָט זיך ברייט צעזעצט אין שטול און אָנגעהאַלטן דעם פֿאַרענטש מיט ביידע הענט. אים האָט באַהערשט אַ שטיקנד געלעכטער.

— דײַן עקספּערימענטאַלע פּסיכאָלאָגיע איז אַ נישט אָפּגעשאַצטע, ליבע מאַריאַנאַ — האָט ער לסוף פֿאַרזיכערט, דערבײַ האָט אויף זײַן פּנים געקעמפּט די צופֿרידנקייט פֿונם אײַנפֿאַל מיט אַ לײַכטער פֿאַראַכטונג פֿאַר דער פּערזאָן. — דאָס האָט עפּעס אין זיך, יאָ, איך קען נישט פֿאַרלײקענען. עס האָט עפּעס אין זיך. אָבער דו װעסט מיר געװיס נישט נעמען פֿאַר אומגוט, אַ פּאַפּירענער קראַנץ פֿון לאָרבער רײצט מיך װײניק.

— דאָס װאָלט געװען די גרעסטע נאַרישקייט, װאָס דו קאָנסט באַגיין. דו װאָלסט דאָס מײדל אָפּגעקילט אויף שטענדיק. זי װאָלט דיר קײנמאָל נישט מוחל געװען, אַז זי האָט אומזיסט איבערגעלעבט אַ פּחד צוליב דיר.

— אַ פּחד?

— געװיס. זי האָט מורא פֿאַר דיר. און זי מוז מורא האָבן, אויב זי האָט אַ האַרץ. מען האָט זי באַלײדיקט, און זי איז די נקמה=געמערין. אויב דו װעסט שטורמען די דאָזיקע אילוזיע, װעסטו פֿאַר איר אויסזען לעכערלעך. אַזוי איז די נאַטור פֿון דער פֿרוי. אַ חוץ דעם איז אַ גוט=נאָכגעמאַכטער לאָרבער=קראַנץ שענער װי אַ פּאַיאַץ=היטל.

— פֿאַרװאָס? — האָט ערװין פֿרײַ געזאָגט — אַ פּאַיאַץ=היטל קען מען טראָגן מיט אַזאַ שטאָלץ װי אַ קרוין.

— און אַ חוץ דעם, צי זאָל איך אפֿשר גילטן אַלס ליגנערין?

— גאָט מײַנער, אַ טעות, אַ פּליאַטקע...

מאַריאַנאַ האָט אויף אים האַרט געקוקט.

— דו װעסט דאָס נישט טון, ערװין. איך קען דיר. עס װאָלט דאָך געװען פּיליסטעריש, װען דו װאָלסט אויף דעם קאַרנאַװאַלשפּאַס געקוקט טראַגיש.

— און װאָס פֿאַר אַן אינטערעס האָסטו דערין, מאַריאַנאַ?

— איך, איך װאָלט געװאָלט, אַז די דאָזיקע קלײנע אַװאַנ-

טוריסטקע זאל וואס פלינקער זיין ווייט פון דיר. איך אבסארביר דיך צופיל. — האט מאריאנא געענטפערט עטוואס קאלט.

ערווין האט געמוזט א שמייכל טון. די בליקע ראלע פון א העלד, וואס עס האט אים אנגעווארפן מאריאנא, האט דערוועקט אין אים א לייכטן ווידערווילן, ער האט אבער אין זיך מודה געווען, אז ער האט דורכדעם פיל געוואונען. און דערפאר, ווייל די טיף־איינגעווארצעלטע פאראכטונג צו מענטשן האט אים משפיע געווען גרינגצושעצן די צוואנגען פון קאנווענאנס, כאטש אין פלוג האט ער זיך באצויגן צו זיי גאנץ דערטרעגלעך, האט ער לייכט אנגענומען דאס דאזיגע ריזיקאלישע שפיל פאר א פריילעכן שפאס, וואס ער וועט יעדע רגע אן שוועריקייט קאנען ליקווידירן.

נישט פארראטנדיק זיך מיט די דאזיקע געדאנקן איז ער אויפגעשטאנען און קאלט געזאגט:

— נו, צום ווידערזען איבערמארגן. איך וועל אפטרעטן נאך דיר און ווירגיניאן.

— דו גיסט מיר נישט די האנט?

ערווין האט מאריאנאן געגעבן די האנט אזוי ווי מען גיט דעם לאקאי א קאפעלוש.

— און יענע, וואס הערט זיך מיט איר? — האט מאריאנא געפרעגט מיט אראפגעלאזטע ברעמען.

— וועלכע יענע?

— די שוועסטער פון פרעד קינאסט...

— דו מיינסט אודאי די פרוי צורמילען? עס גייט איר גאנץ גוט. א גוטע נאכט, מאריאנא.

ווירגיניא האט א גאנצע נאכט נישט געקאנט צומאכן קיין אויג. אפשר הונדערט מאל האט זי זיך דערמאנט, וואס זי האט געזאגט אומעטום, וואו זי איז געווען, וואס מען האט איר געענטפערט; זי האט זיך דערמאנט די פנימער, נישט־אויפריכטיקע און אדורכדרינגענדע. ארום דריי האט זי אנגעצונדן די לאמפ, האט גענומען א שפיגל און גוט אנגעקוקט דאס אייגענע פנים. זי האט זיך פארגעווארפן, אז זי האט צופיל געלאכט.

צומארגנס האבן זיך די שעהן פויל געשלעפט. ווירגיניא האט

נישט געקאָנט אַרבעטן. איר מורא האָט זי געזען דאָרט, וואוהין
עס האָט איר געוויזן מאַריאַנאַ. זי האָט געוואָלט אָנשרייבן אַ
בריוו, אַז זי זאָגט זיך אָפּ פֿון דעם מאָרגנדיקן אויספֿלוג, אָבער
זי איז נישט געווען דעצידירט. די אומענטשלאָסנקייט איז געווען
אַ צושטאַנד, וועלכן זי האָט געוויינלעך נישט געקענט, אַ פֿאַר-
האַסטער צושטאַנד, וואָס האָט איר פֿאַרטונקלט דעם געדאַנק.

אַזוי ווי ערווין איז נאָכמיטיק נישט געקומען, איז זי אַרום
זעקס אַוועק צו מאַריאַנאַן. זי האָט זי נישט געטראָפֿן אין דער
היים. זי האָט געבעטן די דינסט, אַז זי זאָל ווייזן דעם טעלעפֿאָן,
און געהייסן זיך פֿאַרבונדן מיט ערווינס ווילע. ער איז אויך נישט
געווען אין דער היים. ווען זי האָט אַוועקגעלייגט דעם אַפּאַראַט,
האָט זי אין שכנותדיקן צימער געהערט צוויי זיך שפּאַרנדיקע
מענער-שטימען. פּלוצלינג איז עפּעס אַ טויט-בלייכער מאַנספּאַר-
שוין אין צילינדער אַרויסגעלאָפֿן פֿון צימער, אַדורך נעבן איר
און אַראָפּ אויף די טרעפּן. עס איז געוואָרן שטיל. ווירגיניאַ איז
אַוועק אַן איבערראַשטע.

זי האָט קוים באַוויזן אַריינצוגיין אין דער וואוינונג, ווי דער
גלאָק האָט גענומען קלינגען. דאָס איז געווען מאַריאַנאַ. זי האָט
נישט געוואָלט אַריין אין צימער, האָט זיך שטאַרק געאײלט.

— איך האָב אײַך נאָר געוואָלט זאָגן, אַז אַלץ איז גליקלעך
אַדורך, — האָט זי געשעפּטשעט אָן אָטעם, אַרומנעמענדיק מיט
ביידע אָרעמס ווירגיניאַס האַלז און קושנדיק זי אין מויל.

— וואָס איז געשען? ערווין איז געזונט? — האָט גע-
פֿרעגט ווירגיניאַ, וועמען עס האָט זיך געדאַכט, אַז אײַזערנע
פֿויסט האָט אַרויסגעלאָזט איר קאַרק פֿון אַ שטאַרקער דריקונג. —
און יענער?

— אַ לייכטע וואונד. אַ צייכן בלויז, גאָרנישט מער. גוטע-
נאַכט, מײַן טײַערע, צום ווידערזען! איר זאָלט זײַן גרייט אויף
מאָרגן. מיר וועלן זיך פֿריילעך ווײַלן.

ווירגיניאַ איז געבליבן אַ פֿאַרטראַכטע.

צומאָרגנס אינדערפֿרי איז זי געפֿאָרן מיט מאַריאַנאַן און
ערווינען אויף דער סטאַציע, וואו עס האָבן שוין געוואַרט אויף זיי

אולריך צימערמאַן און גראַף פּאַלעסטער. אין דער קופּע האָט אולריך זיך געזעצט נעבן ווירגיניאַ. ווירגיניאַ האָט זיך שנעל צוגעוואוינט צו זיין אַרט אויפפירונג. דאָס, וואָס ער האָט דערציילט, איז געווען גייסטיק וואָגיק, אָבער די איראָניע לגבי זיך אַליין, האָט עס ווייכער געמאַכט. ער האָט גערעדט וועגן אַמעריקע ווי אַ מענטש, וואָס האָט געזען אַ דערהויבענע און איבעראַשנדיקע וויזיע.

אין פייערבאַר האָבן זיי זיך איינגעזעצט אין אַ שליטעלע און געפאָרן אין דער ריכטונג פון העלענטאַל. די לופט האָט געפינקלט פון דער פראָסט, דער הימעל פון בלויקייט, עס האָט נישט געבלאָזן דער מינדסטער ווינט, דער שניי איז געלעגן אויף די בוימער אין דיקע שיכטן. אין דער פייערלעכער שטילקייט האָבן נאָר אָפּגעקלינגען די גלעקלעך פון די פערד.

זיי זענען צוגעפאָרן צו אַן איינזאַמען פאָלוואַרק אויף פרישטיק. אין דער שבתדיקער שטוב האָט אַן אַלטער פּויער געשפּילט אויף אַ האַרמאָניקע, מאַריאַנאַ האָט אים צוגעפירט פאַר דער האַנט, געבעטן צו שפּילן אַ וואַלס. ער האָט דאָס נישט געקענט. מען האָט דעריבער אַריינגעפירט אַ צווייטן פּויער, וואָס האָט דאָס יאָ געקענט. ערווין און אולריך האָבן געטאַנצט מיט די מיידלעך. גראַף אָטאָקאַר איז געבליבן אויפן אָרט. מאַריאַנאַ האָט פאַרטרעטן דעם מאַנגעל אין גראַציע איר טעמפּעראַמענט. ווירגיניאַ האָט געטאַנצט, ווי אין אירע אָדערן וואָלטן געברויזט די גאַנצע זיסקייט און פייער פון פרילינג. די גלייכגילטיקייט האָט זי פערלאָזט, עס האָט זי באַרוישט דאָס ליכט און די לופט, די זון און דער ווייסער שניי. זי איז געשוואוּמען אין ערווינס אָרעם, מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ ווי אַן עלף איבערן ברעג פון טייך אין לבנה-ליכט.

פלוצלינג, אין טאַנץ, האָט זיך ווירגיניאַ אומגעריכט פאַרהאַלטן, צוגעמאַכט די אויגן און אַרוים פון טאַנץ-קרייז. זי האָט אַ טראַכט-געטון וועגן מאַנפרעדן און וועגן דעם, וואָס איז געלעגן צווישן איר און ערווינען. זי האָט מער נישט געטאַנצט.

צוריקוועגס איז זי אויך געווען אָן הומאָר. מאַריאַנאַ, דאָ-

גראַף און אולריך האָבן אויך געשוויגן. בלויז ערווין, שטענדיק אַ באַגייסטערטער, האָט רעציטירט לידער, אַלטע דײַטשע לידער און אַנדערע, וואָס זייער אָפּשטאַמונג האָט ער נישט דערמאָנט. איין ליד האָט באַזונדערס געפֿאַלן ווירגיניאַן, און זי האָט געבעטן, ער זאָל עס איבערחזרן. יעדע סטראָפֿע האָט זיך געענדיקט מיטן רעפֿרען: „אַמאָל האָב איך געקענט גיין אָן פֿאַרמאַטערונג, הײַנט מאַטער איך מיך נישט גייענדיק“.

אָבער ווען זי האָט אין דער פֿינסטערניש באַמערקט ערווינס בליק, וואָס האָט גערוט אין איר, האָט זיך אין איר פּלוצלינג דערוועקט אַ צאָרן און אַ שעמעוודיקײַט. זי האָט דעם דאָזיקן מענטש גאָרנישט געוואָלט האָבן פֿאַרוואָס צו דאַנקען, זי האָט אים נישט געוואָלט געבן די רעכט אָנצונעמען זיך פֿאַר איר, זי האָט נישט געוואָלט גאָרנישט שולדיק זײַן. עס האָט געמוזט קומען צו דעם, אַז ס'זאָל זײַן דערפֿון אַ רייד. אַך! צונגען, וואָס האָבן געציִשעט אויף איר! מאַנפֿרעדס שטאָלץ איז געווען אין איר באַליידיקט, איר אָנגעהעריקײַט צו אים איז געווען באַדראָט.

דאָס לעבן האָט זיך איר איצט אויסגעוויזן צו זײַן נישט אַזוי איינפֿאַך ווי פֿריער. אין אַ געוויסן מאָרגן איז זי געגאַנגען דורך אַ קליין געסל. אויסמײַדנדיק גיך אַ דראָזשקע, האָט זי זיך אָנגעשטויסן אָן אַ האַנטוועגעלע, פֿון וועלכן עס איז אַרויסגעפֿאַלן אַ לענגלעך בלעכן קעסטל. דאָס דעקל פֿון קעסטל האָט זיך געעפֿנט, עס האָט זיך דערפֿון אַרויסגעגאָסן וואַסער און אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך אויפֿן ברוק געוואַלגערט עטלעכע גאָלדענע פֿישעלעך, נורנדיק זיך אינם פֿריש-געפֿאַלענעם שניי. עס איז געווען אַ שיין און ווײַטיקלעך בילד. ווירגיניאַ האָט זיך פֿאַרהאַלטן און פֿאַרטראַכט געקוקט אויף די הענט פֿון די אַדורכגייער, וואָס האָבן געהאָלפֿן אַרײַנוואַרפֿן די פֿישלעך צוריק אין קעסטל. צו שפּעט! איידער מען האָט געבראַנגט וואַסער, איז די גרעסטע טייל שוין געווען אויסגעפֿגרט.

דאָס בילד האָט זי פֿאַרפֿאָלגט. אין אַ בריוו צו מאַנפֿרעדן האָט זי זיך באַמיט צו שילדערן עס, אָבער עס האָט איר אויסגעפֿעלט אַ לאָגישע צונויפֿבינדונג. עס איז געווען אַ שטורמישער

אָוונט, דאָס לבנה־ליכט האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין די פֿאַרשנייטע קאַנטן פֿון די דרויסנדיקע פֿענצטער־פּאַראַפּעטן. אויף דעם טורעם פֿון דער פֿייער־קירכע האָט דער זייגער אויסגעשלאָגן האַלבע נאַכט. ווירגיניאַ איז געזעסן מיט אַ פֿעדער אָנגעשפּאַרט אָן שטערן, מיטן בליק איינגעקוקט אין די רעשטלעך פֿון אויסגייענ־דיקן פֿייער אין אויוון און געטראַכט וועגן די גאָלדענע פֿישלעך. די מוטער האָט גערופֿן, אַז ס'איז שוין צייט צו שלאָפֿן, אָבער ווירגיניאַ האָט געענטפֿערט, אַז זי האָט נאָך אַ סך צו שרייבן. איר פּנים איז געווען איינגעהילט אין קופּערנעם שאָטן פֿון אירע צע־לאָזענע האָר.

# די פיגור פון מאנאגרי

אין אַלע סאַלאָנען פֿון דער שטאָט האָט מען גערעדט וועגן ערווין ריינערם דועל. איינציקע צייטונגען האָבן אַפֿילו דערמאָנט וועגן דעם. עפּעס אַן אַרבעטער־צייטונג האָט אָנגעפֿרעגט די רעגירונג ווי לאַנג זי האָט נאָך בדעה געדולדיק איבערצוטראָגן די בלוטיקע שפּילן פֿון די בעסערע צען טויזנט, און אַ רעפּאָרטער פֿון אַ געווויסער צייטונג האָט, לשם פּאָליטיקע, צוגעגעבן דעם גאַנצן ענין פּיקאַנטע איינצלהייטן. ערווין האָט דערהאַלטן אַ פּאָליציישע אויפֿפֿאָדערונג, ווערנדיק אָנגעפֿרעגט וועגן זיין קענגער, האָט ער געצויגן מיט די אַקסלען און געענטפֿערט, אַז קיין שום כח אויף דער וועלט קען אים נישט צווינגען צו אומדיסקרעציע. ער האָט אַפֿילו אָפּגעלייקנט דעם פֿאַקט גופֿא, און דערקלערט, אַז ער וועט זיך אונטערגעבן די באַווייזן, וואָס וועלן אויסגעפֿינען ווערן קעגן אים. דער ערנסט פֿון די באַאַמטע האָט אים געווייזט אַזוי ווי די נייגעריקייט פֿון די באַקאַנטע. מיט שווערקייט האָט ער געהערשט איבער זיך. אַזוי ווי קיין אַנדערער האָט נישט געקענט זאָגן דעם נאָמען פֿון פּאַרטנער פֿון דועל, איז דער גאַנצער ענין געוואָרן נאָך מער סודותדיקער. מען האָט געשמועסט, אַז די סיבה פֿון דועל איז געווען עפּעס אַ שיינע פֿרוי, וועלכע ערווין האָט פֿאַרטיידיקט, אָבער ווען מען האָט עמיצן געפֿרעגט וועגן פּרטים, האָט ער געמוזט שווייגן. אַ גאַנצן מאָרגן האָט געקלינגען דער טעלעפֿאָן מיט אָנפֿראַגן וועגן ריינערס געזונט. ווילכטעל האָט שטענדיק געגעבן דעם ענטפֿער, אַז זיין הער פֿילט זיך אויסגעצייכנט. אין דער קאָרעספּאָנדענץ האָט זיך אויך געפֿונען אַ בריוו פֿון העלענע צורמילען, אַרויסווייזנדיק אַן אויפֿ-

דיכטיקע און הארציקע זארג. „ווען איך וואלט וויניקסטנס געוואוסט צוליב וואס איר האט זיך איינגעשטעלט אייער לעבן", האט זיך געענדיקט דער בריוו; „איך ציטער ביים געדאנק, אז איר זענט געשטאנען פנים לפנים מיטן טויט. פאר מיר איז דער טויט גארנישט איבערראשנדיק, פאר אייך איז ער אין מיין הארץ עפעס שרעקלעכעס. אלץ איז מיר געווארן פרעמד, די צוקונפט און די קעגנווארט זענען אפגעפאלן פון מיר, אליין בין איך זיך געווארן פרעמד און איך האב זיך געדארפט האסן, ווען איך וואלט גענוג שטארק געווען דערויף".

ערווין האט געענטפערט: „איר זאלט נישט צעבלאזן א נארישקייט ביז צו א קאטאסטראפע, העלענע. איך בין פריי, ווי א פיש אין וואסער. זיין פרעמד זיך אליין איז א צושטאנד, וועלכן עס איז ווערט מקנא צו זיין, וואס ברענגט דעם פאעט צו אומשטערבלעכע שטימונגען, אבער מיט האס? ניין. זיין פרעמד אין דער ליבע, פרעמד זיך אליין, פרעמד קעגנזייטיק — דאס איז א וועג צו פולקומענקייט, צום גענוס פון דער וועלט".

ווען ער האט דעם בריוו אפגעגעבן ווילכעלען, איז אריינגעקומען זיין פאטער. — גוט מארגן, אלטינקער. — האט מיכאל רייכער געזאגט. — וואס איז געשען? מענטשן דערציילן עפעס א נארישקייט. די ביזט נישט פארוואונדעט? ניין? גאט צו דאנק!

ער האט גערעדט, אטעמענדיק עטוואס שטארקער. זיין פנים האט געהאט די קאליר פון געזונטע זקנים, ער האט געטראגן אן עסטרייכישע בארד מיט אן אויסגעגאלטע גאמבע. ער איז געווען פון אן אטלעטישן קערפער-בוי און אויסגעזען ווי א מענטש, וואס טראגט לייכט אריבער דערפאלגן און מיסערפאלגן.

א גרענעצלאזע ליבע, וואס ער האט געפילט צום זון, האט זיך געלאזט באמערקן אין זיין יעדע באוועגונג. די אומרויקע בליקן פון א מענטשן, פון וועלכן עס פאדערט זיך געלט און נאך געלט, האבן דערשראקן געזוכט אין זונס פנים א צייכן פון א וואונטש. ערווין איז געזעסן ביים גרויסן רונדיקן טיש, וואס איז פול געווען מיט זעלטענע עקזעמפליארן פון ענגלישער און אמעריקאנער

דרוק־קונסט, און פֿון צײַט צו צײַט געשריבן פֿאַרשיידענע נאָטיצן אויפֿן בלויזן פּאַפּיר. דער אַלטער האָט זיך צוגעקוקט דערצו און אַ פֿרום שווײַגן.

— דו בלײַבסט אויף מיטאָג? — האָט ענדלעך ערווין קאַלט געפֿרעגט.

— אויב דו דערלויבסט — גערן — האָט מיכאַל רײַנער געענטפֿערט און זיך אויסגעשנײַצט די נאָז. דאָס האָט געקלינגען ווי אַ דאַנקבאַר ברומען פֿון אַ הונט.

— איך דערוואַרט נאָך אַ גאַסט, דעם יונגען צימערמאַן, — האָט ערווין געצויגן, — דאָס וועט דיר אודאי נישט שטערן. איך מוז מיט דיר רעדן, פֿאָטער, מיר קענען דאָס באַלד דערלײַדיקן. איך דאַרף האָבן אַ גרעסערע סומע, זעהר אַ גרויסע סומע. אויב דאָס איז דיר נישט צו דער האַנט, זאָג אײַנפֿאַך ניין, איך וועל נישט זײַן בייז אויף דיר, כאָטש דער ענין איז פֿאַר מיר זייער וויכטיק.

— איך פֿריי זיך, אַז דו האָסט צו מיר צוטרוי, ערווין, געוויס בין איך צו דײַן דינסט.

מיט אומגעשיקטע טריט איז ער צוגעגאַנגען צום שרײַב־טיש, אַרויסגעריסן אַ צעטל פֿון טשעק־בוך און מיט אַ פֿרעגנדיקן בליק געקוקט אויף ערווינען, וועלכער האָט געזאָגט די סומע, און אין אַ ווײַל אַרום האָט ער געהאַט אַ טשעק, וואָס ער האָט, נאַטירלעך, אַרײַנגעלייגט אין טאַש; ער האָט בלויז געהאַלטן פֿון אַריסטאָ־קראַטישע פֿאַרמעגנס, געירשנט פֿון דור צו דור און אויסגעשטאַט מיט דער שענסטער עלעגאַנץ, נישט צוטריטלעך פֿאַר פּאַרוועניס.

מיכאַל רײַנער האָט אויך געהאַט אַ ביטע צום זון. זײַט פֿונפֿצען יאָר האָט ער כמעט אַלע אָוונטן פֿאַרבראַכט בײַ פֿרוי ענגעלהאַרדט, אַ פֿאַרמעגלעכע אלמנה נאָך אַ תבואה־מעקלער, ווי דאָקטאָר צימערמאַן האָט שוין דערמאָנט ווירגיניאַן און פֿרוי נעסנער, האָט זיך דער אַלטער רײַנער אײַנגעצוויִנגט צוגעוואוינט צום געדאַנק און צוםבאַגער צו הייראַטן די דאָזיקע פֿרוי, וואָס איז אים געווען געטרײַ אָן גרעניצן. ער האָט קיינמאָל נישט גערעדט דערוועגן מיט ערווינען, אָבער ערווין האָט געוואוסט ווי עס זעט

אוים און איז אַמשאַרסטן געווען דאַגעגן. ער האָט פּשוט זיך
געמאַכט נישט זען זיין פֿאָטערס פֿריינדין. פֿרוי ענגעלהאַרדט
איז שוין לאַנג געווען באַליידיקט דערפֿון, און מיכאל האָט מיט
האַרץ־קלאַפּונג געמאַכט איצט אַ פּרובע, כּדי צו נויגן ערווינען צו
באַערן פֿרוי ענגעלהאַרדט מיט אַ וויזיט.

— דו קענסט מיר מאַכן די דאָזיקע אַנגענעמלעכקייט, —
האָט ער געבעטן, — איך וואָלט דיר זייער דאַנקבאַר געווען. איך
האָב דאָס צוגעזאָגט מאַלווינאַן, און זי וועט דיר אויפֿנעמען ווי
אַ פֿירשט. זאָג מיר נישט אָפּ, ערווין, פֿאַר דיר איז עס נאָר
אַ פֿראַגע פֿון אַ שעה צייט און מיר וועסטו פֿאַרשאַפֿן אַ פֿרייד אויפֿן
גאַנצן לעבן.

ערווין האָט זיך צעלאַכט.

— דו ביזט נישט אויפֿריכטיק, פֿאָטער, — האָט ער געזאָגט
מיט אַ פֿאָרוואורף. — עס איז נישט שיין, וואָס דו ווילסט מיך גע־
נאַרן בנוגע דיינע פּלענער. איך האָב, געוויס, נישט קיין חשק צו
שטערן אויסצופֿירן וועלכן עס איז פּלאַן, אָבער איך וואָלט געוויזן
די גאַנצע וועלט די לעכערלעכקייט פֿון דאָזיקן פּלאַן, ווען איך
וואָלט דיר געוואָלט דערין העלפֿן. ניין, פֿאָטער, ניין! נישט
געקוקט אויפֿן גאַנצן כּבוד, וואָס איך בין דיר שולדיק, וועל איך
קיינמאָל נישט איבערטרעטן די שוועל פֿון הויז, אין וועלכן עס
וואוינט די דאָזיקע פֿרוי. דו ווילסט הייראַטן? — גוט. אָבער
פֿאַרלאַנג נישט פֿון מיר, איך זאָל רימען דיין שריט. איך האָב
דערמיט קיין שום שייכות נישט. אַ פֿרעמדע פֿרוי פֿון מיין
פֿאָטער וועט קיינמאָל נישט ווערן מיין מוטער. פֿאַר מיר וועט
זי שטענדיק זיין אַ ספּריטנע פֿרוי פֿון אַ תּבואה־הענדלער.

דער אַלטער איז אַנטשוויגן געוואָרן אַ צעשמעטערטער. די
אַמאָליקע טאַטעס, האָט ער זיך געטראַכט, האָבן געמוסרט די זין,
און היינט איז פֿאַרקערט; ווי די צייטן ענדערן זיך. —

אויב עס ווילט זיך אין פֿינפֿאונזעכציקסטן לעבנסיאָר הייראַטן — האָט ערווין געצויגן מיט אַ שמייכל — דאַרף מען נעמען
אַ פֿירשטין, כּדי אויסצומיידן דאָס לצנות פֿון דער וועלט. די
ליידנשאַפֿטן קענען זיין פֿלעגמאַטיש, ווייל זיי זענען פֿאַריבערגייענ־

דיך. דורך דער הייראַט רופֿט מען אַלס עדות די אומשטערבלעכקייט. זיי מספּים דערמיט, פֿאָטער. איבעריקנס, — האָט ער לעבהאַפֿט צוגעגעבן, — איידער איך פֿאַרגעס, האָב איך נאָך צו דיר אַ קליינעם ענין. ראָזאַנאַ שערק האָט עפּעס אַ יינגע פֿעיקע פֿריינדין, וועלכער עס גייט איצט זייער שלעכט. איך האָב צוגעזאָגט עפּעס צו טון פֿאַר דעם דאָזיקן מיידל. די האָסט דאָך קאַנטשאַפֿט אין די טעאַטער־קרייזן. די דערלויבסט, כ'זאָל שיקן צו דיר דאָס מיידל, זי הייסט מאַרטנס, קריסטינאַ מאַרטנס?

מיכאַל רייגער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, נישט פֿילגדיק אין וואָס פֿאַר אַ פּעטליע ער לאָזט זיך פֿאַנגען. בעת'ן מיטיק איז געווען שווייגזאַם און ווייל ער האָט געוואוסט, אַז זיין קלאַפּן מיטן צונג און זויגן בעתן עסן דענערווירט ערווינען, האָט ער כמעט גאָרנישט געגעסן. ווען אולריך האָט גערעדט, האָט מיכאַל רייגער אומזיניק געקלאַפּט מיטן גאָפּל אויפֿן טעלער, אָבער ווען ערווין האָט גענומען אַ וואָרט, האָט ער ערנסט געהערט. נאָכן מיטיק האָט ערווין פֿילבאַר אַ קוש געטון דעם פֿאָטער אין באַק און אים פֿאַרגעלייגט זיין קאַנאַפּע זיך אויסצורוען.

וואָס פֿאַר אַ שיינע באַציונגען הערשט צווישן זיי, האָט אולריך געטראַכט, וואָס האָט זיך אין דער אַנוועזנהייט פֿון אַלטן געפֿילט עטוואָס קרעמפּירט. ער האָט געהערט צו יענע אַבסערוואַטאָרן, וואָס זעען גאָרנישט, און מיינען אָבער, אַז זיי האָבן אַלץ געזעען.

ערווין און אולריך זענען געזעסן צוזאַמען אין ביבליאָטעק און פֿאַרויכערט פּאַפּיראָסן, צוטרינקנדיק מאָקאַ פֿון קליינע גאָלדענע פֿילושאַנקעס.

— אויף וואָס אַרבעט איר? — האָט ערווין געפֿרעגט.

— איך שטודיר איצט מיראָוויטשס געשיכטע, — האָט אולריך צימערמאַן געענטפֿערט. — ווייסט איר, ווער מיראָוויטש איז געווען?

— ניין.

דאָס איז געווען אַן אויפֿשטענדיקער פֿון די צייטן פֿון דער גרויסער קאַטאַרינאַ.

— אַזוי? דאָס זענען אַלטע צײַטן, נו, און וואָס איז מיט אים געשען?

— זאָל איך אײַך געבן דערצײַלן? וועט עס אײַך ניט לאַנגווײַלן? נו, הערט. מאַראָווידש איז געווען אַ קלײנער שלאַכטשיץ פון אַ געפאַלענער פאַמיליע און געדינט פאַר אַ קלאַגנדיקן געהאַלט אין דער קייזערינס אַ פולק. עס האָט דעמאָלט געלעבט נאָך אַ פרעטענדענט צום קייזערלעכן טראָן, דער ברוינשווייגער פירשט איוואַן אַנטאָנאָוויטש. ער איז לאַנגע יאָרן געווען געפאַנגען אין דער שליסלבורגער פעסטונג אַלס נאָמענלאָזער אַריסטאָקראַט. אָבער דאָס גאַנצע לאַנד האָט גערעדט וועגן אים, און דאָרט, וואו מען האָט ניט מורא געהאַט פאַר אויערן פון שפיאָנען, האָבן אַלע רחמנות געהאַט אויף זײַן גורל. געוויס שטרעבט קאַטאַרינאַ, אַז דאָס אומאַנגענעמע איבערבלײַבעכץ פון דער פריערדיקער דינאַסטיע זאָל וואָס פריער פאַרשווינדן און דעריבער גיט זי אַרויס אַ באַפעל, אַז די צוויי אָפיצירן, וואָס היטן אים און זענען אַזוי אַרום אַלײן אַרעסטאַנטן, זאָלן אים דערשיסן, האָבנדיק דעם מינדעסטן פאַרדאַכט, אַז ער וויל אַנטלויפן, אָדער עמעם אַ פאַרשווערונג האָט בדעה אים צו פאַרלײַכטערן דאָס אַנטלויפן. און אָט קומט מיראָוויטש מיט אַן אָפטײַלונג זעלנער קײַן שליסלבורג צו האַלטן די וואַך אין דער פעסטונג. ער האָט אײַנאונצוואַנציק יאָר, ער האָט איבערגעלעבט אַ מלוכה-פאַרשווערונג, האָט געזען, ווי קלײנע מענטשן, וואָס האָבן געהאָלפן קאַטאַרינאַן דעראָבערן דעם טראָן, זענען געוואָרן רײַך און אָנגעזען. און ער וויל אויך ווערן רײַך און אָנגעזען, און האָבן האָט ער דרײַ אײַביק-הונגערדיקע שוועסטערן און אַן אײַביקן האָפנונגלאָזן פראָצעס מיט דער קרוין. ער קאָן ניט רויבערן, ער קאָן ניט טרינקען, ער קען ניט שפילן אין קאָרטן, אויף דעם אַלעם האָט ער קײַן געלט ניט. באַלד דערווײַסט ער זיך, אַז דער אַרעסטאַנט, וועלכן ער היט, איז ניט קײַן אַנדערער ווי איוואַנושקאַ, דער קייסער, דער געהײמער קייסער. מיראָוויטש באַשליסט צו באַפרײַען דעם קייסער. ער וויל עס מאַכן אינגאַנצן אַלײן, אויף דער אײגענער האַנט, און דעמאָלט וועט ער רײַך, ער וועט אויפסטײַ

קענען רײַבערן, טרינקען, שפּילן אין קאָרטן. אויב עס וועט זיך נישט אײַנגעבן, וועט זיך נישט אײַנגעבן; און אַזוי איז ער אַ פֿאַרלוירענער מענטש.

— דער דאָזיקער מיראָוויטש איז אַ נאַר, — האָט ערווין רײַנער טרוקן געזאָגט. — ווי אַזוי וועט ער זיך נעמען דערצו אינגאַנצן אַליין?

— יאָ, אינגאַנצן אַליין — האָט אולריך צימערמאַן ווײַטער געצויגן מיט פּאַטאָס. — ער רעדאַגירט באַפֿעלן און מאַניפֿעסטן אין נאָמען פֿון קומענדיקן צאַר. אונטער זײַן קישן ליגן שוין אַלע פּאַפּירן, דער מאַניפֿעסט צום פֿאָלק, די פֿאָרם פֿון דער שבועה, דער באַפֿעל צו די פּולקן. מיראָוויטש האָט נישט קיין שותּפֿים, ער האָט נישט קיין אַנדערע, וואָס ווייסן דעם סוד, ער האָט נישט קיין חברים און ווען ער נעמט אין אַ געוויסער נאַכט איבער מיט זײַן קאָמפּאַניע די דינסט אין דער פֿעסטונג, אַליץ איז פֿאַרזונקען אין רו, כאַפּט מיראָוויטש דאַן די שאַרף, דעם פּלאַשטש און דעם הוט און פֿאַלט אַרײַן אין דער וואַך־שטוב און רופֿט: „צום געווער!". זײַנע זעלנער זענען אים געהאָרכזאַם. דער קאָמענדאַנט לויפֿט אַרויס אין שלאָפֿראָק אויף די טרעפּן און פֿרעגט, פֿאַרוואָס דער גאַרניזאָן שטייט אָן באַפֿעל אין רייען און לאָדנט ס'געווער. מיראָוויטש לייגט אים אַוועק אַ טויטן. ער שטעלט זיך אָן דער שפּיץ פֿון זײַן אָפּטײלונג און אויף דעם רוף פֿון וואַכמײַסטער ענטפֿערט ער: „איך גיי צום קייסער". די שילדוואַך שיסט. מיראָוויטש הייסט אויך געבן פֿײַער, אָבער איידער עס האָבן אָפּגעהילכט די ערשטע סאַלוועס, פֿאַלן אין דער קאַמער די צוויי אָפֿיצירן, וואָס זענען צוגעטײלט געוואָרן צו מיראָוויטשן, און שטעכן אים אַרײַן אַ שווערד אין האַרצן, ווײַל זיי האָבן געהאַט אַזאַ באַפֿעל. איינער פֿון די מערדער טרעפֿט אין קאָרידאָר מיראָוויטשן און זײַנע מענטשן. מיראָוויטש צווינגט אים, ער זאָל אים פֿירן צום קייסער. זיי עפֿענען די טיר פֿון קאַזאַמאַט, ברענגען פֿאַקלען. אויף דער פּאָדלאָגע ליגט אַ טויטער דער קערפּער פֿון איוואַן אַנטאָנאָוויטש, באַדנדיק זיך אין אייגענעם בלוט.

„פֿאַרוואָס — רופֿט אויס מיראָוויטש — „אומגליקלעכע!"

האָט איר פֿאַרגאָסן דאָס בלוט פֿון קייסער?" — „מיר ווייסן נישט, ווער עס איז דער מענטש", — קלינגט דער ענטפֿער. — „מיר ווייסן בלויז, אַז ער איז געווען אַן אַרעסטאַנט". אַפֿילו די זעלנער האָבן אַ ציטער־געטון ביי דער שרעקלעכער סצענע. מיראָוויטש דערנענטערט זיך צום מת, קניט אַנידער, קושט אי־וואַנס הענט און די פֿיס, ווייל איצט, איצט ווערט ער אַ דינער פֿון דאָזיקן מענטש, וואָס איז ביז אַהער געווען פֿאַר אים בלויז אַ מיטל צום ציל. ער הייסט טראָגן דעם מת מיט אַ פֿייערלעכער פּראָצעסיע דורך דער פֿעסטונג, ביים קלאַנג פֿון אַ טרויער־מאַרש. נאָך איינמאָל קושט מיראָוויטש די קאַלטע הענט און זאָגט: „ברידער, אָט דאָס איז אונזער קייסער איוואַן. מיר זענען אָבער נישט גליקלעך נאָר אומגליקלעך. און בלויז איך בין שולדיק, איך טראָג די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר אייך אַלע". אַזוי־נאָך האָט זיך געענדיקט דער אויפֿשטאַנד. קאַטאַרינאַס מיליטער האָט פֿאַר־נישטעט דאָס ביסל מיראָוויטשס זעלנער און ער אַליין איז איינ־געחומען. ער איז געשטאָרבן מיט דער דערהויבנקייט און מוט פֿון אַ העלד. ווען דאָס פֿאָלק האָט דערזען זיין קאָפּ אין דער האַנט פֿון תליין, האָבן זיך דערהערט הויכע זיפֿצן, און דער המון האָט אַ ציטער־געטון אַזוי, אַז די בריק אויף דער נעווע האָט זיך אַ וואַקל־געטון און די פּאָרענטשעס זענען זיך צעפֿאַלן.

אולריך צימערמאַן איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער איז אויפֿ־געשטאַנען און זיך אַדורכגעגאַנגען אין צימער.

— איך פֿאַרשטיי מער־ווייניקער, — האָט ערווין געזאָגט נאָך אַ לאַנגער פּויזע, — איך פֿאַרשטיי דעם אימפּולס...

— איר מוזט דאָס פֿילן, ערווין! איר מוזט פֿילן! — האָט אולריך איבערגעריסן, מורא האָבנדיק פֿאַר צעשטרייאונג, וואָס קומט געוויינלעך ביי קינסטלער נאָך מינוטן פֿון ענטוזיאַזם. — גאַנץ אַליין נעמט זיך מיראָוויטש אונטער אַ האָפֿנונגלאָז ווערק. איינער אַליין שטעלט ער זיך קעגן דער מלוכה, קעגן דער וועלט. און ער טוט עס נישט, ווייל ער איז איבערצייגט אין דער גרויס־קייט פֿון זיין טאַט, נישט דערפֿאַר, ווייל ער וויל נוצלעך זיין מענטשן, נישט דערפֿאַר, ווייל זיין האַרץ איז איבערגענומען פֿון

רחמנות, פֿאַרערונג אָדער ליבע, נאָר דערפֿאַר, ווײַל ער טרוימט וועגן כּבוד, ווײַל ער וויל רויכערן, טרינקען און שפּילן אין קאָרטן. ער איז פּוסט, גיריק און גענוסזיכטיק. פֿון פּוסט און פּאַסטקייט און גענוס־גיריקייט אַנטשטייט בײַ אים דער דאָזיקער וואַנזיניקסטער פֿון אַלע פּלענער. די פּוסטקייט, גיריקייט און גענוס־פֿאַרלאַנג האָבן אים געשטויסן צו דער דאָזיקער טאַט, וואָס איז אויסערלעך, האָט אָבער אַלע סימנים פֿון געניאַליטעט, דרייסטקייט, זעלבסט־באַוואוסטזײַן, אָפּפֿערווילקייט און לײַדנשאַפֿט. און ענדלעך, ווי די טאַט וואָלט פֿאַראײַדלט זײַן נשמה, ווערט ער פֿון אַ געבונדענעם גיריקן מענטש אַזוינס, וואָס איז ענלעך צו אַ העלד. ווײַל אין רעזולטאַט מוז ער ליבן. אָט איז דער זין: דער באַזיגטער מוז ליבן. אַדורכפֿאַלנדיק הויבט ער אָן צו פֿילן די ווירקלעכקייט, זײַן האַרץ האָט זיך איבערגעוועקט, ווײַל ער ליבט. דערין שטעקט דער קרן: ער ליבט, ווען עס איז צו־שפּעט. די ליבע וואָלט אים אפֿשר אויסגעלערנט זיך אָפּצוזאָגן. אָבער מיראָוויטש קאָן זיך נישט אָפּזאָגן. ער וויל רויכערן, טרינקען און שפּילן אין קאָרטן. ער וויל כּבודים און אויסצײַכנונגען. מיראָוויטש וועט זיך קיינמאָל נישט אָפּזאָגן.

ערווין האָט ערנסט געקוקט אויפֿן יונגען פּאָעט.

— און דאָס איז די פּרובלעם, וואָס אַמעריקאַ האָט אין אײַך געבוירן? — האָט ער געפֿרעגט.

אולריך האָט געצויגן מיט די אַקסלען.

— אַמעריקע? ניין. ס'לעבן, אויף יעדן טריט זע איך עפּעס אַ מיראָוויטש, איך זע אים אויף יעדער טריבונע, אין יעדער קאָווראַניע, איך זע אַלטע, יונגע, אָפֿענע און באַהאַלטענע, פֿרעכע און שפּאַסנדיקע, פֿאַרפֿירנדיקע און פֿאַרפֿירטע.

— הייסט עס אַז אַלעגאָריע; און אויפֿסנײַ אַז אַלעגאָריע, — האָט ערווין געענטפֿערט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ — וואָס איז פֿאַר מיר העקובאַ? וואָס זענען פֿאַר מיר די קאַזאַמאַטן פֿון שליסלבורג פֿון טויזנט זיבנהונדערט זיבעציקסטן יאָר? וואָס איז עס אין פֿאַרגלײַך מיט אונזער עלנט, אונזער הונגער, אונזער משוגעת, אונזערע לײַדן? ווידער אַ שוואַכער מענטש, ווידער אַ

שאָטן! אַך, אולריך! אולריך! איך האָב אײַך געשיקט קײַן אַמעריקאַ, דאָס לאַנד פֿון לעבן און צוקונפֿט, איר זאָלט ברענגען די שליחות פֿון לעבן און פֿון דער צוקונפֿט, און איר שטודירט מתים און פֿאַרטיפֿט זיך אין דער פֿאַרגאַנגענהײַט. אָבער טוט, וואָס איר מוזט. אפֿשר בין איך נישט גערעכט, ווײַל איך ליב צופֿיל און באַוואונדער אונזער געגנוואַרט, די עפּאָכע, פֿון וועלכער איך בין באַשאַפֿן.

אולריך צימערמאַן איז בלאַסער געוואָרן און אומבאַוועגלעכער געקוקט אויפֿן דיוואַן. זײַן עלנט? זײַנע לײַדן? וואו זענען זיי? האָט ער געטראַכט. נישט צום ערשטן מאָל האָט זיך די דאָזיקע מאַכטהאָבנדיקע האַנט געלייגט אויף די פֿליגלען פֿון זײַן גײַסט. און ווען ער האָט, שלאָגנדיק זיך מיט אַזעלכע געדאַנקען, געקוקט אין געזיכט פֿון זײַן פֿרײַנט, האָט ער באַמערקט צוויי אויגן, וואָס זענען געווען געווענדעט אויף אים און אויסגעזען ווי אַ רעטעניש. און ווי עס איז די רגע, ווען די מוטער דערפֿילט צום ערשטן מאָל אין איר שויס די באַוועגונגען פֿון קינד, אַזוי האָט אין זײַן פֿאָרשטעלונגס-קראַפֿט פּלוצלינג אויפֿגעבליט אַ נײַ, דײַטלער, באַאומרויִקנדיק בילד פֿון עפּעס אַ פּנים, וואָס איז געווען ער. אָבער די פֿרייד און דער ווייטיק זענען געוואָרן איינס; ווײַל ער האָט ליב געהאַט ערווינען, איז אים געווען טיף דאַנקבאַר און ער האָט געוואָלט ווערן אַ פֿאַרדעקטער אונטערן צוואַנג פֿון אַ צווייטן פּנים. אַוועקגייענדיק מיט אַן אומרויִק געוויסן, האָט ער אויך איבערגעלאָזט ערווינען אין אַ צושטאַנד פֿון אומבאַפֿרידיקטקייט און צעשטרייאונג.

פֿאַר ערווינען זענען געלעגן צוויי פּוסטע שעהן, אַן אומדערטרעגלעכע זאַך: פּוסטע שעהן. כדי צו געבן אַן אויסלאָז די אָנגעזאַמלטע כּחות איז ער אַוועק צו סאַלוויאַטין און גענומען זיך פֿעכטן ביז אַ שווייס האָט אים באַגאָסן. דערנאָך איז ער אָפּגעפֿאָרן אין אוניווערזיטעט, וואו ער האָט געאַרבעט ביז אַכט איבער עפּעס אַן אַלטענגלישן מאַנוסקריפּט. אַכט אַ זייגער האָט אַן אויטאָ אים אָפּגעפֿירט אויף קאָלאַציע אין קלוב, דערנאָך אַהיים.

ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט אים ווײַטעל געמאָלדן, אַז דער גראַף פּאַלעסטער וואַרט אין דער ביבליאָטעק.

ערווין איז אַרײַן אין צימער; פּאַלעסטער איז געלעגן אויף דער קאַנאַפּע, אַ בלײַכער און אַז אויסגעצויגענער, און געשלאָפֿן.

ווי אומאָנגענעם עס איז צו זען אַ מענטש בעתן שלאָף, האָט ערווין געטראַכט, קוקנדיק אויפֿן אײַדעלן פּנים און שלאַנק געשטאַלט פֿון גראַף, ווי אַ מת, וועלכן ער דאַרף פּאַלמעסן; שלאָפֿן, ליגן שטײַף, האָט ער געטראַכט, גאַרנישט וויסן פֿון זיך, וואָס עס ווילט זיך נישט חלומען, און דערבײַ נאָך זײַן געזעען, צי שטייט עס אָן פֿאַר אַ מענטש?

ער האָט אַנגערויכערט אַ קלײנע לוילקע און געצויגן מיט אַ פֿאַרוואָלקנט פּנים. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז קײנער זעט אים נישט, און זײַן פּנים איז געוואָרן טריבער. פּלוצלינג האָט ער דערפֿילט, אַז דעם גראַפֿס בלאָע אויגן זענען אײַנגעקוקט אין אים שטיל און ערנסט. ער האָט געענטפֿערט אויף דעם בליק און אַ שמײכל געטון.

— אַנטשולדיק מיר זײער, — האָט גראַף פּאַלעסטער געזאָגט, אויפֿהויבנדיק זיך. — איך בין געווען אַביסל פֿאַרמאַטערט.

— שטערט אײַך נישט, גראַף. — וועט איר עפּעס עסן?

— אַ טאַסע טיי, אויב איך קען בעטן.

די טיי איז שוין לאַנג געשטאַנען אויפֿן טיש, און בײדע יונגע לײַט האָבן, אַ חוץ קענגזײַטיקע העפֿלעכע ווערטער, גאָרנישט גערעדט צווישן זיך.

— אַ שײנע פּערזאָן, אַן אומגעווײנטלעך שײנע פּערזאָן, — האָט דאָס שווײַגן פּלוצלינג איבערגעריסן דעם גראַפֿס שטים.

ערווין האָט לאַנגזאַם אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

— וועמען מײנט איר?

— נו, דעמזעלבן, וואָס איר, — האָט דער גראַף רויִק געענטפֿערט.

ערווין האָט אַזוי גיך נישט געענטפֿערט. דערנאָך האָט ער געזאָגט אין שפּאָט:

— צי איז דאָס געווען אײנע פֿון אײַערע אַקולטיסטישע

קונצן?

— ניין.

פּאַלעסטערס אויגן האָבן מיט איינמאָל גרין געפּינקלט. — קויפט מיר דאָס אויף, — האָט ער אָנגעהויבן אין אַ ווייל אַרום.

— אַזאַ מענטש ווי דאַלקראָז, וואָס איז זיכער גייסטיק נאָרמאַל, דערצידירט זיך פּריוואַליק אויף אַזאַ לאַנגע צעשיידונג מיט אַ פרוי פון אַזאַ מין, ווי עס איז ווירגיניאַ. צוויי יאָר! אַ צוואַנציקצטל דערפון, וואָס בלייבט מיר, אין בעסטן פאַל, איבער צום לעבן! פאַרוואָס האָט ער זי נישט מיטגענומען מיט זיך. איז דאָס אַ נאַרישקייט, אָדער צי איז דאָס אַ נאַכלעסיקייט? און אַז ער קען נישט אויסנוצן אַזאַ אומגעוויינטלעך גליק, ווי עס איז דאָס אָנקוקן די וועלט, די אמתע וועלט, פרעמדע לענדער, הערליכע נאַטור, אַז די בענקשאַפט מאַכט אים בלינד — דערין איז פאַר מיר נישטאָ קיין ספק.

— מאַנפרעד איז נאָך נישט גענוג רייך, כדי צו קענען געבן דאָס, וואָס ער וואָלט איר געוואָלט געבן, — האָט ערווין זאַכלעך געענטפערט. — ער וואָלט צוערשט האָבן געוואָלט איבערגעקומען אַן עקזאַמען, ער וואָלט געוואָלט דערלאַנגען אַ לעבנס-זיכערקייט, און דערנאָך האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט דאָס עסק מיט די לונגען. ער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב לגבי ווירגיניאַן אויסצוהיילן זיך פון דער קראַנקהייט, און אַזוי ווי ער איז אַרויסגעפאָרן אַלס מיטגליד פון אַ וויסנשאַפטלעכער קאָמיסיע, האָט ער געמוזט פאָרן אַליין. וואָס איז דאָ פאַראַן וואונדערלעכס?

— דאָס איז, ווי איינער וואָלט איבערגעלאָזט דעם טייערסטן דיאַמאַנט אויפן טיש אין אַ קרעטשמע, — האָט פּאַלעסטער געברומט.

די טייערסטע דיאַמאַנטן זענען פאַראַן גנב אָן ווערט — האָט ערווין געענטפערט, און זעענדיק דעם שמייכל, וואָס די ווערטער האָבן אַרויסגערופן ביי פּאַלעסטערן, האָט ער צוגעגעבן: — דאָס האָט געמוזט זיין אַ גנב, וואָס גנבעט נישט פון גדיקייט, נאָר אַלס אַמאַטאָר און קענער. אָבער אַזוי ווי מענטשלעכע דיאַמאַנטן לאָזט מען נישט איבער אַזוי גיך, מוז דער גנב ווערן אַ רויבער.

מיר געפֿינען זיך דאָ אויף דער גרענעץ פֿון די באַגריפֿן פֿון רויב און קריג.

פֿאַלעסטער האָט געשוויגן. ערווין איז אויפֿגעשטאַנען און גענומען אַרומגיין איבערן צימער.

— איר זענט גערעכט, — האָט ערווין אָנגעהויבן אויפֿסניי, — דאָס איז אַ פּנים איז נישט קיין לעבעדיקע מאַסקע. ווי שיין עס איז צו קוקן אין פּנים, און מענטשלעכע געזיכטער! דאָס איז אין אונזער האַרץ ווערט פּלוצלינג צעגאַנגען, די פֿולסן ווערן סימפּאַניש. גראַף, האָט איר זיך צוגעקוקט צו דעם מיידל? אירע באַוועגונגען? ווי אַ נאָמיטאָג־ווינטל וואָלט געוויגט די קעפּלעך פֿון תּבֿואה. איר טרינט! ווי די ערד וואָלט זיך צערטלעך איינגעבויגן. ווי זי האָט געטאַנצט, גרויסער גאָט, ווי זי האָט געטאַנצט! אַזאַ קערפּער ווערט אַ מיסטעריום, זיין הויט ווערט באַדעקט מיט אַ בלישטשענדיקן, אומאונטערגעזוכטן שלייער.

פֿאַלעסטער האָט זיך נישט גערירט. ער האָט פֿאַרמאַכט די אויגן, אַרויסווייזנדיק בלויז אַ שמאָל שפּעלטל, דאָס ברוינלעכע, שפּיציקע בערדל האָט אויסגעזען ווי צוגעקלעבט צום פּנים.

— און טראַכטן, — האָט ערווין געצויגן אַן אויפֿגעהייטער־טער מיט אַ שטיל קול, פֿאַרהאַקנדיק זיך אָפּט, ווי אין אַ מאָנאָ־לאָג, — טראַכטן, אַז דאָס דאָזיקע אָנגענעמע און אומבאַוועגלעכע בליקן קען ווערן דערוועקט צו אַ גלוסטונג; אַז דער דאָזיקער האַר־מאָנישער שפּיל פֿון די באַוועגונגען איז געהאָרכזאַם דעם ריטם פֿון ליידנשאַפֿט; זעען, אַז די דאָזיקע פֿולקומענע ליניען קענען דורך גלוסטונג דערפֿירט ווערן צו אַ פּרעכטיקער אַנטוויקלונג, אַז דעם דאָזיקן קאַלטן שטערן קען, אפֿשר באַפֿאַרבן אַ פֿלאַם, אַז די דאָזיקע אַקסלען וועלן ציטערן, די ליפּן וועלן זיך הערלעך צעעפֿענען, די בלאַסע אָדערן וועלן זיך אָפּרופֿן מיט אַ העכערן שלאָגן, די צניעותדיקע האָר וועלן זיך צעשוואומען און פֿרייע כוואַליעס, אַז עס עקזיסטירט אַ מאַכט, וואָס איז פֿעיק די דאָזיקע אַבסאָלוטע רויִקייט צו פֿאַרוואַנדלען אין דער גרעסטער אומרויִקייט: פֿון דערוואַרטונג צו בענקשאַפֿט; פֿון בענקשאַפֿט צו צעמישונג, פֿון צעמישונג צו צער, פֿון צער ביז זעלבסטאַנטזאָגונג, זיך וואַרפֿן

אין תהומות פון פארצווייפלונג און אויף דער העלסטער הויך פון גליק! טראכטן וועגן דעם! טראכטן וועגן דעם!

— געגנוג, ערווין, גענוג! — האט דער גראף געשעפטשעט מיט א פארשטיקט קול.

— גענוג? פארוואס גענוג? קיינמאל נישט גענוג! קיינמאל נישט! — און מאנפרעד! מאנפרעד באזיצט נישט די מאכט, וועגן וועלכער איך רייד. מאנפרעד האט זיך באפרידיקט מיטן סאמע אנהויב פון פענאמען. ער האט געברענגט ווירגיניאן אזש אויפן שטח פון פייער, כדי איר צו זאגן: ער האט זיך נישט פארברענט! אין מורא האט ער אוועקגעדרייט דעם קאפ און געכאפט אירע הענט, גיכער פארפילנדיק, אז זי האט ליב פייער און דערהאַרט פון אים, אז ער זאל באזיגן איר ווידערשטאנד. אט אזוי האבן זיי זיך אפגעשמועסט, אין מורא — איינער פארן אנדערן, און זיך גישט דיערוועגט צו ווערן קיין מענטשן, זענען נישט אריין אין גן-עדן אויס מורא. אז זיי זאלן נישט פון דארט ארויסגעיאגט ווערן. דאס זענען פיליסטערישע ענינים, גראף, א פיליסטערישער גורל. די השגחה האט געשאנקען דעם פילבארסטן פון אלע פיליסטערן א בלאען וואגיער, א פרייליער, שפילנדיק באשעפעניש, א וועזן באשאפן זיך אפצוגעבן און פארשאפן זיגליכע פרייד, און ער? ער פירט זי צו דער דאזיקער גרעניץ, וואו דאס פארגעפיל איז נאך נישט קיין זיכערקייט, וואו האלב-אויפגעוועקטע קען דער שלאפנדיקער מער נישט איינשלאפן. אי זע, איך פיל דאס אלץ און עס גיט מיר נישט קיין רו. עס איז איבער מיינע כחות איבערצולאזן דעם דאזיקן דימאנט אין דער קרעטשמע אויפן טיש. מען דארף האבן אזוי פיל פאנטאזיע, וואס א זשאבע, אבי צו האבן די סיבות, וואס זענען בלויז באהאלטעניש פאר שוואכע און נאראנים. אט האט איר מיך, גראף, אט האט איר מיך מיט הויט און ביינער.

פאלעסטער האט אויפגעעפנט די אויגן און אנגעקוקט ערווינען מיט א טיפן און ציגלייך וואונדערלעך מילדן בליק.

— איר זענט זיך טועה, — האט ער געזאגט, — איך האב אייך נישט, נישט די הויט און נישט דאס הארץ. אייך קאן איך

ניט האָבן. איר אַליין ווייסט אפשר ניט דערפון. איר באַזיצט אייך ניט און איר באַזיצט גאָרנישט; גאָרנישט און קיינעם ניט.

ערווין האָט געשמייכלט. דער גראַף האָט געצויגן:

— אָבער דאָס איז ניט קיין אַרגומענט. מיין אַרגומענט באַשטייט פון דריי ווערטער: ווירגיניאַ ליבט מאַנפרעדן. קעגן ליבע קעמפט גאָט אַפילו אומזיסט.

— ווירגיניאַ ליבט מאַנפרעדן, — האָט ערווין איבערגעחזרט.

— ליבט! אָ, עס איז נישטאָ קיין ספק, אָבער די דאָזיקע ליבע איז ניט קיין פולקומענע, שעפט ניט אויס איר גורל. צווישן מאַנפרעדן און ווירגיניאַ איז נאָך דאָ אַ געניוג=גרויסער ניט אינטערגעזוכטער באָדן, וואָס דערוועקט מיין נייגעריקייט. עס איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין געפיל, וואָס מען קען ניט אַרויסרופן מיטן ווילן, יעדע ליידנשאַפט קען זיין אַ געבוירענע, אַ צעטרעטענע, אַן איבערגעטראָגענע. דאָס איז נאָר אַ פראַגע פון גייסטיקער ענערגיע און פון דער פעיקייט אַרויסצורופן אילוזיעס, אָדער צו פאַרטרעטן די אילוזיעס, וואָס באַשטייען פון וואָרנונגען.

פאַלעסטער האָט געמוזט אַ שמייכל טון צוליב דער ערנסטן מין, וואָס באַהאַלט שווינדל. ערווין האָט געשמייכלט צוזאַמען מיט אים.

— איר האָט מיך פולשטענדיק באַרויקט, — האָט גראַף אַמאַקאר האַרציק געזאָגט. — איר זענט אַן אויסגעצייכנטער לאָגיקער און נאָך מער, איר האָט הומאָר. דאָס באַרויקט מיך פולשטענדיק.

ערווין האָט זיך נאָך העכער צעלאַכט מיט אַ קלאָר געלעכטער פון אַ קינד.

— וואָס לייגט איר איין, גראַף, קעגן דעם דערפאָלג פון מיין אינסטרומענט? — האָט ער געזאָגט.

— אַלץ, וואָס איר ווילט — האָט פאַלעסטער פריי געענטפערט.

— אפילו פראָוויינס מיניאַטורן?

פאַלעסטער האָט געצווייפלט.

— אפילו די מיניאַטורן, — האָט ער געענטפערט, באַ=

װענגדיק די אַקסלען.

ערווין האָט אויף אים ערנסט געקוקט און באַמערקט אין פֿעלעסטערס שטריכן יענעם אויסדרוק פֿון מיסטישער פֿאַרטראַכטקייט, וואָס האָט פֿאַר אים אַמאָל קאַמוש אויסגעזען, צײַטנווײַז — אומנאַטירלעך. דערנאָך האָט ער געפֿרעגט:

— נו, מסכים? איר וועט מיר פֿאַרקויפֿן די מיניאַטורן אין טאָג, ווען איך וועל אײַך באַווײַזן, אַז מײַן פֿריִב האָט זיך אײַנגעגעבן?

— אין דאָזיקן טאָג וועט איר דערהאַלטן די מיניאַטורן; פֿעלעסטער האָט זיך אויפֿגעשטעלט.

— וואָס פֿאַר אַ שפּאַס? וואָס פֿאַר אַ שפּילן? — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל און לײַכטן אומווילן — אָבער עס איז שפּעט. עס איז צײַט צו גיין אַהיים.

— געלטיקט איבער בײַ מיר, — האָט ערווין פֿאַרגעלייגט.

דער גראַף האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך באַגריסט מיט אַ דאַנק. ערווין האָט פּלוצלינג געוואָלט דערוויסן זיך עפּעס פֿון די געהיימניספֿולע לעבנס-באַדינגונגען פֿון דאָזיקן מענטש און געפֿרעגט, צי ער קאָן אים אַמאָל באַזוכן.

— דאָס וועט זײַן פֿאַר מיר זייער אָנגענעם — האָט דער גראַף געזאָגט מיט אַ קוים-באַמערקבאַרן אומווילן; — אָבער איר מוזט זיך צוערשט מעלדן, ווײַל אַנדערש וועלן די טירן זײַן פֿאַרמאַכט.

נאָכן גאַסטס אַוועקגיין האָט ערווין פֿאַרלאָשן אַלע לאָמפּן, מיטן אויסנאַם פֿון איינער אויפֿן שרײַב-טיש. זײַן פּנים האָט אויסגעדריקט עפּעס אַן אָנשטרענגונג, אָבער נישט קיין אָנשטרענגונג פֿון צופֿיל קלערן, נאָר אַן אומגעדולדיקייט דורכן דערגרייכן דעם ציל. ער האָט זיך צײַטנווײַז אויפֿגעשטעלט און זײַנע הענט האָבן זיך פֿאַרלוירן אין פֿויסטן.

פּלוצלינג איז זײַן בליק געפֿאַלן אויף דער פֿיגור פֿון טאַנאַגרי, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן טיש. די דאָזיקע פֿיגור האָט געהאַט דאָס בשופֿרידיקסטע געשטאַלט, וואָס מען קאָן זיך פֿאָרשטעלן און אַ קאָפּ פֿון העכלעכער שיינקייט. עס האָבן איר בלויז געפֿעלט

אָרעמס. ערווין האָט זי געגומען אין דער האַנט, אויף זײַנע ליפּן האָט זיך געשפּילט אַ נאַריש, נישט־אַנטשלאָסן שמייכעלע און דער וואונדערלעך־אָנגעשטרענגטער אויסדרוק אויפן פּנים האָט זיך נאָך מער פֿאַרשטאַרקט. ער האָט זיך געוואָרפֿן אויפֿן פֿאָטעל, האָט אַוועקגעשטעלט די פֿיגור אויפֿן ברעג פֿון טיש נעבן זיך און איבער אַ האַלבע שעה האָט ער זיך מיט אַ מאַגישן בליק אײַנגעגעסן אין דער פֿיגור, אין דער העכסטער נערוון־שפּאַנונג. ער איז בלייך געוואָרן און זײַנע אויגן האָבן אָנגענומען אַ שוואַרצע גלאַנצלאָזע פֿאַרב. זײַן לאַנגזאַמער בליק האָט זיך גענומען לאַנגווײַלן; ער האָט זיך אַ ריס געטון פֿון אָרט, האָט מיטגענומען די פֿיגור און דער האַנט און די ליפּן האָבן גלוסטיק געצויגן צו איר. גלוסטיקייט און באַרוישונג האָבן אויך געהאַט זײַנע באַוועגונגען, און זײַן בליק איז נאָך אַלץ געווען אַ באַפֿעלנדער, פֿול מיט אַ מאַגישן בלישטשען. ער האָט געוואָלט די פֿיגור אַוועקשטעלן אויף אַ צווייט אָרט. ווען ער האָט געמאַכט אַ טריט, איז די פֿיגור אַרויסגעפֿאַלן פֿון זײַנע הענט און איז איצט געלעגן פֿאַר זײַנע פֿיס אויף אַן אָרט אויף דער פּאָדלאָגע, וואָס איז נישט געווען פֿאַרדעקט מיט קיין דיוואַן. זי איז געלעגן פֿאַר אים מיט אַן אָפּגעהאַקט קעפּל.

צי קאָן מען זיך פֿאָרשטעלן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן אַזאַ האַנדלונג און אַ שלאָפֿנדיקער האַנדלונג, וואָס געפֿינט זיך ווײַט? דער שטראָם פֿון שרעק, בלענדונג, פֿאַרגעפֿיל, וואָס דרינגען אַרײַן דורך די מויערן פֿון די הײַזער?

אין דער דאָזיקער צײַט האָט ווירגיניאַ געהאַט אַזאַ חלום: זי איז געשטאַנען אַליין אויף עפּעס אַ טעראַסע אויפֿן פֿינפֿטן שטאָק פֿון אַ ברענענדיקער געבײַדע. עס איז שוין נישטאָ קיין טרעפּ, מען זעט נישט קיין אויסגאַנגען, אַרום ליגן רויכערנדיקע הויפֿנס אַש. ווירגיניאַ שטייט אויפֿן ברעג פֿון דאַך און קוקט אַרײַן אין דער טיפֿעניש; אויף דער גאַס זעט אַלץ אויס, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען; די פֿורן פֿאָרן, און מענטשן גייען ווי געוויינטלעך. ווירגיניאַ שרײַט אויף הילף, אָבער קיינער הערט נישט. זי רופֿט נאָך און נאָך אַמאָל אויף הילף, אָבער פּלוצלינג

באַמערקט זי, אַז זי רופֿט בכלל נישט אויף קיין הילף, האָט בדעה צו רופֿן הילף, נאָר זי געפֿינט נישט קיין ווערטער. יעצט ווייזן צו ווירגיניאַן אַרויף עטלעכע מענטשן — אַזוי גלייכגילטיק, אַז דאָס האַרץ שטאַרבט איר אָפּ. פּלוצלינג הויבט זיך אָן אויף די צושמעטערטע מויערן אַרויפֿצודראַפּן ערווין ריינער מיט אַזאַ פֿאַרוואונדערנדיקער געשיקטקייט, אַז ווירגיניאַן נעמט דאָס האַרץ אָפּשטאַרבן. ווירגיניאַ ווערט צעמישט, ווייל זי דערמאָנט זיך, אַז זי איז שלעכט אָנגעטון און טראָגט אַ פֿאַרטוך, אין וועלכן עס פֿעלן קעשענעס. נעבן איר געפֿינט זיך אַ ריזיקע סטאַטוע פֿון ליים. ערווין אַנטדעקט איר דעם סוד, אַז אינטער דער דאָזיקער סטאַטוע געפֿינט זיך אַ פֿאַרבאָרגענער וועג צו דער גאַס. דער קאָפּ פֿון דער סטאַטוע זאָל זיין אַ בעוועגלעכער, און בלויז ער אַליין נעמט זיך אונטער צו געפֿינען די ספּרווזשינע, מיט וועלכער מען קאָן דעם קאָפּ מאַכן באַוועגלעך און עפֿענען די טיר. ווירגיניאַ געפֿינט זיך מיט ערווינען אין אַ טונקעלן דורכגאַנג. ערווין שווייגט. דאָס שווייגן איז שרעקלעך. ווירגיניאַ רופֿט אים, אָבער רופֿנדיק פֿאַרגעסט זי זיין נאָמען. יעצט דערמאָנט זי זיך דאָס וואָרט הילף, און זי רופֿט אויף הילף.

ביי דעם דאָזיקן געשריי האָט זיך ווירגיניאַ אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף.

זינט דער דאָזיקער צייט האָט זי זער אַ סך געלייענט צוליב חלומות. און אַמאינטערעסאַנטסטן — אויך מאַנפֿרעד האָט געשריבן וועגן חלומות, וואָס זייער זין איז פֿאַר אים געווען אומפֿאַרשטענדלעך און פֿאַרשטאַנען אין גייסט.

# דער האַלזבאַנד פֿון פּערל.

עס איז אַװעק אַ װאָך און ערװין האָט זיך נישט געװיזן אויף דער פּײַער־גאַס. װען ער האָט זיך ענדלעך באַװיזן אין דער געװײנטלעכער שעה, האָט װירגיניאַ נישט געקאָנט פּטור װערן פֿון אַ פֿאַרפֿלײצטונגס־געפֿיל. בלויז זײַן פֿרײַלעכע פֿרײקײט האָט זי אָנגעשטעקט מיט רו. ערװין האָט געפֿרעגט װעגן איר אַרבעט. װירגיניאַ האָט געענטפֿערט, אַז זי מאַכט ערשט אַ פּרובע, אַז דאָס אויסקלויבן פֿאַרבן און מינים פֿון האַלץ איז זײער שװער, אָבער די אַרבעט פֿאַרשאַפֿט איר גרויס פֿרײד.

ערװין איז געװען אין דער מײנונג, אַז צו דער קונסט איז די פֿרוי מער פּאַסנדיק, װי צו אַן אַנדערער שעפֿערישער אַרבעט.

— איבריקנס — האָט ער געצויגן — האָב איך אַ געװיסע הערלעכע מאָזאַיק פֿון אײנעם פֿון די איצטיקע פֿראַנצויזישע אַרטיסטן, װאָס באַהאַנדלט דעם מאַטעריאַל אויף אַ זײער באַלערנדיקן אופֿן. צי װאָלט איר עס נישט געװאָלט זען?

— זײער גערן — האָט װירגיניאַ געענטפֿערט.

— איר װאָלט געקאָנט האָבן אַ נוצן דערפֿון, — האָט ערװין געזאָגט. — אפֿשר װעט איר באַלד גײן מיט מיר, — האָט ער פֿאָרגעלײגט, אויפֿשטעלנדיק זיך.

װירגיניאַ האָט געװאַרט מיטן ענטפֿער.

— דאָס איז דאָך אוממעגלעך — האָט זי געזאָגט עטװאָס אַ פֿאַרװאונדערטע.

— אוממעגלעך? — האָט ערװין זיך אָנגערופֿן כּלומרשט אויך אַ פֿאַרװאונדערטער — פֿאַרװאָס אוממעגלעך? אַה, יאָ. — האָט ער צוגעגעבן, קלאַפּנדיק זיך מיט דער האַנט אין שטערן —

איר האַלט, אַז איר דאַרפֿט אומבאַדינגט האָבן אַ דאַמע צו דער געזעלשאַפֿט! פֿאַרצייַט מיר, דאָס איז געווען אַ פֿרייַנטלעכער פֿאָרשלאַג, איך בין נישט פֿאַרגעבנייַט געווען אויף אַ פּאַטש.

ער האָט געכאַפּט דעם קאַפּעליוש.

— צי מיינט איר ווירקלעך, — האָט זיך נישט דרייסט אַרייַנגעמישט פֿרוי געסנער, וואָס איז געווען אַן עדות פֿון דאָזיקן מיינונגס=אויסטויש, — אַז אַ יונג מיידל קאָן אַזוי אָן איבערקלער באַזוכן די וואוינונג פֿון אַ יונגען מענטש?

— ניין, טייַערע מאַמאַ, דורכאויס ניין, — האָט ערווין גע=ענטפֿערט מיט אַ געפֿעליקן ערנסט. — איך באַטראַכט מייַנע ווייזיטן בייַ אייַך פֿאַר נישט צו דער זאַך. דאָקטאָר צימערמאַן האָט דאָך אייַך אויפֿגעקלערט, ווי געפֿערלעך דאָס איז. אַ יונג מיידל דאַרף קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן וועגן תהום, וואָס טיילט אָפּ אַ מאַן פֿון אַ פֿרוי. מען דאַרף נישט אַרייַנאָטעמען אין איר אַזוי פֿיל שטאָלץ און שכל, אַז זי זאָל זיך זאָגן: דאָס, וואָס איך טו, האָט זייַן רעכט און זייַן באַרעכטיקונג אין זיך זעלבסט. דאָס איז לחלוטין אין אָרדנונג. אָבער געוויסנהאַפֿט און ווייניקער פֿאַר מיר דערנידעריקנדיק וואָלט געווען מיר זאָגן: קוש מיר אין הענטל און רעד נישט וועגן פֿילאָזאָפֿיע.

ערווין האָט אַן צווייפֿל געוואוסט, ווי די ווערטער האָבן פֿאַרשעמט ווירגיניאַן. ווירגיניאַ האָט געפֿילט, אַז זי איז באַ=גאַנגען אַ פֿעלער, אָבער מען האָט אויף איר נקמה גענומען איבער דער מאָס; דער דאָזיקער קאַלטער חוזק האָט זי פֿילבאַר באַליי=דיקט. אָבער זי האָט זיך נישט געוואָלט וויַזן פֿאַר באַליידיקט; אַמבעסטן וואָלט געווען אַדורכלאָזן די באַליידיקונג דורך די אויערן. אָבער אַן איבערלעגטער אינסטינקט האָט איר אָפּגעזאָגט אַרויסצווייַזן געהאָרכזאַמקייט צו ערווינען. זי האָט זיך אָבער באַהערשט און געזאָגט מיט אַ טאָן פֿון אַ באַשטראָפֿטן בעל=עבירה'ניק:

— איך גיי מיט אייַך.

— בראַוואָ, ווירגיניאַ! — האָט ערווין אויסגערופֿן. — אָבער ווי אַזוי דאַרף איך אָפּזאָגן פֿאַר אַזאַ פּלוצלינג=געג=

דערטער שטימונג? — האט ער מילד צוגעגעבן. — לאזן מיר עם צו רו אויף היינט. דער שכל האט געזיגט, מער וועלן קאן איך נישט. איבריקנס, מיך באזוכן איז פונקט ווי גיין אין א מוזעאום.

אבער ווירגיניא האט שוין געהאט אנגעטון דעם קאפעלוש און געזאגט מיט א לייכטן שמייכל:

— איך בין גרייט.

פרוי געסנער, וואס האט נישט שטענדיק פארשטאנען ווירגיניאס האנדלונג, האט זיך צוגעקוקט מיט אינטערעס.

שווייגנדיק זענען זיי אראפ פון די געדרייטע טרעפן. אויפן ערשטן הויף איז פאר זיי אדורכגעלאפן א קאץ. ווירגיניא האט זיך אפגעשטעלט אויף א ווייל און איר גערופן. זי האט נישט געקענט אדורכגיין נעבן חיות און בלומען אן א קורץ געשפרעך און אן א סימפאטישן בליק.

אין א האלבער שעה ארום זענען זיי געווען ביים ציל.

ערווינס ווילע איז געווען א געביידע פון די צייטן פון קאנגרעס. אין יענער עפאכע האט זי געדינט אלס אויסרו-ארט עפעס א פארמעגלעכן מלוכה-מאן. דאס אינערלעכע אויסזען, צוגלייך שטרענג און פארנעמענדיק, איז געווען אין הארמאניע מיט דער דארפישער אומגעגנט. די אינערלעכקייט פון הויז איז געווען אויפפאלנדיק מיט דער גרויסער צאל רוימען. פון א הויכן און עטוואס אומעטיקן פארערצימער האבן פינף טירן געפירט אין די פארטער-שטובן, און ברייטע הילצערנע שטיגן מיט קליינע טרעפלעך ארויף אין דער הויך. דער אויפנעם-זאל, וואס זיין סטיל און איינארדנונג האט דערמאנט פאנסוקי, האט פון דער פארק-זייט געהאט אן אוואלע וואנט; גרויסע, גלעזערנע טירן האבן געפירט צו די אויסערלעכע שטיגן. אין דער לינקער זייט האט זיך געפינען דאס עס-צימער, א מוזיק-צימער און עטלעכע רייך-איינגעארדנטע בודוארן, אויף רעכטס — א ביבליאטעק און צימערן מיט זאמלונגען.

ערווינס פריוואט-צימערן, גאסט-צימערן און די בילדער-גאלעריע האבן זיך געפונען אין דער הויך.

— גאָט מײַנער! אַזוי פֿיל ביכער! — האָט ווירגיניאַ אויסגעריפֿן, ווען זיי זענען אַדורך די ביבליאָטעק. ערווין האָט אַ שמייכל געטאָן. ער האָט זי אַרײַנגעפֿירט אין שכנותדיקן צימער, וואָס איז געווען באַשלאָגן מיט ווייך לעדער, האָט אָנגעקלינגען אויפֿן דינער, האָט אים מורמלענדיק אַרויסגעגעבן עפּעס אַ באַפֿעל, דערנאָך האָט ער געעפֿנט אַ ריזיקע שאַנק פֿון קליאָן-האָלץ און אַרויסגענומען עפּעס אַן אַלטע מאָזאַישע טאָוול.

ווירגיניאַ האָט אָנגעקוקט די מאָזאַיק מיט אינטערעס און געפֿרעגט פֿאַרוואָס ער הענגט זי נישט אויף אויף דער וואַנט. ערווין האָט געענטפֿערט, אַז עס עקזיסטירן זאַכן, צו וועלכע ער וואָלט נישט געוואָלט צוגעוווינען דאָס אויג, פּונקט ווי אַ נאַשער לאָזט זיך איבער זעלטענע נאַשערײַען אויף דער לעצטער מינוט.

ער האָט איר געוויזן בילדער, סקולפּטורן, עמאַל-קונסט-שטיק, ער האָט אַרויסגעצויגן פֿאַרטפֿעלן מיט שטיכן און צייכנונגען. זיי האָבן אָנגעקוקט די וואַזן, מטבעות, פֿיגורן פֿון עלפֿנביין, פּאָרצעלײַ, פֿאַיאַנס, דיוואַנעס, אַלטע שטיקערײַען, רינגלעך, קייטלעך, טאַבאַקערקעס, שטעמפּלען, קמיעות. מיט דער מינע פֿון אַ יובילער האָט ער אויפֿגעעפֿנט אַ קרישטאָלענעם פֿוטעראַל, אין וועלכן עס האָט זיך געפֿונען אַן אויסגעקליבענע קאָלעקציע פֿון האַלבע איידלשטיינער, ערקלערנדיק פֿון וואַנען דאָס צירונג שטאַמט און וואָס פֿאַר אַ כּישוף עס האָט בײַ אים אַרויסגערופֿן. ער האָט איר געוויזן ריזיקע הערבאַריומס און אייניקע צענדליק [illegible] מיט די שענסטע זומער-פֿייגעלעך. אין אַ צענדליק שופֿלאָדן פֿון אַ נידעריקער שאַנק זענען געלעגן זעלטענע מינעראַלן, אונטער אַ גלעזערנער וואַנט זענען געשטאַנען אויסגעשטאָפּטע גן-עדנישע פֿייגל און קאָליבריס מיט אומגעוויינטלעכע פֿעדערן.

ווירגיניאַ איז געווען באַרוישט מיט דעם אַלעם.

ווען ער האָט געקוקט אויף איר, רעדנדיק, האָט זי געשטאַמלט „יאָ-יאָ-יאָ“, ווי אַ געהאָרכזאַם קינד.

כּדי צו דערגענצן די זאַכן, וואָס זענען ווערט געווען, מען זאָל זיי אָנקוקן, האָט ער איר נאָך געוויזן פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון פֿיל מענטשן, וועלכע ער האָט געשעצט, אָדער האָבן געשפּילט עפּעס

אַ ראָלע אין זײַן לעבן. פֿאַרטרעטן פֿון מאַנסלײַט זענען ווירגיניאַן געווען גלײַכגילטיק. די פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון פֿרויען האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ געוויסער שעמעוודיקײט, און געשעמט האָט זי זיך גאָר מער, ווײַל זי האָט אומדײַטלעך בלויז געפֿילט די סיבה, צוזאַמען מיט רחמנות און אָפּנײַגונג, ווײַל זי האָט נישט געוווּסט, וואָס זי זאָל טראַכטן וועגן זײ. ערווין האָט גערעדט וועגן זײ, ווי פֿריִהער פֿון שטײנער און אויסגעשטופּטע פֿײגל. ער האָט באַשריבן זײערע הענט, האָר, זײער גאַנג און טעמפּעראַמענט. האָט באַצײכנט די ווײַטקײט צווישן שטערן און די ליפּן, וואָס האָט געווײזן אויף אַ זינלעכער נשמה. ווען ער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט זינלעך, אַקצענטירנדיק עס אויף זײַן שטײגער, האָט ווירגיניאַ דערפֿילט אַ שוידער, וואָס איז איר אַדורכגעלאָפֿן אין חוט השדרה.

דער דינער האָט געבעטן אויף טײ. אין גרויסן זאַל פֿון דער ביבליאָטעק האָט זיך אויסגעוויזן צו זײַן געפֿערלעך צו געפֿינען זיך אַלײן מיט ערווינען. אין צימער איז געווען עטוואָס קאַלט און ערווין האָט באַדעקט אירע אַקסלען מיט אַ קאָסטבאַרן אינדישן שאַל. ווירגיניאַ האָט באַלד זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אין דער דאָזיקער מאַטעריע און אין קאָליר איז איר נישט צום פּנים. אירע אויגן האָבן געלויכטן. ערווין האָט עס באַמערקט.

איבערראַשט נאָך אַ לענגערער רגע פֿון שווײַגן, וואָס ערווין האָט מיט אַ כּיוון פֿאַרצויגן, איז ווירגיניאַ אויפֿגעשטאַנען, געדאַנקט און אים געגעבן די האַנט. ערווין האָט איר פֿאָרגעלײגט זײַן געזעלשאַפֿט אויפֿן וועג אַהײם, אָבער ווירגיניאַ האָט אָפּגעזאָגט מיטן אויסרייד, אַז זי האָט עפּעס צו דערלײדיקן אין דער שטאָט. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זי האָט געוואָלט בלײַבן אַלײן און דאָס אײַנגעפֿונען פֿאַר ריכטיק. ער האָט זי צוגעפֿירט צו דער טיר, און איבערגעבנדיק איר דעם מאַנטל, האָט ער געזאָגט מיט אַ שמײכל, אין וועלכן די ביטערקײט האָט זיך אָנגעזען בלויז אַלס דערינערונג:

— איך דערוואַרט אײַך אָפֿט צו זען בײַ מיר, ווירגיניאַ! אין דער הײם בין איך נישט זיכערער, ווי נישט אין דער הײם.

פֿון דער רגע אָן, ווי איר טרעט איבער מײַן שוועל, זענט איר דאָ די הערשערין.

ווירגיניאַ האָט זיך געפֿילט צעשטרײט צוליב זײַן מילדערד, פֿאַרשלאָסן אין זיך, באַהערשט אין וואָרט און אין בליק.

אַן אומצופֿרידענע האָט זי דערלײדיקט עטלעכע ענינים אין דער שטאָט און אין אַ שלעכטן הומאָר אַהײמגעקומען.

די ווענט האָבן זיך איר אויסגעוויזן פֿיל פּוסטער, ווי געווענלעכע ווענט פֿון אָרעמעלײַט. אונטערן אײַנפֿלוס פֿון איר דערציילונג האָט זיך אויך פֿרוי געסנער טיף פֿאַרטראַכט. ווי פֿיל רײַכטום איז פֿאַרהאַן אויף דער וועלט. און דאָך וואָלט פֿאַר איר, ווירגיניאַ, קײן אײן פּאַלאַץ נישט גוט געווען! די אָרעמע פֿרוי האָט שוין כמעט פֿאַרגעסן אָן מאַנפֿרעדן. וואָס לענגער עס האָט געדויערט זײַן אָפּוועזנהײט, אַלץ מער אָרעמער און קלענער איז ער געוואָרן פֿאַר איר. אפֿשר האָט ערווינס אײַנפֿלוס דאָ געהאַט אַ ווירקונג. פֿרוי געסנער האָט אַנדערש נישט געקאָנט אויסטײַטשן זײַנע אָפּטע און ערנסטע געשפּרעכן מיט איר, ווי פֿון גוטקײט און פֿרײַנטשאַפֿט שטאַמענדיקע. ווען ער האָט פֿאַר איר אַנטוויקלט אַ פּלאַן פֿון אַ נײַער געלט-אָפּעראַציע, אויף אַ ברײטן אופֿן, האָט זי מסכים געווען אָן צווײפֿל. דאָס אַלץ איז דאָך געווען פֿאַר ווירגיניאַן, וועלכע זי האָט געצנדינעריש פֿאַרערט.

דערווײַל איז אָנגעקומען דער פֿרילינג, און ווען עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע הײסערע טעג, האָט ווירגיניאַ לײַכט מסכים געווען אויף געמײנזאַמע שפּאַצירן מיט מאַריאַנאַ פֿאָן פֿלינגעל. דער לאַנגער ווינטער פֿון לעצטן יאָר האָט זי מער ווי שטענדיק דערדריקט.

מאַריאַנאַ האָט אַרויסגעוויזן ליבע צו דער נאַטור און אומווילן צו דער אומגעזונטער לופֿט פֿון איר וועלט. זי האָט זיך געגעבן פֿיל מי, כדי אַרויסצווײַזן זיך פֿאַר אַזעלכע, ווײַל אויף אַזאַ אופֿן האָט זי געוואונען ווירגיניאַס סימפּאַטיעס. זי האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן דעם ציניזם, וועלכן עס האָבן געבוירן אין איר אַנטוישונג און האַס. אָבער אַזוי ווי די נאַטור קאָן מען נישט טוישן ווי אַן אַנצוג, און דערבײַ האָט מאַריאַנאַ נישט

בדעה געהאַט צו גילטן פֿאַר אַ מנישקע, האָט דאָך דורך איר איינגעהאַלטנקייט אַרויסגעקוקט וואָס אַמאָל דרייסטער אַ פֿאַרערונג פֿון פֿרייד און גענוס. דאָס איז געווען איר אָפּמאַך מיט די ליידן און אַדורכפֿאַלן: גענים, גענים, גענים. גאָרנישט וואַרפֿן אונטערן טיש, צום סוף איז דער טויט און קיין צווייט לעבן איז נישטאָ.

הערנדיק אַזעלכע מיינונגען, האָט ווירגיניאַ ברייט אויפֿגעעפֿנט די אויגן און נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפֿערן. גענים — וואָס האָט דאָס געהייסן? צי האָט זי נישט גענאָסן? צי האָט זי נישט פֿרייד געהאַט פֿון דער שעה, אויב זי איז געווען שיין, און דעם טאָג, אויב ער איז געווען גוט, מיט אַן אינערלעך גליק און אַן אינערלעכן דערפֿאָלג?

אינגיכן האָט זיך ערווין דערוואוסט וועגן די דאָזיקע פֿרילינגשפּאַצירן און אויסגעדריקט זיין פֿאַרלאַנג זיי מיטצומאַכן. יעצט האָבן זייערע אויספֿלוגן אָנגענומען אַן אַנדערן כאַראַקטער. זיי זענען אַרויסגעפֿאָרן מיט אַן אויטאָמאָביל ווייט אונטער דער שטאָט, האָבן אים איבערגעלאָזט ערגיץ אויפֿן שאָסיי און אַוועק אין וואַלד דורך טאָלן און בערגער. ערווין האָט געהאַט אַן אומדערשעפּלעכן הומאָר.

אַלס פֿערטער האָט זיך אַמאָל באַהעפֿט אולריך צוגעטראָגן. אויב ער איז געקומען אַן אומעטיקער און אַ פֿאַרטראַכטער, האָט ער אויפֿגעלעבט אונטער דער ווירקונג פֿון זייער געלעכטער און געשרייען, און קיינער האָט נישט באַמערקט, אַז זיין האַרץ נאָגט אַ וואָרעם. צו ווירגיניאַ האָט ער זיך באַצויגן מיט דעם כבוד פֿון אַ פּאַזש און ווען עפּעס אַ דרייסט וואָרט ערווינס האָט אויף איר פּנים אַרויסגערופֿן אַ רויטקייט, האָט אולריך שפּעטער נעשווינגן אַ פֿינף מינוט און מיט אַ שנעלן טריט פֿאָראויס געגאַנגען די איבעריקע.

אין איינעם אַ זוניקן טאָג אין אַפּריל זענען ערווין, אולריך און מאַריאַנאַ אַריין צו ווירגיניאַן באַלד נאָכמיטיק. ווי געוויינלעך האָבן זיי זיך גיך געפֿונען אונטער דער שטאָט. ווירגיניאַ האָט ביינעגדיק געריסן פּיאַלקעס און ערווין האָט דערציילט פֿון זײַן

בוך וועגן לעבן פון די מוראַשקעס, וואָס האָט אונגיבן געזאָלט זיך באַווייזן אויפן ביבער-מאַרק. די אַלזייטיקייט פון זיגן ווינזן און הערשאַפט איבער די באַוועגונגען האָט ביי אולריך צימערמאַנען ניט צום ערשטן מאָל אַרויסגערופן אַ קנאַהדיקע פאַרוואונדערונג, און זיינע פראַגן האָבן אַרויסגעוויזן ענדער אַן אומווילן ווי אַן אינטערעס.

— וואו געפינט איהר, ביינאַט, אַזוי פיל צייט אויף די אַלע סטודיעס און אַרבעטן, — האָט ער ענדלעך אויסגערופן, — וואָס זענען אַפילו ניט אין שייכות מיט אייער פאַך.

— אַ פאַך! איך האָב ניט קיין פאַך! — האָט ערווין געענטפערט מיט פאַראַכטונג — מיין פאַך איז די נאַטור, די מענטשהייט, די קונסט, עס איז אַלץ, וואָס שטרעבט מיך און שפּאַרט זיך אָן ביי מיר. ביי דעם, וועלכער איז דעצידירט אויף טעטיקייט, האָט דער טאָג מער-ווייניקער זעכצן שעה, טייערער אולריך. איר פאַעטן, פאַררעכנט, וואָס אַן אמת איז, אַפילו דאָס חלומען צו טעטיקייט; איר קאָנט דאָס טון, אויב דאָס חלומען ווערט פאַר אייך ווירקלעכקייט. מיין ווירקלעכקייט קאָן קיינמאָל ניט ווערן קיין חלום, אַנדערש בין איך פאַרלוירן.

מאַריאַנאַ האָט אויספאָרשנדיק געקוקט אויפן שטאָלץ-שפּרייזנדיקן ערווינען און ניט פאַרגעסן אַ קוק צו טון אויף ווירגיניאַן, פאָדערנדיק אָנערקענונג פאַר זיינע ווערטער. ווי איז די דאָזיקע פּערזאָן טעמפּ, האָט זי זיך געטראַכט, ווען ווירגיניאַ האָט ניט געגלייבט דערויף קיין אַכט. ווירגיניאַ האָט ניט גענוי פאַרשטאַנען ערווינס ענטפער.

אולריך צימערמאַן איז אַ וויל געגאַנגען אומצופרידן אַליין, אַזש ווירגיניאַ האָט אים אויפגעוועקט פון פאַרטראַכטקייט מיט אַ פריילעכער באַמערקונג. ער האָט איר געדאַנקט מיט אַ וואַרעמען בליק און געזאָגט:

— היינט דאַרף איך לייענען געדיכטן.

— אָ, דאָס וואָלט געווען פּרעכטיק, — האָט ווירגיניאַ געענטפערט, — האָט איר עפּעס ביי זיך? לייענט אונז פאָר!

— איך וואָלט זיך ניט איינגעשפּאַרט, — האָט אולריך

ווײַך געזאָגט.

ערווין, וואָס האָט געהאַט אַן אויער פֿון אַן אינדיאַנער, האָט געהערט זייער געשפּרעך.

— ער שפּאַרט זיך נישט! דאָס איז גוט! — האָט ער אי=ראָניש געזאָגט, — דאָס פֿאַרברעכן איז געווען געפּלאַנט, איר האָט אַרײַנגעלייגט געדיכטן אין דער קעשענע, נישט אמת?

— אַך, דאָס איז גרויזאַם, האָט ווירגיניאַ געטראַכט, ווען זי האָט דערזען, ווי אולריך ווערט בלאַס. כאָטש עמפּינדלעכקייט געהערט געוויינטלעך נישט צו זײַנע חסרונות, נאָר בלויז היינט, יעצט. זי איז גרייט געווען ברודעריש אים אויסצורייסן די אויערן, אָבער צוריקצוקערן אים דעם הומאָר.

אָבער ווען זיי האָבן זיך אין אַ ווײַל אַרום געזעצט אויפֿן פֿעלד אָפּצורוען זיך, שפּינענדיג יעדערער באַזונדער זײַנע געדאַנקן, האָט ערווין איבערגעריסן די שטילקייט און פֿאַרריכטנדיק זײַן קליינעם רוק=זאַק, דערמאָנט אולריכן וועגן זײַן צוזאָג.

אולריך האָט אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע אייניקע שטיקער פּאַפּיר און אָנגעהויבן אומזיכער צו לעזן, מיט אַן אומפּאַסנדיק קול. אין אַ ווײַל אַרום האָט ערווין איבערגעצויגן די האַנט נאָכן פּאַפּיר.

— איר מאַכט אַ תל פֿון אַלץ, — האָט ער געזאָגט — אַ שאָד. גיט עס אַהער.

און ער האָט אָנגעהויבן צו לייענען מיט אַ קול פֿול אויסדרוק און באַגײַסטערונג.

אולריך האָט געהערט אַ דערשטוינטער: דאָס האָט דאָך גע=קלונגען ווי מוזיק. אָבער ער האָט נישט געקאָנט דאַנקן ערווינען, ווײַל פֿון פֿאַרטראַכטן אויסדרוק, מיט וועלכן ווירגיניאַ האָט אים געהערט, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז וועגן אים, דעם פּאָעט, האָט זי אינגאַנצן פֿאַרגעסן. און דאָס האָט ער נישט געוואָלט.

אויפֿן וועג צוריק האָבן זיי אויסגעמיטן אַ נישט גרויסע זומפּ.

— פֿון קליינערהייט אָן האָב איך מורא, אַז איך וועל אַמאָל דערטרונקען ווערן אין אַ זומפּ, — האָט ווירגיניאַ געזאָגט.

— און איר טראָגט מיט זיך געהיימע שאָטנס, — האָט ערווי=

געענטפֿערט. — מען האָט אַפֿילו נישט קיין באַגריף, ווי אַזאַ פֿאַרשטעלונג ווירקט דאָס גאַנצע לעבן אויפֿן געמיט. די טונקעלע בחות זענען די ריזיקסטע.

— יאָ, ווירגיניאַ, יאָ! — האָט מאַריאַנאַ צוגעגעבן פּלומרשט אין גוטן וואונטש — איר מוזט זיך היטן פֿאַר זומפּן. בפֿרט, ווען מען קוקט גלייך פֿאַר זיך, זעט מען נישט די בלאָטע אונטער די פֿיס.

— נאָר אַן פֿאַר־נביאות, מאַריאַנאַ, — האָט ערווין האַרט געזאָגט. — דאָס קוואַקן פֿון זשאַבעס דערגייט נישט צו פֿייגל.

מאַריאַנאַ האָט אים געוואָרפֿן אַ בייזן בליק. ווירגיניאַ האָט עס באַמערקט און האָט זיך איבערראַשט פֿון דעם שטאַרקן האַס, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דעם דאָזיקן בליק.

— און איך בין אַמאָל געפֿלויגן, — האָט מאַריאַנאַ טריב געענטפֿערט — אָבער מען האָט מיר אָפּגעשניטן די פֿליגל. וואָס זאָל מען טון, מען ליגט אויף דער ערד און מען רופֿט הילף, און דאָס הייסט אַ קוואַקן פֿון זשאַבעס.

ערווין האָט געצויגן מיט די אַקסלען. ווירגיניאַ איז געווען וואונדערלעך איבערגענומען, כמעט פֿילבאַר האָט זי אָנגענומען מאַריאַנאַן פֿאַרן אָרעם. אָבער מאַריאַנאַ האָט קורץ און האַרט געשאָקלט מיטן קאָפּ און שנעל געגאַנגען פֿאָראויס. באַלד האָט זי זיך געפֿונען נעבן ערווינען. מיט אַ שטיל קול האָבן זיי שנעל גערעדט און וואָס אַמאָל מער זיך דערווייטערט פֿון אולריכן און ווירגיניאַן, וואָס זענען אין שווייגן געגאַנגען אויף דער שטילער סטעזשקע צום שאָסיי, וואו עס האָט געוואַרט דער אויטאָמאָביל.

אולריך האָט זיך געזעגנט מיטן אויסרייד, אַז ער וויל פֿאַרברענגען אַן אָוונט הינטער דער שטאָט. בעתן פֿאָרן זענען ערווין, מאַריאַנאַ און ווירגיניאַ געזעסן און געשוויגן. ווען דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פּייאַר־גאַס, האָט ערווין אַדורכגעפֿירט ווירגיניאַן דורך צוויי הויפֿן צו ווייסע געדרייטע טרעפּן. שוין אויף די טרעפּן האָט זיך ווירגיניאַ אויסגעדרייט נאָכאַמאָל און מיט אַן אומאָנגענעם געפֿיל דערזען, ווי ערווין שטייט אונטן און קוקט איר נאָך. אינסטינקטיוו האָט זי אַ צי געטון מיכן

פּוּם, אויף וועלכן, האָט זיך איר געדאַכט, ערווינס בליק רוט. דאָס בלײַכע ליכט פון דער לאָמפּ האָט באַלויכטן זײַן פּנים און ווירגיניאַ האָט דערזען, ווי ערווין האָט זיך צעלאַכט, אַזוי אַדורכגעמענדיק, פרײַלעך און קאָלעגיאַל, ווי ער האָט נאָר געקענט לאַכן.

— גאָט צו דאַנק, אַלץ איז אויפסנײַ גוט.

בײַנאַכט האָט זיך איר געחלומט, אַז זי געפינט זיך אין אַ שטוב מיט זיבעצן טירן. אָן אויפהער איז זי פאַרנומען געווען מיט פאַרמאַכן די דאָזיקע טירן אויס מורא פאַר עפּעס אַן אומגעהײַער גרויסן הונט. אָבער וויפיל מאָל זי האָט נישט פאַרמאַכט אײן טיר, איז שוין דער גרויסער הונט געשטאַנען בײַ אַן אַנדערער אָפענער טיר. ער איז אַפילו נישט געווען בײז, אָבער אין זײַן רו איז געווען עפּעס פײַניגנדיקעס, ווי ער וואָלט זי פריער געוואָלט פאַרמאַטערן, אײדער ער וועט זיך אויף איר וואַרפן.

בעתן לעצטן שפּאַציר האָט מען זיך אָפּגערעדט, אַז אויפן דריטן טאָג וועט ערווין צושיקן מאַריאַנאַן און ווירגיניאַן אַן אויטאָמאָביל, און זיי וועלן אָפּטרעטן נאָך אים. ווען זיי זענען צוגעפאָרן צו דער ווילע, האָט אָנגעהויבן צו פאַלן אַ רעגן.

— פון אַ שפּאַציר הינטער דער שטאָט וועט הײַנט גאָרנישט ווערן, — האָט מאַריאַנאַ געזאָגט.

— אפשר וועט דער רעגן באַלד אויפהערן, — האָט זיך אָנגערופן ווירגיניאַ.

— און אויב נישט? — האָט מאַריאַנאַ געפרעגט מיט חוזק — האָט איר מורא דאָ צו פאַרבלײַבן? מיר וועלן אין דעם דאָזיקן אָנגענעמען גאַסט־הויז אויסטרונקען טײ.

ווירגיניאַ האָט אויף מאַריאַנאַן געקוקט אויספאָרשנדיק און פאַרדעכטיק.

ערווין איז געווען אין פראַק.

— זײַט מיר מוחל, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב לײַדער פאַרגעסן, אַז איך מוז זיבן אַ זײגער זײַן בײַ דער פירשטין ליבנבערג. אויב איר ווילט, וועל איך אײַך איבערלאָזן דעם אויטאָ. עס וואָלט זײער שײן געווען פון אײַער זײַט, ווען איר וואָלט מיך אַ שטיקל אָפּגעפירט.

ווירגיניאַ איז געווען נאָר צו נאַאיוו, אַז זי זאָל נישט אַרויסווייזן איר פֿאַרוואונדערונג בײַם פֿרײַ דערמאָנען דעם נאָמען פֿון דער פֿירשטין. דער לעצטער געשרײַ פֿון פֿאַרוואונדערונג האָט אַרויסגערופֿן אַ געלעכטער אויף די ליפּן פֿון ערווין און מאַריאַנאַ.

— מען האָט טעלעפֿאָנירט צו אײַך, — האָט זיך ערווין געווענדעט צו מאַריאַנאַן. — ווײַכטעל האָט זיך פֿאַרשריבן דעם נומער.

מאַריאַנאַ איז אַרויס פֿון צימער. ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט זי געבעטן ערווינען, אַז ער זאָל איר געבן אויף אַ פּאָר שעה אַן אויטאָ, ווײַל זי דאַרף האָבן עפּעס אַ דרינגענדיק געשפּרעך אין דער שטאָט.

— אײדער איר וועט גיין אויף טיי, וועל איך שוין זײַן צוריק, — האָט מאַריאַנאַ צוגעגעבן, פֿאַרלאָזנדיק דאָס צימער מיט אַ פֿעסטן און אַנטשלאָסענעם טראָט.

ערווין האָט געשמייכלט.

— שטענדיק האָט זי עפּעס וויכטיקס צו דערלעדיקן, — האָט ער געזאָגט.

אַ ווײַל איז געווען שטיל. נישט קיין שטילקייט פֿון פֿאַרטרויען, נאָר אַ שטילקייט, אין וועלכער עס האָבן געהאַלטן אין געבוירן ווערן וואָגיקע ווערטער. ווירגיניאַ האָט דאָס געפֿילט און עס איז איר געוואָרן אומהיימלעך. ערווין, וואָס האָט אין אָוונט־קלײדונג אויסגעזען נאָך שלאַנקער און יינגער, איז זיך אַדורכגעגאַנגען איבערן צימער, רויכערנדיק. אַ רעגן האָט געקלאַפּט אין די פֿענצטער. אין קוימען האָט גערוישט דער ווינט.

ווי סימפּאַטישער און באַגײַסטערטער איז ווירגיניאַ, ווען מאַריאַנאַ איז נישטאָ, האָט זיך ערווין געטראַכט. מען דאַרף קיינמאָל נישט דערלויבן קיין יונגע פֿרויען צו האַלטן געזעלשאַפֿט צווישן זיך.

— איר האָט אַ וואונדערלעכע מאַכט איבער מענטשן, ווירגיניאַ, — האָט ער ענדלעך אָנגעהויבן, און זײַן שטים איז נישט געווען ווי געוויינטלעך אַ מעטאַלענע, נאָר אַ דערשטיקטע. — ווען איך זע אײַך נאָר, דערוואַכט אין מיר אַ פֿאָרוואורף. וואָס האָסטו געטאָן? פֿרעג איך מיך. איך האָב עפּעס אַ געהיימנישפֿולע באַ-

דערפֿניש זיך צו פֿאַרטיידיגן פֿאַר אײַך. ווען די ערשטע וועלט־אַנטדעקער זענען געקומען צו די ווילדע פֿעלקער, האָבן די זעלבע שבטים, בלויז אַנקוקנדיק די פֿרעמדע, וועלכע זענען אַרײַנגעדרונגען אין זייער מיטן בליק ביז צו דער נשמה, אַנטקעגנגעשיקט זיי שליחים מיט מתנות און פֿרײַוויליק זיי אָנערקענט אַלס העכערע. קנײַטשט ניט מיט די ברעמען, ווירגיניא, עס איז ניטאָ קיין סיבה דערצו. איך וואָלט געוועזן אין אײַך אַ העכערע מדרגה פֿון זעלבסטבאַוואוסטזײַן. ווער עס איז אָן פּגימה, דאַרף זײַן אַ מוסטער. פֿאַרוואָס, צו אַלדי רוחות, בלישטשעט איר מיט די אויגן פֿון געריכטקייט, ווען מען דערמאָנט דעם נאָמען פֿון עפּעס אַ פֿירשטין? איר שטייט העכער פֿון יעדער פֿירשטין. ווען איר וואָלט געווען מײַן שוועסטער, וואָלט איך גערעדט דײַטלעכער און וואָלט אײַך איבערצייגט מיט שטאַרקערע אַרגומענטן. איך וויל געבן ליכט די, וואָס האַלטן זיך פֿאַר פֿולקומענערע, און זאָגן עס פֿאָרט ניט, די, וואָס קאָנען ניט שטיין, ניט גיין און ניט זיצן, און מיינען, אַז זיי רירן זיך, בעת זיי ריטשן זיך בלויז אויפֿן אָרט. דעריבער רעד איך מיט אײַך וועגן דעם, דאָס איז די איינציקע סיבה. ווער עס איז געבוירן אַלס פֿאַקל, מוז לײַכטן.

ווירגיניאַס פּנים האָט בעתן דאָזיקן געשפּרעך געענדערט די קאָלירן, אָבער אין איבערגאַנג אַזוי איידל, אַז עס איז קוים געווען צו באַמערקן.

— וואָס ווילט איר פֿון מיר, ערווין? — האָט זי אויסגערופֿן, צונויפֿפלייגנדיק די הענט. — איך בעט אײַך, רעדט ניט אַזוי, איך בעט אײַך!

דער דאָזיקער בעטנדיקער און גערירטער אויסגעשריי האָט ערווינען צעמישט. אַ לענגערע צײַט איז ער אומרויִק געגאַנגען איבערן צימער. ער האָט געהאַלטן פֿאַר געוואונטשן אָנצונעמען אַ ברודערלעך פּאַרטרויען.

— ווען איך האָב אײַך דעמאָלט געוויזן די באַשיידענע אוצרות
— האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פֿון רימען זיך אין קול, — האָב איך געהאַט דאָס געפֿיל פֿון אַ וואַסאַל, וואָס איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר זײַן הער. עס האָט זיך מיר אײַנגעגעבן, אַז אײַער בליק זאָל

בלויז רײדן אויף די זאַכן, אַבי זײ צו נעמען אין באַזיץ, אָבער מײַן נאָמען אַלס אײַגנטימער פֿון זײ זאָל דורך אײַך אָנערקענט װערן.

װירגיניאַ האָט זיך אַ פֿאַרװאונדערטע צעלאַכט, און ערװין האָט װײַטער געצױגן:

— אויב מיר רעדן שוין װעגן די אוצרות, װעגן זאַכן, װאָס האָבן נישט קײן אײגנטימער, כאָטש זײ געהערן צו עמיצן, מוז איך אײַך נאָך עפּעס װײַזן.

ער איז שנעל אַרײַנגעלאָפֿן אין נאָענטסטן צימער און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ גענוג לאַנג שאַכטעלע אין דער האַנט. ער האָט דערפֿון אַרױסגעצױגן אַ פּראַכטפֿולע שנור פּערל.

— װי געפֿעלט עס אײַך? — האָט ער געפֿרעגט מיט אַ קול, װי מען רעדט צו אַ קינד.

װירגיניאַ האָט גענומען די שנור פּערל אין דער האַנט.

— אָ, װאונדערלעך! — האָט זי אױסגערופֿן מיט אַ בלישטש אין די אויגן.

— נישט אמת? אַזאַ צירונג װילן מאוסע פֿרויען, כּדי מען זאָל פֿאַרגעסן װעגן זײער מיאוסקײט; און די שײנע װערן קעניגלעך און פֿײַערלעך שײן.

װירגיניאַ האָט אַפֿילו נישט געקאָנט פֿאַרשטײן, װאָס פֿאַר אַ װערט די שנור פּערל האָט, אָבער װי אַ יעגער־הונט רײַסט זיך אויף, װען ער דערהערט דעם שאַל פֿון האָרן, אַזוי קאָן די אמתע פֿרוי נישט גלײַכגילטיק זײַן, דערזעענדיק אַ האַלזבאַנד פֿון דרײַ שנורן פּערל, די גרױס פֿון אַ אַרבעס, װאָס ליגן גלײַך, װי די צײן אין דעם מויל פֿון אַ קינד, גלאַנצנדיק פּיאָלעט און ראָז, װי אַ קלײנער רעגנבויגן, דורכזיכטיק כּמעט װי זײפֿנבלאָזן און הײס בײַם באַרירן, װי די הויט, אונטער װעלכער עס פּולסירט בלוט.

ערװין האָט באַמערקט, װי װירגיניאַ איז פּשוט פֿאַרכאַפּט געװאָרן. אויף דער פֿראַגע, פֿון װאַנען ער האָט דעם האַלזבאַנד, האָט ער געענטפֿערט, אַז ער האָט אים געקויפֿט מיט יאָרן צוריק פֿאַר אַ געװיסער פֿרוי, צו װעלכער ער איז קײנמאָל נישט געװען נאָענט און װעלכע ער האָט בלויז פֿונדערװײַטנס פֿאַרערט און געשעצט.

— איך האָב נישט געהאַט די מינדעסטע האָפֿענונג, — האָט ער געזאָגט אַ פֿאַרטראַכטער, — ווייל זי איז געווען די פֿאַרקערפּערונג פֿון צניעות, ריין ווי אַ וועסטאַלין. די פּערל, פֿון וועלכע יעדע איינציקע איז מיר געווען אַזוי הייליק, ווי דער בליק פֿון אירע אויגן, האָט זי קיינמאָל נישט געטראָגן, און פֿאַר מיר איז גענוג געווען, אַז איך האָב זי געזען אין טרוים אָנגעטון אין דעם האַלזבאַנד. דאָס איז געווען די איינציקע פֿרוי, וואָס וואָלט מיך געקענט ענדערן, ווי עס ענדערט יעדע גרויסע ליבע, יעדע גרויסע ליידנשאַפֿט; אָבער זי איז אַרויפֿגעשוואומען אויף דעם האָריזאָנט פֿון מיין לעבן ווי אַ פֿרעמדער שטערן, דער פֿריצייטיקער טויט האָט זי אַוועקגעריסן, און מיר דאַכט זיך, ווי דער דאָזיקער האַלזבאַנד וואָלט מיר געבליבן אין ירושה.

ווירגיניאַ איז געווען געריהרט פֿון ערווינס דערקלערונג.

— אַזש ביז צום היינטיקן טאָג, — האָט ערווין געצויגן, — האָב איך מיר נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז די פּערל זאָלן קאָנען באַצירן דעם האַלז פֿון אַ פֿרעמדער פֿרוי. ווי וואונדערלעך זענען די שפּילערייען פֿון דער פֿאַנטאַזיע! ווען איר זענט צוערשט אַריין אין צימער, ווירגיניאַ, איז מיר אַדורך אַ בליץ אין קאָפּ, ווען איך האָב אייך דערזען: בלויז די דאָזיקע פֿרוי און קיין אַנדערע קען טראָגן די פּערל. אַך, טוט עס פֿאַר מיר, — האָט ער שטאַרק זיך געבעטן מיט אַן אומבאַזונגטער האַרציקייט. — לייגט אַרויף די שנור אויפֿן האַלז, בלויז אויף פּרובע, בלויז איך זאָל עס אָנקוקן!

— ווירקלעך? איר ווילט עס באמת? — האָט ווירגיניאַ געפֿרעגט מיט אַן אומדרייסטן שמייכל, זי האָט פּשוט נישט געוואוסט, ווי אַזוי אים אָפּצוזאָגן, זי האָט אַליין געהאַט גרויס חשק איבערצוצייגן זיך ווי אַזוי מען זעט אויס מיט אַזעלכע פּערל, און זי איז דאַנקבאַר געווען ערווינען, וואָס ער האָט פֿאַרלייכטערט איר באַגער. אַזוי ווי זי האָט געטראָגן אַ קלייד מיט אַ דעקאָלטע, זענען נישט נייטיק געווען קיין שום פֿאַרבערייטונגען. ערווין איז געשטאַנען הינטער איר שטול און איר צוגעמאַכט דאָס שלעסל.

גאָרנישט וואָלט נישט איבערראַשט דעם צוקוקער, ווי די פּלוצלונגע ענדערונג פֿון זיין פּנים אין דער איצטיקער רגע. די

ברעמען האָבן זיך שטאַרקער צונויפֿגעצויגן איבער די אויגן, די נאָז-פֿליגל האָבן זיך אויסגעשפּרייט, די פֿינגער האָבן זיך פֿאַרקרומט. מיט אַן אויספֿאָרשנדיקן, דורכדרינגלעכן בליק, מיט אַ בליק פֿון אַ מענטש, וואָס איז צוגעוואוינט אויפֿצוכאַפּן, צו נעמען, רויבן, אונטערשיידן דעם ווירקלעכן ווערט פֿון כּלומרשטן ווערט, האָט ערווין געקוקט אויף איר לײַכטנדיקן קאַרק, וואָס זײַן ווײַסקײַט האָט אין אים דערוועקט אַ געוויסע מורא.

ער האָט דערנאָך געבראַכט אַ שפּינגעלע אין אַ גילדענע אײַנפֿאַסונג. ווירגיניאַ, קוקנדיק דערויף, האָט נישט געקאָנט באַהאַלטן איר צופֿרידנקייט.

— מיט וואָס פֿאַר אַ פֿרייד וואָלט איך אײַך געשאָנקען דעם דאָזיקן האַלז-באַנד! — האָט ערווין געזאָגט, זעצנדיק זיך פֿאַר איר; — ווי גליקליך וואָלט איך געווען, ווען איר וואָלט געוואָלט אָננעמען די דאָזיקע מתנה!

ווירגיניאַ האָט זיך צעשרעקט באַגאָסן מיט אַ פֿורפּורנער רויטקייט. דערנאָך איז זי שטאַרק בלאַס געוואָרן. מיט אַן ענערגישער באַוועגונג האָט זי אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ.

— אָבער, האָט ערווין! — האָט זי אויסגערופֿן אַן איבעראַשטע, — וואָס קומט אײַך אין קאָפּ אַרײַן? איך מיין, אַז איר זענט וועגן מיר אין אַ בעסערער מיינונג.

— איך רעד ערנסט, — האָט ערווין געזאָגט; — דאָס איז מײַן וואונטש. דאָס איז מײַן הייסטער פֿאַרלאַנג. פֿאַר אײַך בלויז האָב איך די פּערל אויף דער שנור. יענע ערשטע איז בלויז געווען באַרופֿן דערצו, איר — אויסדערוויילט. אויף אײַער האַלז זעען זיי אויס ווי רײַפֿע בלומען אויף דער בײַט. צו וואָס זיי באַהאַלטן, אַז מען קען דאָס טויטע קאַפּיטאַל אויסטוישן אויף אַ לעבעדיקס? ווען איך זע אײַך אין די דאָזיקע פּערל, באַקומען מײַנע אויגן פּראָצענטער פֿון דאָזיקן קאַפּיטאַל. ווען איר קענט פֿאַראַכטן דעם פֿאָראורטייל, וואָס איז אַזוי פֿלאַך און עלנט, אַז איך מיאוס זיך צו רעדן וועגן אים, וועט איר מיך מאַכן רײַכער, ווי איך בין.

— אָבער ערווין! ערווין! — האָט אים ווירגיניאַ איבערגעריסן מיט אַן אומגעוויינטלעכער לעבהאַפֿטיקייט און אין באַגײַס=

טערונג האָט זי אַרויפֿגעלייגט בײדע הענט אויף זײַן אַקסל, באַשענקנדיק אים דורך דער באַרירונג מיט אַ באַהאַלטענער פֿרייד, — דאָס איז דאָך אַ משוגעת. איר ווייסט אַזוי גוט ווי איך, אַז איך קאָן עס נישט אָננעמען. עס עקזיסטירן געזעצן, וואָס האָבן אפֿשר פֿאַר אײַך נישט קיין שום באַדײַטונג, אָבער איך קען זיי נישט איבערטרעטן. און איר ווייסט דערוועגן. ערווין, איר ווייסט דערוועגן און איר ווילט בלויז מיך אויסשטעלן אויף אַ נסיון. גאָט מײַנער! ווי קומט עס צו מיר? שנעלער, שנעלער, אַוועק מיט די דאָזיקע פּערל, נעמט זיי צו, איך זאָל זיי נישט זען.

פּרעכטיק, האָט ערווין געטראַכט, פּרעכטיק. מיט פֿרייד האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי זי האָט די פּערל אַראָפּגענומען פֿון האַלז און אים צוריקגעגעבן.

— איך וועל שרײַבן צו מאַנפֿרעדן, — האָט ער געזאָגט פֿויל, ווי אַ רעיענט, וואָס זאָגט אָפּ אַ קאָנטראַקט. — איך וועל אים בעטן אַ ערלויבניש צו שענקען אײַך דעם האַלזבאַנד, אַלס צייכן פֿון זײַן פֿרײַנטשאַפֿט צו מיר, מײַנע צו אײַך. איך בין זיכער, אַז ער וועט דערויף קוקן ווי אַ מענטש פֿון זײַן כאַראַקטער און זײַנע אָנשויאונגען דאַרף דערויף קוקן. צי וועט איך זיך דעמאָלט אויך אײַנעקשנען?

— געוויס, — האָט ווירגיניאַ געענטפֿערט; — מאַנפֿרעד קאָן דאָך נישט זײַן קיין ריכטער צווישן אונז בײדע.

— אויסגעצייכנט, אַך, אויסגעצייכנט! — האָט ערווין פֿרײַלעך אויסגערופֿן, — איר באַוואָרנט זיך שוין איצט און ווי געשיקט!

— זייער נישט געשיקט, — האָט אָבער ערווין געטראַכט מיט טריאומף, זי האָט זיך אַליין פֿאַרראַטן מיט די פּרעכטיקע ווערטער: אַ ריכטער צווישן אונז בײדע.

— אין איינציקע טעג אַרום קאָנען מיר האָבן אַן ענטפֿער פֿון מאַנפֿרעדן, — האָט ער געזאָגט, — און דאַן זע איך נישט אײַן, ס'זאָל זײַן וועלכע עס איז סיבה, איר זאָלט זיך אָפּזאָגן. מאַנפֿרעד קען מיך און ווייס, אַז אַלע ספֿקות פֿון זײַן זײַט וואָלטן מיך באַליידיקט. אין אַ געוויסן טאָג וועל איך קומען צו אײַך און אײַך אָנטאָן די שנור פּערל אויפֿן האַלדז. אויב איר ווילט, מיט פֿאַר־

בונדענע אויגן.

ווירגיניאַ האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ערווינס פֿאָרשלאַג איז ווירקלעך געווען אַן ערנסטער און ער האָט ניט געמיינט זי צו שטעלן אויף אַ נסיון. איר זיכערקייט מיט זיך אַליין איז דעריבער פּלוצלינג פֿאַרשוואונדן. זי האָט געקוקט פֿאַר זיך אומזיכער, איר האַרץ האָט געשלאָגן, זי האָט ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן.

— אמת, עס זענען ניטאָ קיין מתנות אָן אינטערעס? — האָט ערווין געזאָגט מיט דרייסטקייט, איף וועלכער ער האָט זיך ריזיקירט בלויז דערפֿאַר, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז עס איז בעסער אַרויסצוזאָגן דעם געדאַנק, איידער איבערצולאָזן עס ווירגיניאַן, זי זאָל עס אַליין פֿאַרשטיין.

— געניג לאַנג זענט איר פֿאַר מיר געווען שטרענג און ניט צוטרויעלעך, און דאָס איינציקע, וואָס איך פֿאַרלאַנג איז, אַז איר זאָלט זיין פֿריינטשאַפֿטלעכער געשטימט צו מיר. איך רעד מיר, געוויס, ניט איין, אַז איך וואָלט די דאָזיקע שטימונג געקענט קויפֿן. דאָס וואָלט געהייסן האָבן וועגן אונז ביידע אַ נידריקע מיינונג. דאָס דאַרף ניט זיין קיין קניה, דאָס דאַרף זיין אַ קרבן, אַן אויפֿאָפּפֿערונג, אָפּזאָגן זיך, אָט דאָס איז עס, אָט דאָס איז דער איינגנטלעכער אויסדרוק: אָפּזאָגן זיך.

— אָפּזאָגן זיך? — האָט ווירגיניאַ מעכאַניש נאָכגעזאָגט אַ פֿאַרטראַכטע.

ערווין האָט אָנגענומען איר האַנט. ווירגיניאַ האָט זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט.

— קוקט אויף מיר איינמאָל אָן צעמישט צו ווערן, ווירגיניאַ.

— האָט ער געבעטן, אָדער בעסער באַפֿוילט.

ווירגיניאַ האָט געפֿאָלגט. זי האָט געשמייכלט. עס איז געווען עפּעס וואונדערלעכס אין דעם דאָזיקן פֿאַרשוואונדנדיקן, אומזיכערן, צווייפֿלנדיקן, און דאָך ערלעכן און מילדן בליק.

— צי קענט איר האָבן צו מיר צוטרויען? — האָט ערווין געפֿרעגט — איך וואָלט וועלן, אַז איר זאָלט האָבן צו מיר צוטרויען און איר מוזט עפּעס אַרויסקריגן פֿון זיך. איר מוזט אַרויסקריגן פֿון זיך יענע אוראַלטע, זינלעך-איבערזינלעכע שנאה, וואָס הערשט

צווישן די געשלעכטער, ווי א גרעניץ־שטרייט. זאל צווישן אונז נישט זײן קײן גרעניץ־שטרייט, זאל זײן שלום, א ברודערלעכער שלום. און דער מענטשלעכער מדבר לעבט זיך גוט און א געצעלט פון צוטרויען, ווירגיניא!

ווירגיניא האט געשוויגן. און א ווײלע ארום איז זי אויפגעשטאנען און ערנסט א שאקל געטאן מיטן קאפ. עס האט נישט געמאכט דעם אײנדרוק פון אויפריכטיקײט. ערווינס ווערטער האבן דאך געהאט אן אויפריכטיקן קלאנג און העכערן זין, אבער ווירגיניא האט דעם אײנדרוק נישט געהאט. זי האט געקוקט אויפן זײגערל און געזאגט א ביסל א געדריקטע:

— מאריאנא קומט אזוי לאנג נישט צוריק.

ערווין האט נישט געענטפערט. ווירגיניא, ווײטער אלץ אזוי אויפגערעגט און צעשטרייט, איז צוגעגאנגען צו אים, געגעבן די האנט און געזאגט:

— ביטע, הער ערווין, זאלן מיר וועגן דעם מער נישט רעדן. איך וויל דאך גערן זײן אײער פרײנדין, און טאקע דערפאר זאלן מיר וועגן דעם מער נישט רעדן קײנמאל.

— גוט, מיר וועלן וועגן דעם מער נישט... רעדן, — האט ערווין געזאגט מיט א כאראקטעריסטישער אײנגעהאלטנקײט, פאמעלעך אראפלאזנדיק דעם קאפ און פאמעלעך אויפהויבנדיק איר האנט, כדי צו איר צוצודריקן די ליפן.

אין דעם מאמענט איז ווילמעל ארײן מיט א סאמאוואר, און קורץ נאכדעם איז אויך מאריאנא אנגעקומען. זי איז געווען א שווײגנדיקע און האט אײנס נאכן אנדערן גערויכערט אירע פאפיראסן. איר פארשנדיקער בליק האט זיך איבערגעטראגן פון ערווינען אויף ווירגיניאן, פון ווירגיניאן אויף ערווינען. אום זעקס זענען ביידע דאמען אוועק.

# אַ אָוונט אין דער ווילע סאַנטערא

ווירגיניאַ האָט געהאַט אַ טבע בײַנאַכט, אויב זי האָט זיך געוועקט פֿון שלאָף, אַוועקצוזעצן זיך בײַם פֿענסטער און אַרײַנ־לאָזן זיך אין רעיונות וועגן די איבערלעבונגען פֿון דעם פֿאַרגאַנ־גענעם טאָג אַזוי לאַנג, ביז דער שלאָף באַפֿאַלט זי ווידער. אַזוי איז אויך געווען די הײַנטיקע נאַכט. זי איז געזעסן בײַם פֿענסטער אין האַלב־שלאָף. צווישן די בילדער, וואָס האָבן דורכגעשלײַכט איר געדאַנק, איז אויך געווען דאָס בילד פֿון איר אייגן געשטאַלט, ווי זי האָט זיך מיטן שנירל פּערל אויפֿן האַלדז אײַנגעקוקט אינעם שפּיגל.

— איך האָב געדאַרפֿט זײַן מער אײַנהאַלטעוודיק, האָט זי געטראַכט אַן אויפֿגערעגטע, בײַלנדיק אַ פּויסט; און דערנאָכדעם: די דאָזיקע פּערל וואָלטן געקאָנט געהערן צו מיר; און ווײַטער: ווי אַזוי האָט ער געקאָנט וואַגן אויף אַזוינס?

צומאָרגנס אינדערפֿרי האָט זי געשריבן צו מאַנפֿרעדן. זי האָט געפֿילט אַ באַדערפֿעניש זיך אַראָפּצורעדן פֿון האַרצן, כּדי צו באַקומען אַ קלאָרן בליק אויף דעם ענין, אָבער זי האָט זיך ניט געקאָנט דעצידירן, ווי אַזוי צוצוגיין צו דער זאַך. און שפּעטער? דערויף האָט ניט דערלויבט איר דערינערונג וועגן ערווינען. ערנסט? און אַזאַ פֿאַל וואָלט מאַנפֿרעד געקאָנט קלערן, אַז זי האָט געגלעכצט נאָך די פּערל, אַז זי איז ניט באַשײַדן.

שלאָגנדיק זיך אַזוי מיט די געדאַנקען, האָט זי זיך שוין פֿאַר־געוואָרפֿן אומאַנשטענדיקײַט. איר האַנט האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם וואָרט, די פֿעדער דער האַנט. מאַנפֿרעדס ווײַטע גענײַגט

האָט זיך באַהאַלטן ווי אונטער אַ פאָרהאַנג, און דאָס, וואָס זי האָט אָנגעשריבן, האָט איר אויסגעזען ווי ווערטער, וואָס זענען געשיקט אין דער ליידיקײט אַרײַן.

אַ צופאַל האָט גורם געווען, אַז אין מאָמענט פון דער דאָזיקער ראַנגלעניש האָט דער פּאָסט־טרעגער געבראַכט אַ בריוו פון מאַנפרעדן.

דער בריוו איז געווען געשריבן אין דער שטאָט קאָלאָמבאָ אין ציילאָן. מאַנפרעדן האָט מען שוין געהאַט צו־ווּיסן־געטון וועגן די ווייַטיקע געשעענישן אין דער היים. ער האָט געוואוסט וועגן דוּעל, ער האָט געוואוסט, אַז ערווין האָט מיט אַ מוזיקן שריט זיי געהאָלפן אין מאַטעריעלער הינזיכט. וועגן דעם לעצטן האָט ער זיך דערוואוסט פון ערווינען גופא, און דער אויסדרוק „מוזיקער שריט" האָט געשטאַמט טאַקע פון ערווינען. דאָס, וואָס ווירגיניאַ האָט מכּח דעם געשריבן, האָט מאַנפרעדן נישט געקאָנט געבן קיין באַגריף וועגן דער אַנגעלעגנהייט. אין ערווינס דערציילונג איז דער טאָן פון האַרציקן מיטגעפיל געווען פאַרייניקט מיט אַ ענעם איידעלן שפּאַס, וועלכער דערלאָזט נישט צו קיין פאַרוואונדערונג אָדער דאַנקבאַרקייט. פון מאַנפרעדס בריוו האָט מען נישט געקאָנט זען, ווי אַזוי ער אַליין פאַרקוקט זיך אויף די דאָזיקע ענינים; אויב עס האָט אים נישט באַרויקט דער שטאָלצער צוטרוי צום פרײַנט, האָט די ידיעה וועגן דועל און די פאַרהעלטנישן, וועלכע האָבן אין אַזאַ מאָס אַרײַנגעצויגן ווירגיניאַן אין דער זאַך, געמוזט אויף אים שלעכט ווירקן. אָבער אַזוי איז נישט געווען. דאַכט זיך, אַז מאַנפרעד האָט געזאָגט: מײַנע פחדים זענען נישט געווען קיין רויבערישע, אָבער איך האָב איבערגעלאָזן אַ וועכטער, וואָס זײַנס גלײַכן איז זעלטן צו געפונען. אויב מאַנפרעד איז געווען נישט רויק, איז עס געווען בלויז צוליב אַ געפאַר, וואָס ווירגיניאַס אַפּוטרופּס וואָלט געקאָנט פאַרזען. דערפאַר האָט ער געראַטן ווירגיניאַן, זי געבעטן, אַז זי זאָל זען אין ערווינען אַ ברודער, מער פון אַ ברודער, אַ מענטש, פאַר וועלכן זי דאַרף נישט האָבן קיין סודות. און דאָס איז געווען אַ סך.

אין איינעם אַ טאָג האָט ווירגיניאַן באַקענט ביי מאַריאַנאַן

איר ברודער. די דאָזיקע טרעפונג איז מאַריאַנאַן נישט געווען ניחא, וואָרום זי האָט פאַרגעסן די פאָלגן דערפון. ווירגיניאַן, וועלכע האָט אפילו נישט באַמערקט דעם אומווילן, מיט וועלכן מאַריאַנאַ האָט אונטער אַ מ ו ז דורכגעפירט די צערעמאָניע פון באַקענען זיי צווישן זיך — איז געווען אָפּשטויסנד דער יינגערמאַן, צוליב זיין איינגעקעקשנטער זיכערקייט מיט זיך. דאָס איז געווען דער זעלבער מאַנסביל, וועלכער איז אַנומלט, נישט זעענדיק זי, אַדורכגעלאָפן דאָס צימער דאָ, ווען זי האָט, פון מורא פאַר ערווינען, געוואָלט מיט אים רעדן דורכן טעלעפאָן. ווירגיניאַ האָט נישט פאַרגעסן, אַז די אומרויקע און אומגעבילדעטע שטריכן האָבן אויף איר געמאַכט אַן איינדרוק פון רויקייט און פאַרווילדונג.

אינדער-אמתן איז סיקסטוס פאָן פליגעל געווען אַ שלעכטער טיפּ פון דער מאָדערנער הוליעדיקער יוגנט; אַ שפּילער פון ערגסטן מין, אַז עלעגאַנטע און פאַרברעכערישע צוק-חיה, איינער פון יענע נאַטירלעכע איינוואוינער פון די גרויסע הויפּט-שטעט, וועלכע עס ווערט נישט גוט, אויב זיי זען נישט אַרום זיך פינף-שטאָקיקע שטיינהייזער, און וועמענס באַרוף עס איז נישט צו האָבן קיין שום באַרוף. ער איז געווען אַ מוסטער פון דער מאָדע. קוקן אויף אים האָט באַדייט זיך צוקוקן צו אַ פּרעכטיקן ק אַ נ ק אַ ן, אַ טאַנצנדיקן דורך דער מאָדע אַליין, קאַפּריזנע און פאַרענדערלעך ווי דער ווינט.

ער האָט באַגערט ווירגיניאַן אָפּצופירן אַהיים. זי האָט אָפּגעזאָגט, אָבער ער האָט זיך דערמיט גאָרנישט איבערגענומען. מאַריאַנאַ האָט געפּרוווט אים אָפּצוהאַלטן, אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. די אייד עלע נישט-צוטרויעלעכקייט פון ווירגיניאַן האָט אים נישט געשטערט צו זיין איינגעשפּאַרט. אונטער דעם צודעק פון גאַלאַנטעריע האָט ער אין דער פרוי געזעען דאָס, וואָס אַ גנב זעט אין אַ פרעמדן בייטל: אַזוינס, וואָס מ'קאָן באַהאַלטן און צונעמען. כעשענע-גנבים זענען קליינע קרעמער פון ש ו ל ד, און די „דעראָבערער פון הערצער" פון דעם מין סיקסטוס פאָן פליגעל פירן זייער האַנדווערק אָן אויסקלייב. און ס'איז לייכט זיי דורכצוקוקן.

ווירגיניאַ האָט זיך געפֿרייט, וואָס זי האָט אים ענדלעך געפּטרט און געפֿונען זיך אונדערהיים, אָבער ווי גרויס איז געווען איר אומצופֿרידנקייט, ווען, אַרויסגייענדיק פֿאַרנאַכט פֿון שטוב, האָט זי ווידער געזען סיקסטוסן זיך דערנענטערן צו איר! זי האָט קאַלט געענטפֿערט אויף זיין באַגריסונג און געוואָלט אים אויסמיידן. ער האָט איר פֿאַרשטעלט דעם וועג. איר אויג האָט אויף אים געקוקט מיט אַ שטאָלצער פֿאַראַכטונג, אָבער דער יונגערמאַן האָט זיך דערמיט נישט איבערגענומען. ר'איז געווען איבערצייגט, אַז זי וויל אים לגמרי נישט פּטור ווערן. ווירגיניאַ האָט אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז זיין געזעלשאַפֿט איז איר נישט ניחא; אומזיסט, זי האָט נישט געענטפֿערט אויף זיינע פֿראַגן, אָבער אים האָט דאָס נישט געשטערט; ער איז געגאַנגען נעבן איר, גערעדט צו איר, איז געווען דרייסט, בייסנד, סאַרקאַסטיש, האָט געוואָרפֿן געמיינע אַלוזיעס. ווירגיניאַ איז פֿולשטענדיק אַנטשוויגן געוואָרן. איר האָט דורכגענומען אַן עקל און אַ צאָרן. זי איז אַנטלאָפֿן אין אַ געוועלב אַריין, סיקסטוס האָט געוואַרט אויף איר מיט אַ חוצפּהדיקער דרייסטקייט. ווי אַן אונטערגעהאַקטע איז זי געקומען אַהיים, בסדר אין זיין געזעלשאַפֿט. זי האָט געשריבן אַ פּאָר ווערטער צו מאַריאַנאַן. אָן פּעולה. דעם צווייטן פֿרימאָרגן איז ער ווידער געשטאַנען פֿאַרן טויער, פּונקט ווי ער וואָלט דאָרט גענעכטיקט. ווירגיניאַ האָט אים גלייך געזאָגט, אַז ער זאָל זי לאָזן געמאַך; ער האָט געצויגן מיט די אַקסלען און זיך פֿונאַנדערגעלאַכט. איר אייגנגעשפּאַרטקייט האָט אים דערצערנט. ער האָט, קענטיק, זיך געדינגען אַ שפּיאָן, וואָרום ווען זי האָט נאָר נישט געזאָלט אַרויסגיין פֿון דער היים, איז ער איר שוין נאָכגעגאַנגען, און דערנאָך איז ער געווען נעבן איר. זיין פֿרעכהייט האָט אין זיך געהאַט עטוואָס טייוולשעס. ער האָט באַליידיקט און געחנפֿעט אין איין וואָרט, איז געווען גראָב, נאַריש און פֿאַרהעפֿלעכט. אַ געוויסן אָוונט האָט ער זי באַגלייט אַזש ביז אויף די שטיגן און געחוזקט פֿון איר געבייזער.

ווירגיניאַ איז געווען געוואוינט צו לעבן אין ריינקייט. דאָס שטענדיקע צוזאַמענזיין מיט סיקסטוסן האָט זי אָנגעטרונקן מיט

עקל. מאַריאַנאַ האָט נישט געגעבן קיין צייכן פֿון לעבן, אויף באַזוכן איר האָט ווירגיניאַ זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן, ווייל זי האָט נישט געוואָלט אַרייננגיין אינם הויז פֿון דער פֿורעניה. לסוף האָט זי זיך אָנגעטון אַ כח און מתודה געווען זיך פֿאַר דער מוטער, וועלכע האָט שוין לאַנג באַאָבאַכטעט אין איר עפּעס אַן ענדערונג, אָבער זי וואָלט קיינמאָל זיך נישט אַנטדרייסט ווירגיניאַן אויסצופֿרעגן.

— איך זע נישט קיין אַנדער אויסוועג, — האָט פֿרוי געסנער געזאָגט — נאָר דו מוזט זיך ווענדן צו ערווינגען.

ווירגיניאַ האָט זיך דערשראָקן ביים בלויזן געדאַנק וועגן דעם. איר איז געווען יענע געשיכטע מיטן דועל, וועגן וואָס מ'האָט נאָך נישט אויפֿגעהערט צו רעדן. זי האָט אָפּגעוואָרפֿן דעם פֿאָרשלאַג.

— ביסט מאָדנע, קינד, — האָט פֿרוי געסנער געזאָגט, — דעם מענטש וועסטו מער ווי איינמאָל נאָך דאַרפֿן, וועסט זיך אין אים נויטיקן אָפֿטער, ווי דו מיינסט.

די דאָזיקע ווערטער האָבן ווירגיניאַן נישט געקאָנט באַרויקן.

— ער איז שוין לאַנג נישט געווען ביי מיר, — האָט זי געזאָגט צו דער מוטער.

— ניין. איצט וויזט ער זיך זעלטן.

— אַזוי מיינסטו? — האָט ווירגיניאַ געזאָגט אַ פֿאַרטראַכטע. — איבעריקנס, ער איז איצט נישטאָ אין ווין. ער איז איינגעלאַדן געוואָרן קיין טשעכיען, צום גראַף הענסדאָרף אויף יאַגד.

יעדנפֿאַלס האָט עפּעס געמוזט געשען. ס'האָט זיך געמאַכט, אַז ווירגיניאַ האָט אין פֿאָדערהויז פֿון דער אַקאַדעמיע באַגעגנט אולריך צימערמאַנען, וועלכער האָט געשמועסט מיט איינעם אַ באַרימטן מאַלער. ער איז געווען גליקלעך מיט דער טרעפֿונג. ווירגיניאַ האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און אונטערן דרוק פֿון די אומשטענדן, האָט זי זיך פֿאַר אים אַראָפּגערעדט פֿון האַרצן. אולריך איז געווען אויפֿגערעגט. זיין געוואַלטיקער כעס האָט ווירגיניאַן געגעבן אַ גרונט פֿאַר נייער מורא.

— וואָס האָט איר בדעה צו טון? — האָט זי געפֿרעגט.

— לאָזט דאָס איבער פֿאַר מיינעטוועגן, — האָט ער גע=

ענטפֿערט מיט חיץ. — איך וועל אייך באַפֿרייען פֿון דעם אויס־וואורף.

און וואָס האָט געטון דער אומגליקלעכער פּאָעט? ער איז געפֿאָרן צו ערווינען, וועלכער איז דעמזעלבין טאָג צוריקגעקומען קיין ווין, האָט אים דערציילט וועגן דער שאַנדע, וואָס ווירגינאַ טראָגט אַריבער, האָט אים געפֿרעגט, וואָס מ'דאַרף טון און דערביי ערקלערט, אַז ער וועט סיקסטוסן אַרויסרופֿן אויף אַ דועל. ערווין איז בלייך געוואָרן.

— איר זענט אַ שוטה, — האָט ער געזאָגט צו אולריכן; — איך וועל נאָר אַביסל אָפּסטראַשן דאָס יינגל, פֿאַרלאָזט זיך אויף מיר. פֿון היינט ביז דריי טאָג וועט הער פֿאָן פֿאָגעל שוין זיין ווייט פֿון ווין.

אולריך צימערמאַן האָט זיך פֿאַרטראַכט.

די זאַך האָט זיך פֿאָרגעשטעלט אַזוי, אַז סיקסטוס פֿאָן פֿליגעל איז ניט בלויז געווען ערווינס אַ גרויסער בעל־חוב, נאָר האָט אויך מיט אַ געוויסער צייט צוריק אויסגעפֿירט אַ באַדייטנדיקן שווינדל אויפֿן נאָמען פֿון זיין שוועסטערס פֿריינט. ערווין האָט, אַלזאָ, קענען אים געהאַט אַ שטאַרק געווער, ווי אַ שווערט אָדער אַ פּיסטאָלעט. דעם איינגענעם טאָג צווישן צוועלף און איינס ביי טאָג איז ערווין געקומען אין הויז פֿון דער הערשאַפֿט פֿאָן פֿליגעל. מאַריאַנאַ האָט אים דערוואַרט, סיקסטוס איז געשטאַנען ווי פֿאַרן משפּט. דאָס געשפּרעך האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט. ערווין איז געווען רויק און מיט אַן אייזיקער קאַלטקייט האָט ער אויסגערעכנט זיינע באַדינגונגען, וואָס דאָס נישט אויספֿירן זיי וואָלט אַרויסגערופֿן אַ סקאַנדאַל און אַ חרפּה. סיקסטוס האָט געמוזט אָנשרייבן צו ווירגיניאַן אַ הכנעהדיקן בריוו מיט אַן אַנטשולדיקונג, וואָס ערווין האָט אים באַלד דיקטירט; ווייטער איז ער געווען געצוואונגען אונטערצושרייבן אַ פֿאַרפּליכטונג, לויט וועלכער ער האָט, אונטער אַן ערן־וואָרט, צוגעזאָגט אויף אַ יאָר צייט אַרויסצופֿאָרן קיין פּאַריז אָדער לאָנדאָן, אַלצאיינס וואוהין, אפֿי דורה דער צייט נישט צו ווייזן זיך אין ווין. דערפֿאַר האָט ערווין זיך מתחייב געווען אָפּצוצאָלן זיינע דרינגענדסטע חובֿות און באַשטימען פֿאַר אים, אויף

דער צייט פֿון דער פֿאַרשיקונג, אַ קליינע סומע אויף אויסהאַלטונג.

ביזקייט און דערנידריקונג האָבן דעם בחור פֿאַרוואַנדלט אין אַ סטאַטוע פֿון שטיין. ווען ניט מאַריאַנאַ, וועלכע האָט געהאַט אויף אים אַ געוויסע גייסטיקע השפּעה, וואָלט סיסקסטוס, אין דעם שגעון, וואָס האָט אים באַהערשט, געקאָנט ברענגען צו אַן אומגליק. אין מאַריאַנאַס אַנוועזנהייט האָט ער זיך אונטערגעגעבן, קריצנדיק מיט די ציין.

זייט דאַמאָלס האָט מאַריאַנאַ געפֿילט צו ווירגיניאַ אַן אויסלעשבאַרע שנאה, זי האָט דערביי געהאַלטן, אַז עס איז נאָך ניט געקומען די געהעריקע צייט, צו קאָנען אַזאַ געפֿיל אַרויסווייזן. זי האָט עס פֿאַרשלאָסן אין איר ברוסט, ס'זאָל רייף ווערן. האָט טראָגט בענקשאַפֿט פּונקט ווי די ליבע. דעמזעלביקן אָוונט איז מאַריאַנאַ אַוועק אין ווירגיניאַס וואוינונג. ווירגיניאַ האָט שוין געהאַט דערהאַלטן דעם בריוו מיט דער אַנטשולדיקונג, און איז געווען פֿאַרחידושט פֿון דער געשווינדקייט, מיט וועלכער אולריך צימערמאַן האָט דערפֿילט זיין צוזאָג.

— אַך, ווירגיניאַ, — האָט מאַריאַנאַ געזאָגט מיט אַ לייכטן פֿאַרוואורף, — אויב איר וואָלט געהאַט נאָך אַביסל געדולד, וואָלט איך אַלץ דערליידיקט. מיין ברודער איז אומדערטרעגלעך ווילד, אָבער אין דער טיפֿעניש פֿון דער נשמה איז דאָס אַ גוט קינד. און איר האָט אויפֿגעהעצט אויף אים ערווינען, פֿון וועמען ער איז אָפּהענגיק מאַטעריעל, און ווער ווייסט, וואָס פֿון דעם קאָן אַרויסקומען. דאָס איז גאָרנישט איידל געווען פֿון אייער זייט.

ווירגיניאַ האָט ניט געהאָנט קיין וואָרט אויסרעדן.

— איך האָב ערווינען געהעצט קעגן אים? — האָט זי לסוף אַרויסגעמורמלט.

— נאַטירלעך, טאָ פֿון וואַנען זשע האָט ערווין געוואוסט וועגן דעם?

— גלויבט מיר, מאַריאַנאַ, אַז עס איז געשען קעגן מיין ווילן, — האָט ווירגיניאַ גיך פֿאַרזיכערט. זי האָט טאַקע געוואָלט ערווינס אַריינמישן זיך אין דער זאַך אויסמיידן, און צוליב דעם אַלץ אָנפֿערטרויט אולריכן.

— ס'זעט אויס, ווי איר וואָלט זיך אָנגעהאָנגען אין ערווינגס פּאָלעס — האָט מאַריאַנאַ טרוקן באַמערקט. — מ'וואָלט ווירקלעך געקענט מיינען, אַז סיקסטוס איז אַ מענטשן־פֿרעסער, — האָט זי צוגעגעבן מיט צאָרן, אָבער זי האָט תּיכּף געענדערט דעם טאָן, ווייל זי האָט געזען, אַז ווירגיניאַ קוקט אויף איר מיט פֿאַרוואונדערונג.— איר האָט דאָך רעכט, — האָט זי געזאָגט — מיין ברודער איז דערין מודה. ער האָט זיך אין אייך פֿאַרליבט, און כּדי צו מאַכן אַ סוף צו דער גאַנצער געשיכטע, פֿאָרט ער מאָרגן אַרויס קיין אויסלאַנד אויף אַ יאָר. איר קאָנט, אַלזאָ, ווייטער רויק גיין אין גאַס, נישט מורא האָבנדיק פֿאַר אַן אומגעבעטענעם אָנשיקעניש. אַ טפּש, האָט נישט קיין שיקלעכקייט און נישט קיין טאַקט. — נאָך דעם דאָזיקן שטאָך, וואָס האָט אייגנטלעך נישט געטראָפֿן אין פּינטל, האָט זי אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס און פֿאַרויכערט.

ווירגיניאַ האָט איצט דערשפּירט אַן אומווילן צו אולריכן, מחמת צוליב דעם דאָזיקן פֿאַל האָבן זיך ענגער געמאַכט די קניפּן, וואָס האָבן איר פֿאַרבונדן מיט ערווינגען. זי איז אים שולדיק געווען דאַנקבאַרקייט, נאָר אָט די פֿליכט איז פֿאַר איר געווען אַ לאַסט זי האָט דערביי נישט געוואוסט, ווי אַזוי ערווין האָט אויפֿגענומען די גאַנצע זאַך: צי ער האָט אויך זיך זי נישט געזידלט און נישט געהאַלטן פֿאַר אַן אומריכטיקייט פֿון איר זייט, וואָס זי האָט זיך געווענדעט נאָך הילף צו אַ דריטער פּערזאָן.

אין איינעם פֿון די נאָענטסטע פֿרימאָרגנס איז זי געגאַנגען אין גאַס און פֿון וויטנס געזען ערווינגען אין דער געזעלשאַפֿט פֿון צוויי דאַמען און צוויי הערן. זאַלבעפֿינפֿט האָבן זיי לעבהאַפֿט גערעדט. ווען ערווין האָט באַמערקט ווירגיניאַן, האָט זיין בליק מאָמענטאַל אַ בליץ געטאָן און זיך דערצידירט אויף אַ ווילדע און איינציקטיק ראַפֿינירטע קאָמעדיע. ער האָט, נעמלעך, ווייטער אונטערגעהאַלטן דעם שמועס מיט די דאַמען און מיט זיי גערעדט אָן איבעררייס, דורכגליטשנדיק זיך מיטן בליק איבער ווירגיניאַס פּנים, און נישט באַגריסט זי.

ווירגיניאַ האָט זיך שוין געגרייט צום באַגריסן, שוין באַוועגט די ליפּן צו אַ האַרציק שמייכעלע, און ווען עס האָט געטראָפֿן אַזאַ

אומדערוואַרטע זאַך, האָט זי נישט געוואוסט וואָס מיט איר טוט זיך. איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי זינקט איין אין דער ערד. זי וואָלט זיך צוגעטוליעט צו אַ מויער, וואָרום זי איז געפֿאַלן אונטער זיך, אין משך פֿון עטלעכע רגעים זענען פֿאַר איר אַדורכגעשוווּמען אַ סך בילדער, ווי ביי אַ מענטש, וואָס פֿאַלט אין אַ תהום. מיט שווערקייט האָט זי זיך צוגעשלעפּט צו אַ דראָזשקע, אַוועקגעפֿאָרן אַהיים, וואו זי האָט זיך באַלד געמוזט צולייגן אויף דער קאַנאַפּע.

ערווין האָט לעצטנס אויסגעמיטן ווירגיניאַן נישט אָן פּלאַן. ער האָט געגלויבט, אַז נישט בלויז דער ווילן פֿירט צום ציל, נאָר אַז אויך דער ציל בינדט דעם ווילן און רייסט אים מיט. דעריבער האָט ער געאַרבעט, געהערט פֿאָרטראַגן, אַליין געהאַלטן פֿאָרלעזונגען, געריטן, געפֿעכט, געשפּילט אין טעניס און אין פֿוסבאָל, געגאַנגען אין טעאַטער, געקומען אין געזעלשאַפֿט, באַנייט זיינע צאָלרייכע באַציִונגען, אָבער ביי די אַלערליי פֿאַרשיידענע אופֿנים פֿון פֿאַרטרייבן די צייט, איז ווירגיניאַ שטענדיק געבליבן דער ציל, ווי אַ ווייטע ים-לאַמטער פֿאַר אַ פֿישער-שיפֿל אין דער שוואַרצער נאַכט.

אין דערזעלבער צייט איז ענטגילטיק רייף געוואָרן זיין באַציִונג מיט העלענע צורמילען, וואָס האָט אָנגענומען אַזאַ כאַראַקטער, וואָס האָט געהאַט אַ דעצידירנדיקן איינפֿלוס אויפֿן לעבן פֿון דער יינגער פֿרוי

העלענאַ צורמילען האָט געשטאַמט פֿון אַ גוטער משפּחה, די [illegible]ונאַסטם זענען געווען אַן אַלטער און געאַכטעטער פּאַטריציער-שטאַם. העלענאַ האָט חתונה געהאַט אין 18-טן לעבנסיאָר. פֿריי-צייטיק האָט דאָס רייכע מיידל דערפֿילט דעם הייראַטס-צוואַנג אַלס לאַסט. ראָבערט צורמילען, וועלכער האָט זי לויט זיין אויפֿפֿירונג געבערענגט דערצו, אַז זי זאָל זיך אין אים פֿאַרליבן, האָט זי באַהאַנדלט ווי אַ העכער וועזן. עס האָט אים געפֿעלט טאַלענט, צו ווערן אַ סוחר אין גרויסן סטיל, ער האָט אים פֿאַרטרעטן מיט דער אַרבעטזאַמקייט פֿון אַ מענטש, וועלכער איז פֿעיק אַוועקצושענקען יעדע פֿרייד פֿון לעבן, אַבי צו ווערן רייך. אויך העלענאַ האָט גע-

חלומות פֿון רײַכקײט. זי האָט געוואָלט אַ פֿינעריק קינד. ס'האָט זיך איר געדוכט, אַז זי איז גליקלעך. זי האָט געאַכטעט איר מאַן. עס האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט אים ליב. ער איז פֿולשטענדיק געווען אונטער איר מאַכט. זי האָט זיך באַמיט צו מאַכן פֿון אים אַן עלעגאַנטן וועלט-מאַן, אױפֿצוּוועקן אין אים אַ געשמאַק צו דער געגנווערטיקער ליטעראַטור. אָבער ער איז געווען אַ קלײנלעכער אין געלט-זאַכן, דאָס האָט זי געערגערט. אומזיסט האָט זי געקעמפֿט מיט דעם דאָזיקן חסרון.

פֿון דער מינוט, ווי זי האָט געזען ערווינ רײַנערן, וועלכן זי האָט באַקענט דורך דער פֿערמיטלונג פֿון איר ברודער, איז עס פֿאַר איר געווען אַ באַשלאָסענע זאַך, אַז זי מוז דעם מענטש דעראָבערן.

ער האָט פֿאַר איר אױסגעוויזן צו זײַן די פֿאַרווירקלעכונג פֿון די דרײַסטע טרוימען. זי האָט געפֿילט איר גאַנצע פֿאַרלוירנקײט נעבן אים. זי איז געווען פֿאַרבלענדט און אונטערגעוואָרפֿן דער קראַפֿט פֿון זײַן פּערזענלעכקײט מיט אַ פֿאַנטאַסטישער רו. זי איז נאָך נישט געווען זיכער, צי ערווין וועט זי אױפֿהייבן פֿון דער ערד, אָבער זי האָט שוין געקענט, אַ פֿאַרמאַטערטע פֿון זעען, הערן, וואַרטן, אַדורכגענומען מיט אַן אומווילן צו די פֿאַמיליען-אָוונטן, געלאַנגווײַליקט פֿון פֿליכטן איז זי, וועלכע האָט שטענדיק גערעדט וועגן התחייבותן און פֿליכטן ענלעך געווען צו אַ וועכטער-מלאך פֿון דער צניעות.

-- וואָס שטעלסטו אין דעם שפּיל? — האָט ערווין געפֿרעגט, ווען דער זיג האָט זיך אױסגעוויזן צו לײַכט.

-- זיך! האָט העלענאַ געענטפֿערט. דער דאָזיקער טעמפּעראַמענט. דער דאָזיקער שטריך פֿון אומפֿאַרזיכטיקײט האָט אין זיך געהאַט עפּעס אַ פֿײַער. ערווין האָט נישט געדאַרפֿט קײן ווערטער, קונסט-שטיק, שבועות, פֿאַרשפּרעכונגען: די מאַכט, פֿון וועלכער די אַגענטן און די עמיסאַרן איז געווען ער אַלײן, האָט דעם גרונט געמאַכט אַזױ גוט, אַז ער האָט דאָ אײַנגעטלעך קײן שום אַרבעט נישט געדאַרפֿט אָוועקלײגן.

אָבער העלענאַ האָט אים נישט געפֿאַלן. זי האָט אים געפֿאַלן, ווי עס האָט געפֿאַלן אַ קאָסטבאַרע וואַזע. ער האָט זי פֿאַר-

גלייכט צו אַ שטימונגספֿול־אָפּגעשפּילטן נאָקטורן פֿון שאָפּען. זי האָט געהאַט אין זיך פּאָעזיע.

ווי אַזוי פֿאַרפֿירט מען אַ יונג מיידל? — האָט ערווין זיך געפֿרעגט: מען גוערט איר אידעאַל. ווי אַזוי פֿאַרפֿירט מען אַ כּלה? מען רעוואָלטירט אירע אידעאַלען. דאָס איז זייער שווער. וואָס שייך אַ פֿאַרהייראַטע פֿרוי דאַרף מען בלויז ווענדן דאָס געווער צום מאַן, ליובנדיק די מעלות, וואָס ער, דער מאַן, האָט נישט. ערווינס ברייטקייט, די פֿרייקייט פֿון זיין גייסט, די טיפֿקייט פֿון זיין אָנשויאונגען האָבן אָן צווייפֿל פֿאַרכּישופֿט העלענאַן; אָבער די סיבה, צוליב וועלכער זי האָט זיך אים איבערגעגעבן ביז צום פֿאַרגעסן זיך, איז געווען זיין איידלקייט, צוליב איר האָט ער מיט איר אַלץ געקאָנט מאַכן. העלענאַ איז שוין נישט געווען קיין פֿיינע פֿרוי, וואָס באַגייט אַ פֿאַראַט, און יעצט גייט זי אַ דערשראָקענע אויף אַ געפֿעלעכן וועג; אין זיינע אָרעמס איז זי אַריבערגעוואַקסן אָט דעם דאָזיקן גורל, און ווי לאַנג זיינע אָרעמס האָבן זי נאָך געהאַלטן, האָט זי נישט געקאָנט פֿאַלן. ערווין האָט געפֿילט אַ באַדערפֿניש די דאָזיקע פֿרוי, וואָס איז אפֿשר פֿאַרשיכּורט געוואָרן דורך צעפֿלאַמטע חושים, נאָך מער פֿאַרלוירענער איינצושלעפֿערן. עס זענען געשעען מינוטן, ווען ער וואָלט אַזוי ווי באַשאַפֿן אַ נייעם אַרט ליבעס־פֿילן, און די רעזולטאַטן, וואָס ער האָט דערגרייכט, האָבן געהאַט פֿאַר אים אַ ווייטגייענדיקערע באַדייטונג, מחוץ די באַציונגען צו דער דאָזיקער פֿרוי, וואָס איז געפּרופֿט געוואָרן זייט זי האָט זיך אָפּגעגעבן.

יאָ, ער האָט פּרובירט, אונטערזוכט, געזוכט אַן אומבעזיגבאַר מיטל, אַ רעצעפּט איבער אַלע רעצעפּטן; דאָס איז געווען פֿאַר אים ווי אַ פּרובע מיט אַ גיפּס־מאָדעל פֿאַרן צוטרעטן צו דער אַרבייט איבער אַ לעבעדיק וועזן.

אפֿשר דערפֿאַר, ווייל ער איז פֿאַרנומען געווען מיטן שפּיל, האָט ער זיך ריזיקירט, צוזאַמענשטעלנדיק דאָס דאָזיקע שפּיל, אַדורכצוגיין פֿאַר ווירגיניאַן, נישט גרוסנדיק צו איר. יעדנפֿאַלס איז דאָס נישט געשען אָן פּלאַן. ער האָט אויף אַ שעה צעריסן די קייט, כּדי זי זאָל שפּעטער ווידער צו שמידן.

גענוי אין אַ שעה אַרום איז ער געווען בײַ ווירגיניאַן אין דער וואוינונג.

— זאָגט מיר, ל'בעט אײַך, צי איך האָב אײַך פֿריִער ניט געטראָפֿן אין דער שטאָט? — האָט ער אָנגעהויבן. — דאָס דאַכט זיך מיר אוים ווי אַ חלום.

ווירגיניאַ איז נאָך אַלץ געווען צעמישט, אָבער זי האָט לײַטער אָפּגעאָטעמט.

— וואָס איז דאָס געווען? — האָט זי געמורמלט מיט אַ ניט־באַהאַלטענעם אומווילן.

— כ'בעט הונדערט מאָל פֿאַרצײַאונג, — האָט ערווין געזאָגט, — דאָס איז געווען אַ האַלוצינאַציע, אָדער אַ וואונדערלעכער אָפּשײַן פֿון אַ האַלוצינאַציע, יעדע רגע זענט איר אויף אַזוי פֿיל אין מײַן פֿאָרשטעלונגס־קראַפֿט, אַז עס איז געשען מיט מיר ווי מיט אַ קינד, וואָס דערוואַרט זײַט טעג זײַן מוטער, און ווען די מוטער קומט אַרײַן אין צימער, פֿירט עס זיך אַזוי אויף, ווי זי וואָלט קײנמאָל ניט געווען האָבן אַוועקגעגאַנגען. אַזאַ ענלעכעס איז מיט מיר געשען. זײַט מיר מוחל.

עס איז געווען צו זען, אַז ער נעמט עס ערנסט. דאָס האָט ווירגיניאַן אַנטוואָפֿנט. זי האָט אפֿילו געמוזט אַ שמייכל טון. אין דער אמתן איז זי געווען צופֿרידן, אַז זי דאַרף שוין מער ניט טראַכטן וועגן דעם דאָזיקן צופֿאַל.

— איך האָב צו אײַך נאָך איין בקשה, — האָט ערווין אָנגעהויבן אויפֿסנײַ, — אין סוף וואָך גיב איך אַרוים פֿאַר מײַנע פֿרײַנט און אַנדערע מענטשן, קעגן וועלכע איך האָב געזעלשאַפֿטלעכע פֿליכטן, אַן אָוונט, אַ מין פֿײַערונג, אויב איר ווילט. פֿרוי רעסאָווסקאַ איז געווען אַזוי גוט, אַז זי האָט אונטערגענומען די אויפֿזיכט. צי איז מיר דערלויבט צו פֿאַרבעטן אײַך מיט דער מוטער?

— די מוטער קומט ניט אין געזעלשאַפֿט, — האָט ווירגיניאַ אָפּגעענטפֿערט גיך, מיט אַ געפֿיל, ווי די אָנוועזנהייט פֿון דער ריטער וואָלט זײַער ניט נויטיק געווען.

— איך פֿיל דערפֿאַר אַ מורא ווי פֿאַר אַ באַן־אומגליק. — און

דעריבער וועט איר זיכער מיר נישט אָפּזאָגן, — האָט ערווין געזאָגט. — אויב אַזוי וועל איך אָפּזאָגן אַלע פֿאַרבעטענע און דער לעצטער מינוט, — האָט ער צוגעגעבן זעענדיק. ווי ווירגיניאַס פּנים איז פֿאַרטראַכט, — איך האָב צוגעזאָגט, אַז איר וועט קומען, און עס גייט מיר דערין, איר זאָלט זײַן, און איר וועט זײַן.

אָהן, האָט זיך ווירגיניאַ געטראַכט אַ פֿאַרוואונדערטע, אַזוי רעדט מען מיט מיר? זי האָט זיך באַמיט צו שמייכלען, אָבער זי האָט נישט געקענט פֿאַרטראָגן ערווינס בליק.

— אײַער אָפּזאָג וואָלט מײַן הויז געבראַכט אומגליק, — האָט ערווין געזאָגט אײַנגעשפּאַרט.

— זענט איר אַבערגלויבעריש?

— איך בין אַבערגלויבעריש, ווי אַלע מענטשן, וואָס ראָבן נישט קיין אַנדערן געגנשטאַנד פֿון גלויבן, ווי זיך אַליין. גיט מיר אײַער צוזאָג און האַנט.

ווירגיניאַ האָט געגעבן איר צוזאָג, אָבער די האַנט נישט. פֿרוי געסנער איז פֿאַרנומען געווען אין דער קיך, פֿון וואַנען עס האָט זיך דערהערט אַ פּליוסקן פֿון וואַסער. ווירגיניאַ איז אויפֿגעשטאַנען און פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צום פֿענצטער. ערווינס נאָז־פֿליגל האָבן געציטערט, ווען ער האָט געקוקט אויף איר דעליקאַטן טראָט. מײַנע, מײַנע, מײַנע, האָט עפּעס פֿריילעך גערופֿן אין אים.

ער האָט באַמערקט, אַז זינט ער האָט ווירגיניאַן געראַטעוועט פֿון סיקסטוס אָנפֿאַלן, איז זי געוואָרן שרעקעוודיקער. אולריך צימערמאַן האָט אים געלייסטעט אַן אויסגעצייכנטע דינסט. אָבער אולריך איז אַליין נישט געווען געטרייסט, ווען מאַריאַנאַ האָט נישט באַהאַלטן פֿאַר אים, ווי ווירגיניאַ באַקלאָגט זיך אויף אים. די סיבה פֿון דאָזיקן קלאָגן זיך איז פֿאַר אים נישט קלאָר געווען. ער האָט געמיינט, אַז ער האָט געהאַנדלט אַנטשלאָסן. און ווען ער איז אין אַ געוויסן נאָכמיטיק געקומען צו ערווינען און זיך דערוואוסט פֿון אים, אַז ווירגיניאַ האַלט זײַן טאַט פֿאַר פּחדנות, אפֿילו פֿאַר אַ פֿאַרראַט, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער פֿאַלט פֿון די וואָלקנס אַראָפּ. און מיטאַמאָל האָט ער פֿאַרשטאַנען. ער

האָט זיך אַ ריס געטון פון דער שטול און געוואָלט אַרויסלויפן פון צימער.

— וואוהין? — האָט ערווין אויסגערופן הארט.

— צו איר.

— לאָזט עס צורו, — האָט ערווין געזאָגט קניִיטשנדיק די ברעמען, — וועלען דערקלערן אַ נאַרישקייט, הייסט פאַרטאָפּלען די נאַרישקייט. איר זענט מיר שולדיק אַ ביסל געהאָרכזאַמקייט, זונטיק וועט איר דאָ טרעפן ווירגיניאַן. ביי דער דאָ־פרייַנט. זיקער געלעגנהייט קענט איר איר זאָגן, אַז איך האָב געהאַט מיט מיקסטום פאָן פליגעל רעכנונגען, וועלכע איך האָב אויסגעגליכן און בילאַנסירט צו מיין צופרידנקייט. איך אַליין האָב מיט איר וועגן דעם נישט גערעדט און איך וואָלט געוועזן צופרידן, ווען זי זאָל זיך פילן צו מיר פרייער. און זי וועט קענען זיך פילן אַזוי, ווען זי וועט זיך דערווּיסן, אַז איך האָב דערביי מיין פאַרדינסט.

— די דאָזיקע פּאָליטיק איז פאַר מיר געווּג קאָמפּליצירט, — האָט אולריך געבּרומט, אָבער ער האָט זיך אונטערגעגעבן, ווייל ער האָט געמוזט, ווייל ער האָט געדאַרפט געלד. אין שווייגן איז ער געזעסן אויף אַ שטול נעבן ערווינען, וועלכער האָט געאַרבעט ביים שרייב־טיש. עס איז אַוועק אנדערהאַלבן שעה. דאָס שווייגן האָט בלויז איבערגעריסן דער קאָסטבּאַרער זייגער אויפן קאַמין. ענדלעך איז ערווין אויפגעשטאַנען.

— וויפיל דאַרפט איר? — האָט ער זיך חעפלער געווענדעט צו צימערמאַנען, וועגן וועלכנס אַנוועזנהייט, האָט זיך געדאַכט, האָט ער פאַרגעסן.

אולריך איז רויט געוואָרן.

— צי פילט מען פונדערווייטנס, אַז עמיצער דאַרף געלד? — האָט ער געפרעגט מיט אַ ביטערן הומאָר. — אַך, ווען איר וואָלט וויסן, וואָס עס הייסט בעטן געלט, — האָט ער ליידנשאַפטלעך געצויגן. — מען בעט דעם מערדער דאָס לעבן, נישט פילנדיק די דערנידריקונג, אָבער בעטן אַ גביר געלט מעג ער זיין אַ פרייַנט, דאָס הייסט אָן גרענעץ זיך דערנידריקן. און וואָס אַמערגסטן: דער געבער פילט שטענדיק דאָס, וואָס עס ליידט דער נעמער.

— שלעפּט גיט דער, וואָס דאַנקט נישט בעת ער גיט, — האָט זיך ערווין געערגערט, און אולריכס ווערטער האָבן דערוועקט אין אים סימפּאַטיע.

ווען אולריך צימערמאַן האָט פֿאַרלאָזט די ווילע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער גאַס, קוקנדיק אויף זיך. זיין בליק איז געפֿאַלן אויף אַ דרייעקיקן שפּיץ פֿון אַ געביידע, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעקריצט אין שטיין דאָס וואָרט „סאַנסאַראַ“. דאָס איז געווען ערווינס הויז.

— סאַנסאַראַ, — האָט אולריך געברומט, גייענדיק ווייטער. — סאַנסאַראַ! — דאָס האָט פּאַטאָס, האָט ער געטראַכט, דאָס האָט צו פֿאָן. אַ פּלאַקאַט־מעטאַפֿיזיק. דער באַזיץ־שטאָלץ גיט אָפּ זיין כּבֿוד דער רעליגיע פֿון קבצנות. אַן אַזיאַטישער שילד, וואָס איז נוט איבער דער פֿעסטונג פֿון דער אייראָפּעאישער גייסטיקייט. דער בירגערלעכער אַריסטאָקראַט מאַכט אַ פּלאַטאָנישן שפּרונג מיט בודהאַס איינגעשאַפֿטן און פֿאַראייביקט זיין קונסט־שטיק מיט צו שטיינערנער טראָמפּייט.

אָבער צי ליגט נישט דערין אויך עפּעס אַ זייער אָנלאַפּנדיקס, האָט זיך געפֿרעגט דער יונגער פּאָעט; אַ דערשראָקענער קעגן אַטעאיזם צוליבן דעספּאָטיזם פֿון דער אומגייסטלעכער אָרדנונג? אַן אַנטלויף פֿאַר דער טונגטהאַפֿטער באַנאַלקייט? אַ דרייסטער בליק אויג אין אויג דער קראַפֿט, וואָס שאַפֿט זיך אין רעזולטאַט פֿון זיך אַליין, כּדי נישט אַריינצופֿאַלן אין ליידיקן תּהום? איך וואָלט מיין בוך געקענט געבן אַ נאָמען: מיראָוויטש, אָדער די אומדערבאַרעמדיקע אָפּאָזיציע.

אַרום האַלב אַכט איז ווירגיניאַ געווען גרייט. זי האָט געטראָגן אַ קלייד פֿון פֿייַלכענ־בלויען מושלין, באַצירט מיט אירלענדישע האַפֿטן. דער דעקאָלט איז געווען אַ באַשיידענער. די האָר זענען געווען געבונדן אין גריכישן קנויל.

— ניין, דאָס איז צו שיין, צו שיין! — האָט אויסגערופֿן פֿרוי געסנער, גלעטנדיק פֿון צייט צו צייט דאָס קלייד מיט אומדרייסטע פֿינגער.

ווירגיניאַ איז געפֿאָרן מיט אַ געדונגענעם וואָגן. פֿאַרן אײַנגאַנג פֿון דער ווילע איז געשטאַנען אַ גאַנצע ריי קאַרעטעס און אויטאָמאָבילן. עס איז געווען צו זען אַ טייל פּאָרק מיט לאַמפּיאָנען אויף די ביימער.

אין וועסטיבויל האָט דער דינער געהאָלפֿן ווירגיניאַן אויסטאָן דעם מאַנטל. ווילכטעל, דערזעענדיק נאָר ווירגיניאַן, איז גלײַך געלאָפֿן מעלדן דערוועגן זײַן הער. ערווין איז גלײַך אַרײַנגעקומען.

— איך מוז מיט אײַך רעדן בלויז צוויי ווערטער — האָט ער געמורמלט.

אַ צעמישטע איז זי מיט אים אַרײַן אין אַ קליין צימער, באַלויכטן פֿון אַן אַמפּל־לאָמפּ, וואָס האָט געוואָרפֿן אַ פּאָמעראַנצרויטלעך ליכט. ערווין האָט פֿאַרמאַכט די טיר.

— וואָס זאָל עס הייסן? — האָט ווירגיניאַ געפֿרעגט אומזיכער.

ערווין האָט געלייגט אַ פֿינגער אויפֿן מויל, האָט גיך געעפֿנט עפּעס אַ שופֿלאָד און דערלאַנגט ווירגיניאַן אין די אויסגעצויגענע הענט אַ האַלדזבאַנד פֿון פּערל.

נישט אָוועקנעמענדיק דעם בליק, האָט ווירגיניאַ זיך צוריקגעצויגן אויף אַ טריט.

— איר האָט מיר צוגעזאָגט... — האָט זי געשטאַמלט.

— איך האָב נישט גערעדט דערוועגן, — האָט ער געענטפֿערט מיט אַ פֿאַרפֿירערישן שמייכל.

ווירגיניאַ האָט זיך נאָך מער צוריקגעצויגן צו דער טיר. ערווין איז צוגעגאַנגען צו איר מיט די פּערל.

— מיר האָבן נישט קיין צײַט אויף אונטערהאַנדלונגען, — האָט ער שטיל געזאָגט מיט אַ געלעכטער אין קול. — פֿרעגט נישט! פֿרעגט נישט! יאָ, מאַנפֿרעד האָט געשריבן. האָב איך אײַך צו ווײַזן דעם בריוו? איך קען זײַן צוטרויען. ער קען נישט אײַער באַליידיגנדיקן אומצוטרויען.

און ווען ווירגיניאַ האָט געמאַכט אַן אָפּשטויסנדיקע באַוועגונג, וואַרפֿנדיק אויף אים הילפֿלאָזע, צעמישטע, בעטנדיקע בליקן, האָט ער גענומען בעטן:

— בלויז נאָר אויף דער איינער נאַכט! בלויז נאָר אויף דער איינער שעה! פאַרשאַפט פריינד מיינע אויגן!

ער האָט איר אַרויפגעלייגט די שנור אויפן האַלז און גע- באַטשט פון אַנטציקונג:

— הערלעך! געטלעך! אומפאַרגלייכלעך!

דער זייגער האָט ערגעץ אויסגעשלאָגן ניין. אין ווירגיניאַן האָט זיך אויפגעוועקט בונט און צאָרן אויף אַ מענטש, וואָס האָט זי געצירט. אַ חוץ דעם האָט אין איר געציטערט אַ נישט-געהאַ- מעוועטע פריינד.

— גוט, האָט זי געטראַכט, אויף איין אָוונט, פאַרוואָס נישט? עס האָט זי געוואונדערט, וואָס מאַנפרעד האָט מסכים געווען, הויפטזעכלעך, אַז די צייט האָט איר אויסגעוויזן צו זיין צו קורץ. וועגן דער ווערט פון דעם צירונג האָט זי זיך נישט אָפגעגעבען קיין חשבון. זי האָט אפילו נישט געטראַכט דערוועגן.

— האָט צו מיר צוטרויען, — האָט ערווין געזאָגט אַנטשלאָסן, און פון זיין געשטאַלט האָט געשלאָגן קראַפט, מוטערקייט, ריי- טערליכקייט, דערהויבנדיקע ריטערליכקייט.

— אויב דאָס איז נאָר נישט קיין נאַרישקייט, — האָט ווירגיניאַ געזאָגט, געבנדיק אים אַ האַנט, אַ קאַלטע פון פריינד און צעמישטקייט. אַדורכגייענדיק דעם שפיגל, האָט זי דערזען די פערל. די דאָזיקע רגע האָט זי אָנגעפילט מיט שטאָלץ און גליק. זי האָט געהאַט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט איבערגעפירט געוואָרן אין לאַנד פון לעגענדעס.

— און אויב עמיצער וועט מיך פרעגן? — האָט זי זיך פלוצלינג געווענדעט צו ערווינגען. — מאַריאַנאַ, צום ביישפיל, קאָן מיך נאָך פרעגן, — האָט זי אויפסניי געצווייפלט. — ניין, ערווין, ניין, — האָט זי געמורמלט אַ פאַרזאָרגטע, — איך פיל, אַז עס איז אוממעגלעך.

— מאַריאַנאַ איז דאָ נישטאָ, — האָט ערווין קורץ געענט- פערט. אויף זיין שטערן האָט זיך געמאָלט אַן אומצופרידנקייט. — צי פאַרדעכטיקט איר מיך, אַז איך וועל זיך דערמיט רימען? צי האָט איר נישט קיין פאַרטרויען צו מיר? צי וועל איך נישט

קענען אַלטן אײַער אײַנוווּליקונג? צי איז אײַער חתן נישט אַ מענטש, וואָס קען זיך נישט דערלויבן אויף אַזאַ האַלזבאַנד?

ווירגיניאַ האָט זיך פֿאַררויטלט און שטיל געוואָרן. ערווין האָט פֿאַרלאָזט דאָס צימער דורך דער טיר אויף לינקס. ווירגיניאַ איז אויפֿגעשטאַנען און וועסטיבול. ערווין איז צוגעגאַנגען צו איר פֿון אַן אַנדערער זײַט. יעצט ערשט האָט ווירגיניאַ פֿאַרשטאַנען זײַן פֿריערדיק אַרויסגיין. זי איז געווען מיט אים בלויז עטלעכע מינוט אַליין, אָבער זי האָט נישט געטראַכט, אַז דאָס זענען געווען געהיימע מינוטן. ער האָט זי אַרײַנגעפֿירט צו דער פֿרוי רעסאָווסקאַ, וואָס האָט זיך מיט איר האַרציק פֿאַרנומען.

פֿון די נעמען, וואָס זי האָט געהערט, איז איר נישט אַ סך געבליבן אין זכרון. דאָס ליכט האָט זי באַרוישט. זי האָט געזען בלויז די קאָנטורן פֿון פּנימער, גרויע, בלאָנדע, שוואַרצע בערד, אַ סך בלומען, וואָס האָבן שטאַרק געשמעקט, פֿיל אויגן, ווי קלײנע רירעוודיקע חיהלעך, קלײדער פֿון פֿרויען, ווי אַן אײַדעלער געמיש פֿון פֿאַרבן, און די דעקאָלטן.

כמעט אַלע האָבן געקוקט אויף איר פֿאַרוואונדערט. אולריך ציממערמאַן איז צוגעקומען און זיך באַגריסט מיט איר. אין אַ גאַנץ נישט פּאַסנדיקער רגע האָט ער גענומען שטאַמלען עפּעס אַ דערקלערונג, וואָס ער האָט פֿאַרגעבראַכט, ער האָט אַפֿילו גערעדט מיט ערווינס ווערטער וועגן אַ רעכענונג, וואָס יענער האָט צו זײַן באַפֿרידיקונג „אָפּבילאַנסירט“. אָבער ווירגיניאַ האָט אַ פֿאַרוואונדערטע געדרײט מיטן קאָפּ. ער האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי האָט וועגן אַלץ פֿאַרגעסן. פּלוצלינג האָט אולריך געוואָרפֿן אַ בליק אויף דעם פּערל־האַלזבאַנד. פֿון זײַן פֿאַרוואונדערטן אויסדרוק איז געווען קענטיק, אַז ער באַטראַכט ווירגיניאַן פֿאַר אַן אָרעמע.

— איר טראָגט דאָך אַ פֿאַרמעגן אויפֿן האַלז — האָט ער געזאָגט אַ באַרוישטער, נישט אָפּגעבנדיק זיך קײן חשבון פֿון זײַן אומטאַקטישקײט.

אויף ווירגיניאַס פּנים איז אַדורך אַ שאָטן. אָבער אין אַ ווײַל אַרום איז זי מיט אַ שמײכל אַדורכגעגאַנגען נעבן אולריכן. עס האָט זיך אין איר אויפֿגעוועקט אַ דערהויבנקײט. אולריך האָט

אָראָפּגעבויגן דעם קאָפּ פֿאַר איר שיינקייט.

איייניקע הערן האָבן אויף אַ לויבנדיקן אופֿן איר דערמאָנט, אַז זיי האָבן שוין געהאַט דעם כּבוד זי צו זען. גראַף פּאַלעסטער, אַ בלאַסער, אַן ערנסטער, אַ פֿאַרשלאָסענער, האָט זיך אַ בויג־געטון, נישט אַרויסרעדנדיק קיין איין וואָרט, כאָטש בלויז צוליב איר האָט ער אָנגענומען ערווינס איינלאַדונג.

איייניקע אַטאַשעס האָבן אַרומגערינגלט ווירגיניאַן. מען האָט איר פֿאָרגעשטעלט עפּעס אַ יאַפּאַנישן דאָקטאָר, איייניקע קעניגלעכע באַאַמטע. דערנאָך האָט זי ערווין באַקענט מיט העלענאַ צורמילען און איר מאַן.

כּדי אויסצומיידן דאָס לאַנגווייליקע זיצן ביים געמיינזאַמען טיש, איז אין עס־צימער איינגעאָרדנט געווען אַ בופֿעט, און פֿינף דינער האָבן זיך פֿאַרנומען מיט די געסט, וואָס האָבן זיך בסדר געענדערט. אין סוף פֿון עטלעכע סאַלאָנען האָט זיך געפֿינען אַ נישט־גרויס צימער, וואָס איז לוקסוסיעז איינגעאָרדנט געווען. דאָ האָבן זיך באַהאַלטן אולריך צימערמאַן, גראַף פּאַלעסטער און איינער פֿון זיינע פֿריינט, אַ געווסער הער פֿאָן העפּאָריג. אַלע דריי האָבן גערויכערט. אויפֿן טיש ל נעבן זיי האָט זיך געפֿינען אַ פֿלעשל רהיין־ווייַן, פֿון וועלכן אולריך האָט פֿון מאָל צו מאָל אָנגעגאָסן גלעזלעך.

— די היימיקע פֿרויען־מאָדע איז כאַראַקטעריסטיש, — האָט צימערמאַן געזאָגט, — איך וואָלט געזאָגט, אַז עס ליגט אין איר דער אויסדרוק פֿון דער עפּאָכע. די אמתע נייגונג פֿון לוקסוס ברענגט צו פֿאַרבלענדונג. דער גאַנצער ים פֿון פֿאַרבן, וואָס בלענדט אונדז, איז אַ שווינדל. די דאָזיקע אַלע העליאָטראָפּן, פֿיאָלעטן, בלויקייטן געפֿן אין דער סומע אַן אומעטיק און קראַנקן טאָן. איך האַלט, אַז עס איז דערין דאָ סטיל.

— אויב איך וועל מסכּים זיין מיט אייך, אָדער נישט, צי וועט עס ענדערן אייער מיינונג? — האָט דער גראַף געפֿרעגט.

— מען זעט דעם צוריקקער צו די אמתע האַרמאָניעס, — האָט אולריך פֿאַרצויגן פֿאַרעקשנט, — און אין ניו־יאָרק האָט מיר פֿאַרזיכערט אַ געוויסע מיליאַרדערין, אַז די האַלזבענדער פֿון

בערל זענען עלעגאַנטער ווי פֿון בריליאַנטן, וועלכע די אימיטאַ־ציעס ווערן פֿון יאָר צו יאָר בעסער.

פֿאַלעסטער האָט געוואָרפֿן אויפֿ'ן אולריכן אַ קורצן, שטראָפֿנ־דיקן בליק.

— אַזאַ אָוונט איז פֿאַר מיר אַ פּײַנקונג, — האָט אולריך געזאָגט, אָנערקענענדיק זיך צו דער שולד, — אַלע זענען מיר פֿײַנט, אַלע וואָלט איך וועלן איבערצײַגן. אָבער קיינער גלויבט מיר נישט, אַז איידער עס וועט מיר פֿאַלן אַ וואָרט פֿון מויל, וועל איך פֿון אַן אַפּאָסטאָל ווערן אַ לאַקיי.

— איר האָט געטראָפֿן אין פּינטל פֿון דער זאַך, — האָט דער גראַף געענטפֿערט מיט אַ אומבאַוועגלעך פּנים. — די געזעל־שאַפֿט מאַכט פֿון אַפּאָסטאָל אַ לאַקיי.

— יאָ, אַזוי געשעט מיט מיר, — האָט אולריך געזאָגט מיט פֿלאַמענדיקע אויגן, — מען נעמט מיך אויף געהאַלט און מען אַרבעט מיט מיר אָפּ. מײַן נשמה ווערט אַ צִיל פֿון פּילגרים־רייזעס פֿאַר אַנדערע נשמות. איך פֿיל די געוויסנסביסן פֿון דער אומ־געטרײַער פֿרוי און די מורא פֿאַר דער מאָדע־יעגערין, וואָס האָט אויסגעגעבן אויף קליידער געלט, וואָס איז באַשטימט געווען אויף דער ווירטשאַפֿט. איך זע די צײַן־קריצעניש פֿון באַאַמטן און דאָס פֿאַרזאָרגטע געלט־חשבונען פֿון בערזע־מאַן. איך ווייס, אַז דער דאָזיקער יונגערמאַן, וואָס שפּרינגט אַזוי אונטער דער עלעגאַנטער דאַמע, טראַכט אין דער טיף פֿון דער נשמה וועגן דער קאָקאָטע, און דער דאָזיקער דאַמע פּײַניקט די מורא פֿון אַן אומ־געווינשטער שוואַנגערשאַפֿט. מחוץ דעם ערנסטן געשפּרעך, דער־קען איך אַקציעס און בערזע־קורסן, מחוץ די געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן, די פֿלאַכקייט, מחוץ דעם קינסטלעכן געלעכטער, די זאָרג, איבערזוכט און טעמפּקייט. אַלע זענען זיי פֿאַר מיר צופֿיל עלנט און פֿאַרסמען מיר דאָס געוויסן.

עס איז אײַנגעטרעטן אַ רגע פֿון שווײַגן. הער פֿאָן האָפֿעריג האָט זיך אויפֿגעשטעלט, זיך געזעגנט און אַרויס פֿון צימער. אַ צו שטאַרקע באַרעדעוודיקייט באַליידיקט אַמאָל דעם עמפֿינד־לעכן צוהערער.

— אין פֿינצטערן צימער, אָדער אין דער פֿרייער לופֿט, אין וואַנדער אויף די בערג, וואָלטן אייערע ווערטער געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקערן איינדרוק, — האָט פּאַלעסטער געזאָגט און טאָרנעם טאָן.

ערווין האָט זיך דערנענטערט צו דער טיר און אין שפּאַס זיי געדראָט מיט אַ פֿינגער.

— אַ קליינע פֿאַרשווערונג? — האָט ער געפֿרעגט.

אולריך איז צוגעגאַנגען צו אים און צוזאַמען מיט אים אַרויס.

— האָט איר נאָך נישט באַוואונדערט דעם האַלזבאַנד מיט פּערל? — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ פֿאַרעטרישער איבערגעאײַלטקייט. ערווין האָט זיך אָפּגעשטעלט און אים אָנגעקוקט מיטן גאַנצן פּנים. זיין בלישטשענדיקער בליק איז געווען קאַלט, דורכדרינגלעך און מיטפֿילנדיק.

אולריך האָט זיך מאַשינאַל געכאַפּט פֿאַרן שטערן. ערווין האָט זיך אויסגעדרייט און געגאַנגען ווייטער אַליין.

אָבער אולריך האָט פֿאַרשטאַנען. ער האָט אַ ווייל געבלאָנדזשעט צווישן מענטשן, דערנאָך איז ער אַוועק אין דער גאַרדעראָבע, האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן דעם פּאַלטן אויף די אַקסלען און האַלטנדיק דעם קאַפּעלוש אין דער האַנט, פֿאַרלאָזט דאָס הויז. זיין מוח איז געווען ווי מיט אייז. ער איז געגאַנגען ווייט, ווייט, דורך דער גאַנצער שטאָט, אַזש ביז צום דונײַ. צוריקוועגס האָט ער געפּיפֿן, כּדי נישט צו טראַכטן. און אַז אַליינע האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, וואָס איז געווען באַלויכטן דורך דער לבנה. אַ ווייל האָט ער אין צעשטרייאונג געשאַרט מיטן [illegible] און זאַמד, דערנאָך האָט ער אָנגעשריבן אַ ליד:

די נשמה וועסטו נישט דערזען,
זי רוט אין טיפֿעניש פֿון גוף,
זי ווייסט נישט, וואָס עס רעדט דאָס מויל,
זי וויל נישט וויסן אַפֿילו דערפֿון.
רוט אין שטילן, טרוימט און בלוט.
וואָס איז פֿאַר איר דער ווייטיק, גליק?
אַך, אייביק שלאָפֿט זי איינגע פֿרייד
פֿון שלעכטן, ווי פֿון גוטס צוגלייך.

אַרום מאָרגן־באַגינען איז ער אַריין אין עפּעס אַ קאַוויאַרניע, פול מיט פּראָסטיטוטקעס און אַלפאָנסן. זיין פראַק האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרק פאַראינטערעסירונג. דער פרימאָרגן־גערויש האָט אים צוזאַמען מיט אַנדערע געסט אַרויסגעשלעפּט פון דער קאַוויאַרניע. אולריך האָט זיך געענדערט, אָבער זיכער נישט אין אַ לאָקיי.

———

צוליב דעם, וואָס די היץ אין די צימערן איז געוואָרן פּשוט נישט אויסצוהאַלטן, איז דער גרעסטער טייל געסט אַוועק צו די אילומינירטע ערטער פון גאָרטן, וואו מען האָט דערלאַנגט קאַווע, ליאָדעס, פרוכטן און ליקער.

ערווין, וועלכער האָט גערעדט מיט פרוי רעסאָווסקאַ און מיט עפּעס אַ באַרימטן דיפּלאָמאַט וועגן פּאָליטיק, האָט פּלוצלינג באַמערקט העלענאַ צורמילען שטיין ביי אַ גלעזערנער טיר. פאַר דער ברוסט האָט זי געהאַלטן אַן אָפענעם פעכער פון שטרויספעדערן, איר בליק איז געווען אין דער ווייט. העלענאַס געזיכטס־אויסדרוק האָט ערווינען נישט געפאָלן. איהר באַקאַנטשאַפטלעך שמייכעלע האָט אים בייז־געמאַכט. ער איז דאָך צוגעגאַנגען צו איר מיט אַ גרוס.

העלענאַ האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן, זי האָט געציטערט פון ליידנשאַפט. דאָס איינציקע, וואָס זי האָט פאַרשוויגן, איז געווען די שרעק פאַר ווירגיניאַן, דער ווייטיק צוליב איר אָנוועזנהייט, דאָס וויסן פון איר איבערמאַכט.

— ציי זענט איר היינט געווען אויף די פערד־געיעגן? — האָט ערווין געפרעגט מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט געשעפּטשעט די טיפסטע סודות.

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. די אָנשטרענגונג פון איר געזיכטס־שטריכן איז ווייכער געוואָרן.

ערווין האָט ווייטער געוואָלט רעדן. אָבער העלענאַ האָט אים איבערגעריסן. זי האָט געוואָרפן אַרום זיך אַן אויספאָרשנדיקן בליק און אַרויסגעפליסטערט מיט אַ דערשטיקט קול:

— דו האַלסט מיין לעבן אין די הענט.

אינסטינקטיוו האָט ער אַ קוק־געטאָן אויף זיין האַנט. ווי נאַריש זי איז, זי קען אַפילו ניט האַלטן זיך אין שאָטן, האָט ער געטראַכט.

אין דער זעלבער רגע איז ווירגיניאַ אַדורכגעגאַנגען נעבן זיי, אַראָפּגייענדיק פון די ברייטע טרעפּן צום גאָרטן. אין אַ ווייל אַרום איז זי פאַרשוואונדן אין דער פּיאָלעטער טונקלקייט פון פּאַרק. ערווין האָט אַ ציטער געטאָן.

— אין אַזאַ שיינעם אָוונט וועלן מיר זיך זיכער ניט איבערגעבן דעם טרויער, — האָט ער געזאָגט צו העלענאַ. זיינע ווערטער האָבן געהאַט אַ האַרציקן און אויפמונטערנדיקן קלאַנג, אָבער אַוועקגייענדיק שנעל, האָט ערווין דערפילט, אַז עס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן אַרויסצורופן אַן אילוזיע.

העלענאַ האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער שטיינערנער פּאַרענטש און צוגעמאַכט די אויגן. זי האָט ניט געוואָלט וויסן, עס האָט זי געשראָקן די קלאָרקייט פון דער זאַך. נעבן איר האָט מען אַרויסגערעדט איר נאָמען. דאָס איז געווען איר מאַן. ער האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויפן אָרעם און איר געקושט אין שטערן. דערנאָך האָט ער זי אַראָפּגעפירט אין וועסטיבול און זי אַרומגעוויקלט אין אַ מאַנטל, ווי אַ קראַנק, פאַרמאַטערט קינד.

דער גאָרטן האָט געשמעקט מיט רויזן און זשאַסמין. ערווין האָט פונדערווייטנס דערזען ווירגיניאַס שאָטן, וואָס האָט געפלאַטערט צווישן די טונקעלע צווייגן. ער האָט זי שנעל אונטערגעיאָגט.

— קומט ווירגיניאַ, — האָט ער געזאָגט, ווי ער וואָלט זי געוואָלט פאַרטיידיקן פאַר פאַרפאָלגער און זי באַהאַלטן אין אַ זיכער אָרט.

— קומט, — האָט ער געזאָגט, כאַפּנדיק זי פאַר דער האַנט.

— פאַרוואָס? — האָט ווירגיניאַ געפרעגט אַ פאַרוואונדערטע, — עס איז מיר שווער צו לויפן אַזוי שנעל, עס איז דאָ אינגאַנצן פינצטער.

— לאָמיר אַנטלויפן, ווירגיניאַ, לאָמיר זיך באַהאַלטן פאַר זיי.

װירגיניאַ האָט גענומען לאַכן פֿון זײַן אומעט.

— שנעל, שנעל, — איז ער אויפֿסנײַ צוגעשטאַנען — נאָך פֿינפֿציק טריט און מיר װעלן זײַן אין דער הויך אין פּאַװילאָן און קײנער װעט נישט װיסן, װאו מיר האָבן זיך אהינגעטון.

מיט אַ פֿרײלעך געלעכטער איז װירגיניאַ געלאָפֿן נעבן ערװײנען, נישט װילנדיק קאַליע־מאַכן זײַן שפּאַסנדיקע שטימונג. ער האָט אַרויסגעלאָזט איר האַנט ערשט, װען זײ האָבן זיך געפֿונען פֿאַרן פּאַװילאָן.

דאָס איז געװען אַ שײנע אַלטאַנע, באַװאַקסן מיט בלומען און װײַנטרויבן. אינמיטן האָט געהאָנגען אונטער געקרײצטע זײלן אַ כינעזישע לאַמטער מיט רויטע שײַבלעך, אונטער איר איז געשטאַנען אַ טיש און אַ באַנק.

אַ דערשעפּטע האָט זיך װירגיניאַ אַװעקגעזעצט און צוגעדריקט בײדע הענט צו דער ברוסט.

— גאָט מײַנער, װאָס איז דאָס געשען? פֿאַרװאָס זענען מיר אַזױ גיך געלאָפֿן? איך האָב שוין נישט קײן כח.

ערװין האָט זיך אַװעקגעזעצט נעבן אירע פֿיס אויף דער שװעל פֿון דער אַלטאַנע.

— הויבט אָן, — האָט ער געזאָגט, — קײנער שטערט אונז נישט.

עס איז אײַנגעשטאַנען אַ פּויזע. אײַנציקװײַז האָט זיך װירגיניאַ באַדענקט.

— פֿאַרװאָס רעדט איר אַזױ מאָדנע: קײנער שטערט דאָך אונז נישט? — האָט זי געפֿרעגט.

— אַזױ איז מיר אײַנגעפֿאַלן — האָט ער געענטפֿערט מיט אַ מיד קול.

װירגיניאַ האָט װײַטער געפֿרעגט:

— פֿאַרװאָס זיצט איר אויף דער ערד? איר קענט דאָך אַװעקזעצן זיך אויף אַ באַנק. איר װעט זיך פֿאַרשמוצן דעם אנצוג.

מיט אַ פֿאַרמאַטערט קול האָט ער פֿון אונטן געענטפֿערט:

— אפֿשר געפֿין איך אַ פֿרײד אין דעם, װאָס כ׳ליג פֿאַר איי־
אויף דער ערד. װאָס קאָן מיר שאַטן די ערד קעגן דעם גי!

אז איר האב איך איבער מיר.

ווירגיניא האט זיך פארטראכט איבער זיינע ווערטער און שפיל געוואָרן.

— דאָ איז אזוי שטיל, — האט זי צום סוף א פליסטער-געטון.

— עס איז זייער שטיל, — האט ערווין באשטעטיקט. — בלויז די שטערן זענען בלאס. מען דארף נישט וואוינען אויף ערטער, וואו די שטערן זענען אזוי בלאס אין מאי.

ווירגיניא האט געזוכט שטערן מיטן בליק.

— פון מיין ארט זעט מען נישט קיין שטערן, — האט זי געזאגט.

— קומט אריין צו מיר, — האט ערווין געזאגט מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם.

ווירגיניא האט נישט געלייגט קיין אכט אויף דעם טאָן פון זיינע ווערטער. צו דער צייט איז זי שוין געווינטלעך געשלאפן, און יעצט זענען איר די ברעמען שווער געווען. פלוצלינג האט זי געפרעגט מיט א הארציק קול:

— צי קלערט איר אמאל וועגן מאנפרעדן, הער ערווין?

— צי איך קלער אמאל וועגן מאנפרעדן? — האט ערווין לאנגזאם איבערגעחזרט, אפרייסנדיק מיט דער האנט א בלעטל פון די ווינטרויבען. — איך טראכט שטענדיק וועגן מאנפרעדן, שטענדיק, שטענדיק. טאָג און נאכט קלער איך וועגן מאנפרעדן. בייטאָג, ווען דאָס ליכט ווערט מיר פינצטער, ביינאכט, ווען איך בייס דאָס קישן. וועגן וועמען זשע קאָן איך טראכטן, אויב נישט פון מאנפרעדן? וועגן וועמען מיט אזא אייפערזוכט, ווי וועגן מאנפרעדן? איך, א בעטלער אין פארגלייך מיט מאנפרעדן, דער מאכט-האבער, דער אומבארירלעכער.

— וואָס זאָל דאָס באדייטן? — האט ווירגיניא געפרעגט צעשראָקן, ווי נישט פארשטייענדיק.

יעצט איז געקומען די ריי אויף ערווינען צו שווייגן. ער איז געווען זיכער, אז ווירגיניא וועט איבערחזרן די פראגע. אזוי איז אויך געשען.

— הייסט עס, איך מוז רעדן, — האט ער געצויגן, און זיין

קיל איז געווען דערשטיקט און שאַרף. — צי איז מיר דערלויבט צו רעדן? ניין, ווירגיניאַ, ניין. און צו וואָס? לאָמיר בעסער גיין אַהיים.

דאָס איז געווען אַ הערלעכער שאַך־צוג, וואָס האָט ווירגיניאַן נאָך מער אַריינגעבראַכט אין בלינדער איבעראַשונג.

— צי איז עפּעס געשען מיט מאַנפרעדן, וועגן וואָס איך ווייס נישט? — האָט זי געפרעגט אין אַ געריזטער אומפאַרשטענדלעכקייט. — רעדט, ערווין, פּייניקט מיך נישט.

— איך האָט מוֹרא פאַר מאַנפרעדן? — האָט ערווין ביטער געזאָגט. — זייט רויק. איך האָב אײַך שוין געזאָגט, אַז ער איז די שטאַרקע מויער, אויף וועלכער עס צעשלאָגט זיך מײַן גליק און מײַן ווילן. און אויב איך דאַרף רעדן, זאָל עס געשען.... צו להכעיס דער נאַכט, וואָס הייסט שווײַגן, און דערפאַר, ווײַל די יאָהאַנעס־ווערעמלעך שפּילן זיך אין גראָז, און די שטערן זענען אַזוי בלאַס. דאָס איז דאָך געקומען אויף מיר, ווי אַ קראַנקהייט אויף אַ מענטש, וואָס וויל לעבן; איך ווייס נישט אפילו, צי זאָל איך זיך האַלטן פאַר אָרעם, אָדער פאַר רײַך, פאַר עלנט, אָדער פאַר אַ באַשאָנקענעם. איך האָב נישט געגלויבט דערין. איך האָב נישט געגלויבט אין ליבע. אַלע לײַדנשאַפטן זענען בלויז געווען ווי בילדער, אויף וועלכע דאָס אויג רוט אָנגענעם, אָדער ווי שעהן, אין וועלכע דער מענטש פאַרזינקט, כדי נאָך מער צו ווערן ווינדיק. אַלע פרויען, אפילו די, וואָס זענען מיר געווען גינסטיק אין פאַרלויף פון אײַן יאָר, זענען געווען פאַר מיר בלויז חברטעס פון פאַרווײַלונג. איך האָב נישט געגלויבט אין ליבע. הערט מיך נישט, ווירגיניאַ. פאַרשטופּט אײַך די אויערן מיט די פינגער. דערלויבט מיר צו רעדן, ווי יענער פּרינצעסין מיט דער גיטאַרע פון דער מעשה, וואָס שטעקט אַרײַן דעם קאָפּ אין אויוון, כדי צו באַקלאָגן זיך אויף אירע לײַדן, ווײַל דערציילן וועגן דעם מענטשן קען זי נישט. ווירגיניאַ, איך ליב. איך בין אָבער אויסגעמיטן. איך בין פאַר אַ מפּלה, פאַרשעמט, און סאַמע צווייפל. נעמט אָן, אַז איך האָב אײַך גאָרנישט געזאָגט. איך וויל דאָס באַהאַלטן אין זיך. איך וויל עס פאַרבויגן. איך ווייס אַז מיר גאָרנישט דער־

קענען. גענוג אויף יעצט. גענוג.

בײַ די דאָזיקע װערטער האָט ערװין פֿאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און געזעסן אומבאַװעגלעך.

װירגיניאַ איז לאַנגזאַם אױפֿגעשטאַנען פֿון איר באַקװעמער פּאָזיציע. איר פּנים איז געװאָרן װײַס און זיך געװײַסט אין דער טונקלקײט װי מאַנדל־צװײַגן. צװײ מאָל האָט זי מיט דער האַנט אָנגערירט די באַק, אַרומנעמענדיק די האָר: דאָס איז געװען אַ צװײפֿאַכיקע באַװעגונג פֿון טרויער, שרעק און צעמישונג. זי האָט געפֿילט, װי דאָס האַרץ איז איר קלענער געװאָרן, און אַלץ, װאָס עס האָט גערעדט דער דאָזיקער מענטש, דאָרט בײַ אירע פֿיס, װי װײַט עס זאָל איר נישט האָבן גערירט, װי װײַט זי זאָל עס נישט האָבן מענטשלעך דערפֿילט, איז געװען פֿאַר איר אַזױ אומדערװאַרטעט, אַז עס איז געװאָרן פֿאַר איר װײַטיקלעך און קאַלט. אַ פֿיבער איז אַדורך איבער איר אומבאַדעקטער רעכטער ברוסט; זי איז אױפֿגעשטאַנען.

זי איז פֿאַרבײַגעגאַנגען ערװינען און אַרױס פֿון פּאַװיליאָן. ערװין איז אױפֿגעשטאַנען אַ שװײַגנדיקער און אין שװײַגן אַדורך נעבן איר.

— זאָלן מיר פֿאַרגעסן װעגן דעם, — האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערנדיקן קול.

— אַך, ערװין, — האָט װירגיניאַ געזאָגט מיט ציטערנדיקע ליפּן, — אַך ערװין, — און גאָרנישט מער. אָבער די צװײ װערטער, אַרױסגערעדט אַזױ פּשוט, האָבן ערװינען מיטגעריסן, װי אַ נאָך קײנמאָל נישט געהערטע מוזיק און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער מוז אין דער איצטיקער שעה מאַכן דאָס אוממעגלעכע מעגלעך.

אַ צעפֿלאַמטער מיט דעם דאָזיקן קערפּער, מיט דעם דאָזיקן קאַלטן מײדלשן װעזן, װאָס איר װערט האָט ער געפֿילט, װי אַ לופֿט־פֿליִער פֿילט די לופֿט, אין װעלכן ער שיפּט זיך, איז ערװין געפֿאַלן אױף די קני, און פֿון זײַנע װערטער האָבן זיך געשיט אָפּגעהאַקטע קלאַנגען, װאָס װירגיניאַ האָט געמוזט אָננעמען פֿאַר זיפֿצן. איז דאָס געװען װילן, פּלאַן און אױסרעכנונג? אָבער עס

האט דערין געמוזט שמייכלען עפעס אומגעווײנטלעכעם, אונטערטוניקט און פײער.

— איך וויל איצט אהיים, — האט ווירגיניא געזאגט.

ערווין האט פארשטאנען, אז מער קען ער זיך נישט דערוועגן. ער איז אויפגעשטאנען.

— איר מוזט זיך אפרוען, — האט ווירגיניא געזאגט און געקוקט אויף זײנע קני.

ער האט געהערט. ער האט זי געפירט אויף א וועג, וואס האט זיי צוריקגעבראכט צו די טעראסן. ווירגיניא איז געווען צופרידן, וואן זי האט אויפסנײ געזען מענטשן, און קײנער האט אויף איר נישט געקוקט מיט א פרעמדן בליק. ערווין האט זי אפגעפירט אזש ביז צו די טירלעך פון דער קארעטע. ער האט אויסגעצויגן צו איר די האנט און געזאגט: — צום ווידערזען!

צום ווידערזען? ווירגיניא האט געצווײפלט. זי האט נישט געהאט קײן כח איבערצוחזרן דאס ווארט. אבער אזוי ווי ערווין האט נאך אלץ געהאלטן אויסגעצויגן די האנט, האט זי לײכט ארויפגעלײגט די שפיץ פינגער אויף זײן האנט. ערווין האט פעסט געכאפט איר האנט. זײן דרײסטע פאדערונג, זײן געוואגטע פארשטעלונג, האט איצט מער פארמאגט ווי אט די ציטערדיקע האנט, זיי האבן מער ארומגענומען, ווי די קאלטע פינגער, וואס זייער בארירונג איז געווען פאר אים ווי א האפנונג אויף זיג.

ציטערנדיק איז ווירגיניא געזעסן אין דער אפענער קארעטע, און די וועלט האט איר אויסגעוויזן צו זײן שווארץ און טריב. דאס שנעלע קלאפן פון די פערדישע קאפיטעס האט איר דערמאנט דאס שלאגן פון אײגענעם הארץ. ווירגיניא האט געהאט א געפיל, ווי זי וואלט תיכף זיך געמוזט צוריקקערן. אבער ווי אזוי, מיט וואס פאר א ווערטער, מיט וואס פאר א פנים האט זי געהאט צוריקצוברענגען ערווינען דעם האלזבאנד? און דער אנוועזנהײט פון זײנע פרײנט? אויג אויף אויג? זי האט זיך אנגעקלאגט אין לײכטזיניקײט, אין פערראט, זי האט זיך אויך איבערצײגט ... אז זי איז געווארן פארראטן.

אין א הילפלאזן שווײגן האט זי געקוקט פאר זיך. איר אומ-

געדולדיקייט האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן דעם [illegible], אַז די אויפֿלעזונג פֿון דער לאַגע דאַרף ערשט פֿאָרקומען מאָרגן. זי האָט געשאָקלט צום קוטשער, ער זאָל פֿאָרן ווײַטער.

ווען ערווין איז געקומען אַהיים, איז דער קרײַז פֿון געסט שוין געווען אַ קלענערער. דער גאָרטן איז געווען ליידיק, די דינערשאַפֿט האָט פֿאַרלאָשן די לאָמפּן און אָפּגערײַניקט די טישן. אין מוזיק־סאַלאָן האָט זיך געפֿינען אַ געזעלשאַפֿט פֿון צען אָדער צוואַנציק מענטשן. עפּעס אַ יונגע זינגערין האָט געזונגען פֿראַנצויזישע לידער. ערווין האָט געמאַכט אַ פּונטש, וואָס די געזעלשאַפֿט האָט אָנגענומען מיט אַ ברום פֿון אָנערקענונג, ווײַל אַלע געסט זענען געווען מיד, אָן אַפּעטיט און אָן שטימונג. ערווין האָט אין גאַנצן קלויזל אַרײַנגעאָטעמט אַ נײַ לעבן.

אין אַ ווײַל אַרום האָט ער איבערגעשטיגן אַלע, סײַ די שווײַגנדיקע און סײַ די פֿאַרשלאָפֿענע. אָנשטאָט דער שוין דראָענדיקער אומעט, האָט געהערשט דער רויש פֿון פֿריילעכקייט.

— אויב דער הײַנטיקער אָוונט וועט זיך פֿאַרענדיקן לאַנגווײַליק, איז ער געווען לאַנגווײַליק, — האָט ערווין געזאָגט, — ווער עס לאַכט צום סוף, פֿאַרגעסט צו שעלטן.

צום סוף האָט מען געמאַכט היפּנאָטיסטישע עקספּערימענטן און עפּעס אַ דיקע פֿרײַלין, וואָס איז געוואָרן אַ מעדיום, האָט דורך איר אומגעשיקטקייט פֿאַרשטאַרקט די פֿריילעכקייט.

# אינטערמעצא.

צעמאַרגנס אינדערפרי האָט ווירגיניאַ דערהאַלטן דורך ווינטלען אַ בריוו פון ערווינען מיט אַזאַ אינהאַלט:

„ווירגיניאַ! איר זאָלט זיי דינישט ריכטן, אַז איך וועל גיין אויף דעם דרך פון שכורים, וואָס נאָכן אויסניכטערן זיך הויבן זיי אָן דאָס, וואָס זיי האָבן שכורהייט געטון. איר זאָלט נישט דער־וואַרטן, אַז איך וועל זיך באַקלאָגן אויף שיכרות, כדי זיך הויזן זיך ניכטער.

איך בין נישט אויך גענוג שרעקעוודיק, כדי אָנצוקלאָגן די סביבה. איך שטיי נישט פאַר אייך ווי אַ תשובה־טועדיקער זינ־דער. אַנטשיידעט! אורטיילט! איך וועל זיך אונטערגעבן דעם אורטייל. אָבער איך האָב נישט קיין באַדערפעניש צו פאַזירן.

איך קאָן נישט אָפלייקענען, אַז מיין לאַגע איז אַ שווערע. אפשר קען איך זי בעסער מאַכן מיט אַן אויסגערעכנטן קונצשטיק. אפשר וועל איך באַגיין אַ העלדנטאַט, צו וועלכער איך בין נישט פעיק. איך שטאַם פון אַ דור, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט די עקאָנאָמיע פון ליידנשאַפט. איך האָב זיך אויסגעלערנט נישט פאַרשווענדן זיך, נישט דערשרעקן זיך, פאָדערן באַצאָלט און שפּלדיק בעל־הבתעווען.

אַלע האָבן מיר זיך דאַמאָלס אויסגעלערנט איינבייסן דעם האָן פון פּראַקטישן פאַרשטאַנד, ווייל דאָס אומפּראַקטישע גע־פיל באַדראָט אונזער וואוילהאָבעוודיקייט און אונזער איינגנוצן.

אָמגעגעמער און נוצלעכער וואָלט פאַר מיר געווען שווייגן. באָטש מיין ענין איז פון אָנהויב ביז צום סוף האָפנונגסלאָז. אייער געפיל וואַרפט מיר פאָר אַ פאַרברעכן קעגן אַ פריינט.

אָבער צי האָב איך נישט געדאַרפט אַראָפּוואַרפן פון מיר די מאַסקע פון אַ ברודערלעכן אַפּוטרופּוס פון דער מינוט, ווען איך האָב זי דערקענט אַלס מאַסקע? איך האָב נישט געבראָכן די שבועה; איך האָב נישט געבראָכן דעם צוזאָג, איך האָב נישט פאַרנעכלעסיקט די פליכט; איך האָב נישט פאַרשמוצט מיין כבוד און אייער ערע האָב איך אויך נישט אָנגערירט. מאַנפרעד איז נאָך מער געוואַקסן אין מיינע אויגן, ווייל איך בין אים שולדיק דעם אמת, וואָס אַפּעלירט צו דעם הערלעכן האַרץ מער, ווי מיינס, און ער האָט אויפגעבונדן איבער מיר דעם פאַטום, וואָס יעדע קלויזול פון די געוואוינהייטן קען עס נישט ענדערן. צווישן מיר און מאַנפרעדן שטייט נישט קיין טראַגישער אָדער-אָדער, נאָר אַ שלום-שליסנדיקע אָנערקענונג, וואָס פאַראייניקט נאָך מער אמתע פריינט, ווייל דאָס שיקזאַל איז פאַר ביידן נישט גינסטיק.

אַמאָל, ווען איך בין געווען אומשולדיק, ווי איר, ווירגיניאַ, האָב איך מיר אויסגעחלומט אין די טרוימען אַן אידעאַל. איך האָב אים שוין פאַרגעסן. אַזוי איז געוויינטלעך דער מענטשלעכער גורל: מען פאַרגעסט די אידעאַלן, ווען די אומשולד פאַרשווינדט. אייער שיינקייט איז געווען די סיבה, צוליב וועלכער איך האָב מיך באַפרייט פון די אומשטענדן, וואָס אין נאָרמאַלע צייטן פאַרבונדן זיי אַ מאַן מיט אַ מאַן ווי מיט אייזן. אויב איך האָב דורך דעם צו פאַרלירן די רעכט אויף אַ פריינט, זאָל עס געשען. איך וויים נישט, צי איך וועל עס קענען איבערטראָגן, די צוקונפט וועט עס ווייזן. אָבער נישט קוקנדיג דערויף, קלינגט אין מיר דאָס אומבאַשטרייטבאַרע געזעץ: די שיינקייט איז נישט אָנגעהעריק צו וועמען. פאַרהערלעכן די שיינקייט איז נישט קיין זינד, ווער באַזיצט זי? איין מענטש? איין מענטש באַזיצט די שיינקייט? איין מענטש באַזיצט ווירגיניאַן דאָס גאַנצע לעבן און בלויז פאַר זיך? קענען דעם ברויזט אויף מיין האַרץ, מיין גלויבן, מיין גערעכטיקייטס-געפיל. איך קען דאָס נישט גלייכגילטיק איבערטראָגן, און דאָס גיט מיר אָפּ דעם שכל. צי מיינט איר, אַז מען קען נישט אַראָפּלעזן פון אַ מענטשלעך פּנים, אַז דאָס האַרץ איז געשטורעמט?

איך רעד וועגן אייער שיינקייט, ווי פיל רייזנדיקע אין טיבעט וועגן דאלאי־לאמו... איך האב די דאזיקע שיינקייט ענטדעקט, דערקענט, אונטערזוכט, איך און נאר איך. אנדערע ווייסן וועגן איר, פילן זי פון דערווייטנס, ווי אנאלפאבעטן פילן דעם קלאנג פון שיינע לידער. זיי זענען יום־טוב־געסט, ווי פאר א פארבישופטער סטאטוע, זייער פארוואונדערונג איז אזוי פלאך ווי בליק. איך אבער האב די דאזיקע סטאטוע אויסגעחלומט, איידער איך האב זי דערזען, איך האב זי אויפגעבויט, אויסגעשניצט, באשאפן, פארשטאנען אין מיינע טרוימען, אין געפיל, אז זי האט זיך מיר אויפגעוועקט, זי איז איינגעווארצלט אין בענקשאפט, אט דעם איידלסטן רו־ארט פון דער מענטשלעכער נשמה. יא, זי וועקט אויף אין מיר דאס איידלסטע, נעמט מיך אדורך, דערמאנט מיר, אז כ'האב קיינמאל נישט געהאט קיין מוטער און איך וואלט געקענט האבן דעם ציל פון לעבן. ווען נישט עפעס פינצטערע גורלות, וואס ברייטן מיר פאר דעם דאזיקן גרויסן גליק — צעשלאגונג, אונטערגאנג. ענטשיידעט, ווירגיניא! אורטיילט! איך גיב זיך אונטער דעם אורטייל“.

ווירגיניא האט דעם דאזיקן בריוו געטראגן א צוויי שעה אין דער קעשענע, איידער זי האט זיך אנטשלאסן אים צו עפענען. דערזענדיק די דרייסטע, גלייכע האנטשריפט, האט זי אויפסניי אראפגעלאזט דאס בויגעלע פאפיר, ווי א מענטש, וואס ווערט פלוצלינג ארומגערינגלט פון פיל פיינט, לאזט אראפ דעם אויפגעהויבענעם ארעם.

דאס ווארט איז אנגעשריבן פון א ריזיקן מאכטהאבער. ווירגיניא האט זיך נישט געקענט אויף באזונדערקייטן פון סטיל. צום ערשטן אומווילן און איינזיקאלטער פארוואונדערונג איבער דעם ליידנשאפטלעכן טאן פון בריוו, האט זיך צוגעמישט מיטגעפיל. זי האט אוועקגעלייגט דעם בריוו. האט אים אויפסניי גענומען און אויפסניי אוועקגעלייגט. זי האט איבערגעלייענט דעם זאץ: אויב איך האב צו פארלירן דאס רעכט אויף א פריינט, זאל עס געשען. זי האט זיך דערמאנט די גרויסע אכטונג און ליבע, וואס האט פאראייניקט מאנפרעדן מיט ערווינגען. זי האט זיך

געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז מאַנפֿרעד וואָלט קײנמאָל ניש גענען אונטערטראָגן אַזאַ דורכפֿאַל.

וואָס דאַרף איך מורא האָבן? — האָט זי זיך געפֿרעגט, — ווער קען מיר צו נעמען מײַן מאַנפֿרעדן? אָבער עס קען געמאָלט זײַן, אַז מאַנפֿרעד פֿאַרלירט אַ פֿרײַנט, וואָס איז אים געווען טײַער, וועלכן ער האָט געטרויט נישט ווייניקער ווי זײַן געליבטער. זי מוז זיך זען באַמיִען, דאָס זאָל אויסגעמיטן ווערן. אויב זי, אויב די שײנקײט אירע, ווי ערווין האָט געזאָגט, איז שולדיק געווען דערין, וואָס ערווין האָט פֿאַרגעסן זײַן פֿײַנט, איז זי נאָך מער פֿאַרפֿליכטעט געטרײַ צו זײַן. זי מוז קעמפֿן פֿאַר מאַנפֿרעדן און פֿאַר זײַן פֿרײַנט. דאָס איז זיכער.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַם טיש, האָט גענומען אַ בויגן בריוו־פּאַפּיר און אָנגעהויבן שרײַבן:

„איר קענט מיך נישט, ערווין, ווען איר וואָלט מיך געקענט, וואָלט איר זיך אָפּגעביסן די צונג, אײדער איר וואָלט אָנגעהויבן צו רעדן דערוועגן. יעצט וואָלט אַלץ געווען זײער אײנפֿאַך. פֿאַרגעסן קען איך נישט, די ווערטער זענען גערעדט און געשריבן, דאָס געפֿיל אויפֿגעוועקט. איך וואָלט אײַך געדאַרפֿט אויסמײַדן. װאָס ליגט אין מײַן מאַכט, נישט אמת? אויב איך וועל וועלן, וועט ערווין רײַנער מאָרגן נישט מער עקזיסטירן פֿאַר מיר. אָבער עס איז אײַך נישט דערלויבט אויף אַזאַ אופֿן צו פֿאַרדעקן אין שאַנד אײַער אײנציקן פֿרײַנט. איר שרײַבט: אורטײלט, איך וואַרף מיך אונטער אײַער אורטײל. גוט! באַווײַזט מיר, אַז איר אַכט מיך און איר זענט נאָך ווערט מאַנפֿרעדס פֿרײַנטשאַפֿט. פֿאַרניכטעט דאָס, וואָס איז מיאוס. איר האָט דאָך די מאַכט איבער זיך, וואַרפֿט עס אַרויס פֿון אײַער האַרץ, צוליב מיר און צוליב מאַנפֿרעדן".

ווירגיניאַ האָט אָנגעשריבן ביז דאַנען און אויפֿגעהערט. די ווערטער האָבן איר אויסגעוויזן צו זײַן פּרוסטלאָז. זי האָט געזען, ווי עס הויבט זיך אויף איבער זײ ערווינס שפּאָטנדיק געלעכטער. זי האָט צו זיך געטענהט, אַז שרײַבן הײסט מורא־האָבן. זי האָט אים נישט געוואָלט פּראָסט אָפּשיקן דעם האַלז־באַנד פֿון פּערל,

ווײַל זי האָט זיך געשראָקן, אַז זי וועט אים דערמיט אָנרירן און באַליידיקן. דאָס וואָלט באַשווערט און אומטעגלעך געמאַכט די ענדערונג, וואָס זי האָט געוואָלט אַרויסרופֿן אין זײַנע געפֿילן. זי האָט, הייסט עס, געדאַרפֿט זײַן צו אים אַליין. אין יעצטיקן זאַך־באַשטאַנד האָט זי נישט געקענט האַלטן אין דער היים עטלעכע שעה אַ געשאַנק, וואָס איז, ווי זי האָט געמיינט, ווערט געווען עטלעכע טויזנט קראָן.

בעת זי האָט זיך אַזוי געשלאָגן מיט די מחשבות, איז אין צימער אַרײַנגעקומען די מוטער און דערזען אויפֿן טיש די פּערל.

— וואָס איז דאָס? פֿון וואַנען האָסטו דאָס? — האָט זי געפֿרעגט כמעט מיט אַ געשריי. ווירגיניאַ איז איבעראַשט געוואָרן, וואָס זי האָט פֿאַרגעסן צו באַהאַלטן די פּערל. וואָס זאָל זי איצט טענהן?

— ערווין האָט עס מיר געשענקט, — האָט זי געענטפֿערט אין צווייפֿל, — אָבער איך מוז עס אים אומקערן.

— געשאָנקען? אומקערן? — האָט פֿרוי געסנער געשטאַמלט, אָנקוקנדיק דעם האַלזבאַנד אין שטומער פֿאַרוואונדערונג.

— דאָס האָט דיר ערווין געשאָנקען? און דו ווילסט עס אים צוריקגעבן? פֿאַרוואָס?

אויף איר פּנים, האָט אויסגעוויזן אָפּצושפּילן זיך אַ קאַמף פֿון די מילדסטע און אומאָנגענעמסטע געפֿילן.

— מער מאַמאַ, קען איך דיר נישט זאָגן, — האָט ווירגיניאַ געזאָגט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן בליק. — איך מיין, אַז דאָ איז געשען עפּעס אַן אומפֿאַרשטענדלעכקייט, און... איך קען דאָס לענגער נישט האַלטן.

— דו גייסט היינט מאָלן? — האָט פֿרוי געסנער געפֿרעגט.

— יאָ, איך וויל אַביסל אַרבעטן. דאָס וועט גוט זײַן פֿאַר מיר.

— גיב מיר דעם האַלזבאַנד ביז מיטיק. קוק נישט אויף מיר אַזוי אָן פֿאַרטרויען. איך וועל אים גוט היטן.

— וואָס ווילסטו טון מיט אים?

— איך וויל אים גוט אָנקוקן, בלויז אָנקוקן. דאָס דאָזיקע צירונג איז אומגעוויינטלעך שיין.

ווירגיניאַ האָט אומגערן מסכּים געווען. אַרויסגייענדיק קוים, איז פֿרוי געסנער אַוועק צו אַ באַקאַנטן אַנטיקוואַר און געפֿרעגט וועגן ווערט פֿון האַלדזבאַנד. כּדי צו באַרויִקן די פֿאַרדעכטיקע נײַגיריקייט פֿון סוחר, האָט פֿרוי געסנער געזאָגט, אַז איר טאָכטער האָט דעם האַלדזבאַנד געקריגן פֿון חתן. דער יובילער האָט געקוקט, געוואויגן, געציילט. דאָס זענען, וואָס אַן אמת איז, האָט ער געזאָגט, נישט קיין פּערל פֿון ערשטקלאַסיקן מין, אַזעלכע איז נישט מעגלעך צו האָבן אַזוי פֿיל, ווען ער האָט אָבער פֿעסטגעשטעלט די ווערט פֿון האַלדזבאַנד, וואָס האָט, לויט זײַן מיינונג, איבערגעשטיגן די סומע פֿון הונדערט טויזנט קראָן, האָט פֿרוי געסנער געמוזט אויסנוצן די גאַנצע ווילנסקראַפֿט, כּדי צו קענען שטיין אויף די פֿיס. אויפֿן וועג האָט זי געמוזט קעמפֿן מיט קאָפּווייטיק, און אירע געדאַנקען וועגן ווירגיניאַן, ערווינען און מאַנפֿרעדן זענען געווען פֿול מיט זאָרגן, ווי מיט האָפֿנונג, וואָס זי האָט זײַט חדשים אין געהיים בּסדר געגערט.

דורכגעטריבנקייט און אומרויִקן געוויסן האָבן פֿאַרמאַכט איר מויל פֿאַר ווירגיניאַן. זי האָט געוואָלט איבערוואַרטן. אין שווײַגן האָט זי ווירגיניאַן אָפּגעגעבן די פּערל.

אַרום פֿינף האָט ווירגיניאַ אײַנגעפּאַקט דעם האַלדזבאַנד, אים אַרײַנגעלייגט אין בײַטל און אַוועק צו ערווינען. אירע באַוועגונגען זענען געווען ענערגישע, דער אויסדרוק פֿון פּנים פֿעסט. איך טו עס פֿאַר מאַנפֿרעדן, האָט זי איבערגעחזרט, כּדי צו באַזיגן דעם אומרויִקן און דעם געהיימען שרעק.

— דער געערטער הער איז נישטאָ אין דער היים, — האָט ווינטעל געזאָגט.

ווירגיניאַ איז געוואָרן צעשטרייט, ווײַל זי האָט געוואוסט, אַז עס וועט איר נישט לײַכט זײַן אַ צווייט מאָל צו אַנטשליסן זיך אויף אַזאַ שריט.

דער נישט־נאַרישער ווינטעל האָט פֿלינק פֿאַרשטאַנען, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַן ענין, וואָס איז זייער וויכטיק פֿאַר זײַן הער, ער האָט דערײַבער פֿאַרזיכערט ווירגיניאַן, אַז דער הער וועט אַמשפּעטסטנס קומען אין אַ פֿערטל שעה אַרום, ער האָט

געבעטן צו באַווײַזן וואַרטן אין סאַלאָן, ער האָט איר צוגערוקט אַ פֿאָטעל פֿאַר דער טיר, האָט געבראַכט עטלעכע צײַטונגען און איבערלאָזנדיק ווירגיניאַן אַליין, האָט ער טעלעפֿאָנירט אין קלוב.

אין פֿינף מינוט שפּעטער האָט ערווינג אויטאָ זיך שוין געגליטשט צו פּעצלײַנדאָרף. ווײַטער האָט אויפֿגענומען ערווינגען מיט אַ מינע פֿון אַ מענטש, וואָס האָט גוט דערלעדיקט זײַן חוב. אוואַן לע סופּער, האָט זיך געטראַכט דער בראַווער דינער, וועלכער האָט באַקומען אַ פֿראַנצויזישע אויסבילדונג, זעענדיק די אויפֿרעגונג אין זײַן הערס פּנים.

ערווין האָט עטלעכע מינוט זיך געפֿינען אין ביבליאָטעק־צימער, כּדי צו באַזײַטיקן פֿון זיך יעדן סימן פֿון אויפֿרעגונג. אויך האָב זי גוט געשאַצט, האָט ער זיך געטראַכט; זי האָט מוט. דער בריוו איז געווען אַ ריזיקע, וואָס האָט זיך אָבער נישט אײַנגעגעבן.

דערנאָך האָט ער געעפֿענט די טיר צום סאַלאָן. ווירגיניאַ איז אויפֿגעשטאַנען. ערווין האָט זי געבעטן, אַז זי זאָל אַרײַן אין קאַבינעט. זיי זענען דאָרט אַרײַן. ווײַל דער רעגן האָט געשלאָגן אין די פֿאַראַפּעטן, האָט ערווין פֿאַרמאַכט די פֿענצטער.

ער האָט נאָך נישט געוואוסט, מיט וואָס ווירגיניאַ איז געקומען, און ער האָט נישט געוואָלט פּריצײַטיק באַוועגן זי אויסצוזאָגן. יעדעס נישט באַטראַכט וואָרט וואָלט געווען אַ פֿעלער נישט אויסצובעסערן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ווײַט פֿון איר, אונטערשטרײַכנדיק אויף אַזאַ אופֿן זײַן ווילן פֿון דיסטאַנס, וואָס האָט איר געגעבן אַ געוויסע פֿרײַקייט. עס איז געווען צו זען, אַז ווירגיניאַ קעמפֿט. ער האָט איר געוואָלט צוהעלפֿן. ער האָט גענומען רעדן וועגן זײַן יוגנט, וועגן דעם מאַנגל אין זײַן דערציִונג, וועגן געזונטן סערוויליזם פֿון דער וועלט, וואָס איז גרייט געווען אים צו דינען, איידער ער האָט צײַט געהאַט צו דערקענען דעם ווערט פֿון זײַנע לײַסטונגען. ער האָט קיינמאָל נישט דערהאָבערט, ער האָט שטענדיק בלויז באַזיצט, דעריבער האָט ער יעדעס אייגנטום בלויז אײַנגעשלינגען, און נישט פֿאַרזוכט זײַן טעם.

לויט ווירגיניאַס מינע האָט ער דערקענט, אַז ער געפֿינט זיך

אויף דעם איינגעפֿאַלענעם וועג. מיט אַ דערשטוינענדיקער געשיקטקייט האָט ער באַוויזן צו זאָגן איר אַלץ, וואָס זי האָט געשטרעבט זיך פֿאַרצוווערפֿן. ווירגיניאַס אויגן האָבן געבלישטשעט. עס איז איר נישט איינגעפֿאַלן, אַז זי אַליין האָט אים געוויזן דעם וועג מיט איר פֿאַרכמאַרעטן שטערן, אָדער מיט אַ בלישטש אין די אויגן. זי האָט געדערענגט, אַז דאָס איז עפּעס אַ גליקלעכע חרטה.

ערווין האָט נישט אויפֿגעהערט דערמיט. ער האָט פֿעסטגע־שטעלט, אַז דאָס מתודה זײַן האָט אים געריינקט, ווי אַ שטורם, זײַן נשמה. און נישט בלויז דאָס: ווי פֿריער האָט ווירגיניאַס בליק אים צעפֿלאַמט, אַזוי איז איצט געגנוג געווען איר אָנוועזנהייט, כּדי אים אָפּצוהיטן פֿון פֿלאַם, ווײַל ער האָט איינגעפֿינען אין איר אַ ריינערן מענטש און פֿאַרשטאַנען זײַן הילפֿלאָזיקייט לגבי איר.

— עס איז פֿאַרהאַן אַ פֿרומע קעלט פֿון ערע, וואָס איז פֿעיק צו דערשטיקן יעדן בונט און יעדן פֿאַרלאַנג, — האָט ער געזאָגט. און אויפֿגעהויבן האָט איר נישט בלויז זיך, נאָר אויך מאַנפֿרעדן. עס איז געוואַקסן אין מיר מײַן שולד צו אים, וועלכן איך וועל דאָס גאַנצע לעבן מוזן צאָלן. ביידע מוזן מיר שווײַגן פֿאַר אים, אָבער דאָס שווײַגן מוזן מיר אויסקויפֿן, ווירגיניאַ. מאַנפֿרעד האָט מיר אײַך אָנגעטרויט. דאָס איז געווען העררלעך, וואָס איך האָב אָנגענומען אַלס שפּאַס. איך וויל אײַך אויפֿסניי צופֿירן צו אים, מער ווינדיקע, אַ מער באַוואוסטזיניקע, אַ ריינערע, אַ פֿולקאָמענערע, אַ שטאָלצע, אַ מער אומאָפּהענגיקע, נישט קיין בלום מער, נאָר אַ פֿרוכט. איך וויל אײַך אַרויסרײַסן פֿון שׂעד־לעכן דעמערונג, געבן אײַך דערקענטניש און פֿאַרשטענדניש פֿון דער וועלט, איך וויל פֿאַר אײַך שאַפֿן מענטשן, ווי דאָס וואָלטן געווען טירן אין מײַן הויז, איך וויל אײַך אײַנברענגען אומרויקייטן, פֿון וועלכע יעדערע קען באַדײַטן אַ פֿולאַפּקע אָדער אַ געפֿאַר פֿאַר אײַער שיינקייט, איך וויל זיך פֿאַר אײַך אָפּפֿערן, איך וויל זיך אָפּזאָגן, איך וויל זײַן אײַער שקלאַף און דער שקלאַף פֿון אײַער גורל, און ווען מאַנפֿרעד וועט צוריקקומען, זאָל ער צוערשט פֿאַלן פֿאַר זײַן ווירגיניאַן, איידער ער וועט זי באַגריסן אַלס חברטע.

פֿון די דאָזיקע ווערטער האָט געווייעט אַזאַ באַגייסטערונג, אַזאַ אויפֿריכטיקייט, אַז ווירגיניאַ האָט נישט געקענט נישט אונטערפֿאַלן זייער ווירקונג. זי האָט זיך געפֿרייט, אַז די רגע, פֿאַר וועלכער זי האָט מורא געהאַט, איז אַריבער אָן געפֿאַר. זי האָט געהערט, געפֿילט, כאָטש דער דאָזיקער מענטש האָט איר אויסגעוויזן צו זײַן וואָס מאָדנער, און זײַן פֿײַערדיקייט, זײַן מאַכט האָט אין אַ ווינקעלע פֿון איר נשמה דערוועקט אַ געוויסן טרויער.

ערווין האָט זי ווידער געמאַכט וואַקלדיק, אומבאַוואָרנט, אפֿשר מער אומבאַוואָרנט ווי שטענדיק. און דאָס איז געווען זײַן קונסט־ווערק. ווען ווירגיניאַ האָט אים אין פֿרײַנטשאַפֿט און מיט אַ האַרציקער בקשה אומגעקערט דעם האַלזבאַנד, האָט ער תּיכּף געפּרופֿט די קראַפֿט פֿון זײַן ניי־דעראָבערטער פּאָזיציע. ער האָט אויפֿגעוויקלט דאָס פּעקל, אַראָפּגעלאָזט די פּערל, אַזוי די שנור האָט זיך פֿאַרהאַלטן בלויז אויפֿן מיטלסטן פֿינגער און געקוקט אויף ווירגיניאַן מיט אַנטוישונג.

— ווען איר וואָלט געקריגן פֿון מיר בלומען אָדער אַ בוך, וואָלט איר מיר זיי אין דער איצטיקער מינוט נישט געוואָרפֿן צו די פֿיס, — האָט ער געזאָגט מיט אַ פֿאַרכמורעטן שטערן.

— דאָס גייט נישט אויסצומײַדן, — האָט ווירגיניאַ זיך אָנגערופֿן, שווער אויפֿשטייענדיק.

— דאָס גייט נישט אויסצומײַדן! אונטער די דאָזיקע ווערטער שטייט אַ גלײַכגילטיקע און אומבאַוואוסטע וועלט. די דאָזיקע שנור האָט איר פֿאַרבאַשטימונג, ווירגיניאַ! ער היילִיקט דעם בונד פֿון פֿרײַנטשאַפֿט. דערלויבט מיר כאָטש אַמווייניקסטנס גלויבן דערין. מיר פֿאַרבונדן זיך דורך דער דאָזיקער שנור, אָבער מיר ווייסן, אַז ער וועט פּלאַצן בײַ דער ערשטער און בעסטער האַמפּערײַ. דאָס מוז אונז מאַכן איידעלער. קליינע לײַכטדיקע הערצלעך, וואָס מיר רופֿן פּערל, וועלן זיך קײַקלען אויף דער ערד, און יעדע וועט באַדײַטן אַ פֿאַרלוירן גליק.

ווירגיניאַ האָט זיך באַגאָסן מיט אַ רויטקייט און אַ שאָקל געטון מיט'ן קאָפּ. ערווין האָט אויף איר דערקענט, אַז זי האָט זיך נישט געוואָלט האַלטן פֿאַר איבערצייגט. ער האָט פֿאַרשטעלט די

אויגן מיט די הענט און זיך אויסגעדרייט.

— וואָס האָב איך געטון! — האָט ער געברומט.

— ווען איך וואָלט אפילו אָנגענומען דעם האַלזבאַנד, — האָט ווירגיניאַ ענדליך זיך אָנגערופן מיט אַ צווייפל, ווילנדיק ווירקן אויף אים מיט נאָכגיביקייט, — וואָלט איך אים קיינמאָל נישט געקענט טראָגן.

— וועגן דעם גייט מיר נישט, — האָט ערווין געענטפערט, — כאָטש שפּעטער וועט איר אַנדערש טראַכטן דערוועגן.

— ניין, ניין, איך קען נישט טראַכטן דערוועגן, ווי איר ווילט. די מאָראַל איז שטאַרקער, ווי איר און איך, און אויב מאַנפרעד וועט איצט אפילו געבן זיין דערלויבניש, און פונדעסטוועגן וועט ער נישט וויסן, וואָסערע געדאַנקען עס וועלן זיך אויף אים אָנרוקן, ווען ער וועט זען די דאָזיקע פּערל.

ערווין האָט פאַרהוילן זיין פאַרטראַכטקייט.

— אַלזאָ, בעהאַלט דאָס אַלס משכּון — האָט ער פאָרגעשלאָגן. — איך לייג איין די פּערל און קאָן פאַר מיין אָרנטלעכקייט, מיין ערע, מיין באַהערשן זיך, די רו פון מיין נשמה — צי קאָנט איר זיך נאָך קווענקלען ?

און ווירקלעך האָט ווירגיניאַ נישט געוואָלט און נישט געקאָנט זיך סומך זיין אויף דער איבערצייגנדיקער אויפריכטיקייט פון די דאָזיקע ווערטער. אָבער נישט קוקנדיק דערויף האָט זי, געזעגנדיק זיך מיט ערווינען, נישט געהאַט קיין געפיל פון אַן אָפּגעהאַלטענעם נצחון.

דעמזעלביקן אָוונט האָט זי בפרטיות געשריבן צו מאַנפרעדן. זי האָט אים אויפגעקלערט, וואָס זי האָט געקאָנט אויפקלערן, נישט אויסשטעלנדיק דעם פריינט אויף אַ מפּלה. אַלס באַווייז און טרייהייטס-פאַרזיכערונג האָט זי די דאָזיקע מתנה אָנגענומען מיט שטילשווייגן. אָבער אין איר באַשרייבונג איז אַלץ געווען דורכגעדרונגען מיט ספקות. ווירגיניאַ האָט זיך באַקלאָגט אויף אומאַנשטענדיקייט. צום ערשטן מאָל האָט דאָס אַוועקפאָרן פון חתן איר זיך אויסגעוויזן פאַר אַ באַאומרויקנדיקן אומשטאַנד. בריסבאַן און אויסטראַליען ; דאָס איז איר פאָרגעקומען פונקט אַזוי,

ווי זי וואָלט געשיקט אַ בריוו צו דער לבנה. אָדער מאָרגן, אָדער ווען עס וועט אָנקומען זיין ענטפער, וועלן אַלע פּלאַנטערס זיכער שוין זיין אויפגעוויקלט.

נאָכמער פון ווירגיניאַ, האָט פרוי געסנער ניט געקאָנט זיך באַהערשן. תיכף נאָכן צוריקקומען האָט זי געפרעגט ווירגיניאַן וועגן די פּערל. און ווען די טאָכטער האָט איר דאָס געוויזן מיט אַן אומאַנטשלאָסן געלעכטערל — מחמת זי האָט שוין ניט געפילט קיין אמתדיקע פריד — האָט די אַלטע פאַרלוירן דאָס לשון, אפילו ניט געוואַגט צו פרעגן ווירגיניאַן, צי זי גיט זיך אָפּ אַ חשבון וועגן דעם אומגעהויערן ווערט פון דעם צירונג. געבן אַזאַ קאָסטבאַרן געשאַנק נאָר אַלס באַווייז פון בלויזער פריינטשאַפט — דאָס האָט אַריבערגעוואַקסן אירע השגות וועגן דער וועלט. זי האָט אָפּגעאָטעמט. ס׳האָט זיך אין איר דערוועקט אַ האָפענונג. זי האָט געגלייבט. זי איז געווען אויפגערעגט און שווינדליק. זי האָט ווירגיניאַן טראַקטירט מיט אַ פאָרזיכטיקייט, וועלכע וואָלט פאַר דעם מיידל אויסגעקומען פאַרדעכטיק, אויב זי וואָלט לאַנג שוין ניט געווען צוגעוווינט צו זען אין דער מוטער אַן אומעטיק געוועזן טיפּ. שפּיל פון דער פאַרשטעלונגס-קראַפט. עס איז איר ניט געפעלן און ס׳האָט איר דערצערנט די צו-קנעכטישע באַנעמונג פון פרוי געסנער לגבי ערווינגען.

וואָרום ערווין איז איצט געווען דער טעגלעכער גאַסט אין הויז. ער איז געקומען נאָכמיטיק און איז פאַרבליבן ביז אָוונט. ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז ער פירט אַ מין סיסטעמאַטישע באַלאַגערונג. דאָס געפערלעכע שפּיל האָט געמוזט אונטערגענומען ווערן פון דאָסניי. דער פולווער אין די אונטערערדישע דורכגענג האָט ניט עקספּלאָדירט; מען האָט געדאַרפט באַנוצן זיך מיט שטאַרקערע אויסברוך-מיטלען, מ׳האָט געדאַרפט גראָבן נייע מינעס. אַז די פּאָזיציע איז געווען אַרומגערינגלט, האָט עדות געזאָגט די האַלטונג פון די שכנים. — אהאַ, דער קאַוואַליר קומט שוין אַלע טאָג, — האָבן זיי געמורמלט, שפּירנדיק עפּעס אומאָנגענעמעס. צוויי לערערינס אויפן פערטן שטאָק, אויפן צווייטן — אַ פּאַפּיראָסן-הענדלער מיטן ווייב, אויפן

ערשטן — אַן אַלמנה נאָך אַ באַנק־באַאַמטן, איצט פּאַרטער — פֿיר מעבלטער פֿון אַ העלערן פּאָסט־באַאַמטן, און אַ חוץ דעם אַלע קעבינס, וועשינס, שטוב־מיידלעך, מילך־הענדלערינס, קרעמערקעס פֿון גרינצייג — אַלע וואָס האָבן זיך געטראָפֿן אויף די ווייסע, געדרייטע טרעפּ, אַלע וואָס האָבן באַוואוינט די קעלערס און אָפּ־געהאַלטן אסיפֿות אין דער בויד פֿונם קרעמער — אַלע האָבן גע־שנאַפּט און געמורמלט. ווען זיי וואָלטן כאָטש געוואוסט עפּעס אמתדיקס! אַ שכן איז גערן מוחל, ווען ער ווייס דעם אמת; און אויב ער ווייסט גאָרנישט, ווערט ער אַ טאָרקוועמאַדאַ.

ווירגיניאַ האָט פֿאַרהוילן איר אבשוי, די מוטער, דאַקעגן, האָט אים אַנטפּלעקט ערווינען.

— איך האָב אייך שוין לאַנג געראַטן צו פֿאַרלאָזן די נאַרע, — האָט ערווין געזאָגט. — ווער עס וואוינט צווישן ווערים, קאָן נישט אויסמיידן קיין שמוץ.

אָבער אויף דעם איינציקן פּונקט האָט זיך פֿרוי געסנער נישט געלאָזט רירן:

— שוין דרייסיק יאָר וואוין איך דאָ — האָט זי געטענהט — אויב איך וועל אַרויס פֿון דעם הויז, וועט איך וואָס מיך דערוואַרט.

ערווין איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָבער אויף זיין שטערן האָבן זיך באַוויזן די ערשטע סימנים פֿון זעלבסטבאַהערשונג.

אים האָט זיך איינגעגעבן ווירגיניאַן צוצוגרייטן אַ גלייכגילטיקע קעגן די „ווערים“. ער האָט איר געקאָנט דערמאָנען, אַז אין דער אמתער וועלט, וואו ווירגיניאַ האָט זיך טאַקע באַוויזן נעבן אים, איז אויף איר נישט געפֿאַלן דער לייכטסטער שאָטן פֿון לעסטיקונג. ווירגיניאַ האָט דאָס געמוזט אָנערקענען. מען האָט געוואוסט, אַז זי איז געווען פֿאַרלאָבט, מ'האָט געוואוסט, אַז איר חתן איז געווען אויף דער רייזע — טאָ וואָס עס האָט נישט גע־קאָנט פֿועלן די אַפּוטרופּסת פֿון אַזאַ דאַמע, ווי די באַראָנעסע רעסאָוו, האָט געטון די פּערזאָן פֿון ווירגיניאַן גופֿא. איר זויבער אויג, דער אומשולד־גלאַנץ, וואָס האָט געשלאָגן פֿון איר, ווי פֿון אַ פֿריש־אויסגעגאָסענער גאָלד־מטבע. מען האָט זי צופּיעשטשעט, זי געקעכלט, און עטלעכע נרעפֿינס האָבן אַפֿילו צוגעזאָגט איר

אױפֿן פֿון אױסלאַכן זיך אָדער מילדן אױספֿױג פֿונ׳ם קאָפּ פּײַט דערן, פּונקט װי די ייִנגע בירגערינס האָבן נאָכגעמאַכט דעם גאַנג און די שטים פֿון ראָזאַננאַ שערק.

אַ געװיסן היסטאָרישן טאָג, װען דרײַהונדערט טױזנט אַר־בעטער האָבן דורכגעצױגן פֿאַרן פּאַרלאַמענט, האָט ערװין גע־בראַכט װירגיניאַן אױפֿן מאַרק אַרױף, װאו עס האָבן אין פֿאַר־לױף פֿון אַ סך שעהן געדונערט די טריבע טריט פֿון די מענגעס, די מאַסיװע קאָלומנעס, װאָס האָבן געשפּרײַזט פֿון דער נידריקײַט, פֿון דאָרט, װאו דער גורל שאַלט אױס זײַנע געזאַנגען. ערװין האָט אױפֿמערקזאַם געמאַכט זײַן חברטע אױף באַזונדערע פּנימער. ער האָט געװאוסט, װי עס לעבן די פֿון די נידריקײַטען; אױס איז געװען באַקאַנט זײַער נױט, זײַער נידערשלאָגנקײַט, זײַערע אָרימע פֿאַרגעניגנס. װען ער האָט גערעדט, איז פֿאַר זײַערע פֿיס געפֿאַלן אַ פֿרױ אין די דרײַסיקער יאָרן. זי האָט באַקומען אַן עפּילעפּטישן אַטאַק. ערװין איז געשװינד צוגעלאָפֿן, האָט אונ־טערגעהאַלטן די קראַנקע בײַ די אָרעמס, אָנרעגנדיק די גלײַכגיל־טיקע צוקוקער איר צו געבן הילף. אָבער די מענטשן פֿון המון האָבן װײַטער געקוקט גלײַכגילטיק, גלײַך װי זײ װאָלטן אים דער־פֿאַר נישט אָנערקענט און נישט געגלױבט. אַז ערװין האָט זיך װידער געפֿינען נעבן װירגיניאַן, האָט ער געזאָגט: — דאָס איז געװען אַ גאַסן־פֿרױ.

— פֿון װאַנען װײסט איר דאָס? — האָט װירגיניאַ שטיל געפֿרעגט.

— אַזעלכע אױגן און אַזעלכע הענט פֿאַרפֿירן נישט אין אַ טעות, — האָט ער געענטפֿערט מיט אַ פֿאַרקנײטשטן שטערן. — דאָס זענען הענט, װי די פֿאַרדאַרטע װאָרצלען און אױגן װי די פּרוכט אָן זאַפֿט. דאָס מױל איז גראָ, װי פֿון אײביקער נאַכט, דער קערפּער איז אַזױ פֿאַרמאַטערט, אַז זײַנע באַװעגונגען דערמאָנען אָן דעם פֿיבערן פֿון קעלט. צי האָט מען געקאָנט נישט־דערפֿילן די פֿאַרקערפּערונג פֿון דער קללה? מײַנע אױערן זענען פֿול דערמיט, איך לעבן נאָך פֿריִער, כּדי דערפֿון צו קאָנען פֿאַרגעסן.

ער האָט צוגעאײַלט די טריט. פּלוצלינג האָט ער זיך אָפּגע־

שמעלט, האָט אַ טיפֿען קוק־געטאָן אויף דעם יונגען מיידל און געזאָגט מיט ברען:

— אָ, איר גליקלעכע! אָ, גליקלעכע ווירגיניאַ!

ווירגיניאַן איז דורכגעלאָפֿן אַ ציטער. יאָ, זי האָט זיך געפֿילט גליקלעך; מינדעסטנס ביז דעם מאָמענט האָט זי זיך באַטראַכט פֿאַר אַ גליקלעכע. נאָר דערפֿאַר, וואָס ער האָט זי דערמאָנט אָן דעם, האָט איר דאָס גאָרנישט געפֿרייט. צי האָט דאָס ניט געקלונגען אַזוי, ווי ער וואָלט געוואָלט האָבן אַ חלק אין דעם גליק, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַן אָרימאַן, און ער וואָלט געמוזט בעטלען? און זי איז דאָך געווען די, וועלכע האָט באַקומען. אַ מתנה נאָך אַ מתנה האָט זי באַקומען פֿון זיינע הענט, און זי איז וואָס ווייטער געוואָרן מער פֿאַרדאַגהט ווען דאַנקן אים.

זיין מהות האָט איר פֿאַראינטריגירט, זי געהאַלטן געשפּאַנט, ניט געלאָזט איר דעם אָטעם כאַפּן.

ער האָט געבראַכט בלומען. צי איז עס מעגלעך, אַז בלומען זאָלן פּלוצלינג ווערן אַזוי מאָדנע? ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען קיין בלומען. ער האָט זיי אָפּגעריסן אין זיין גאָרטן, אָפּגעריסן יעדע באַזונדער מיט זיין אייגענער האַנט, און זיי צונויפֿגעבינדן אין אַ בוקעט, וועלכער האָט גערעדט, וועלכער האָט אויסגעדריקט די באַגערן פֿון באַשטימטע שעהן, פֿון איינזאַמע שעהן פֿול מיט טרוימען, שעהן פֿון באַגייס־טערונג, שעהן פֿון טאַט.

ער האָט אויך געבראַכט ביכער, כדי זיי צו לייענען אין די אָוונטן. פֿרוי געסנער פֿלעגט געוויינטלעך איינשלאָפֿן נאָך אַ פֿערטל שעה לייענען. ווירגיניאַ האָט גערן געהערט זיין קלינגנדיק קול. ער האָט געלייענט דאַנטען און שעלין, ער האָט געלייענט די לידער פֿון העלדערלין און די באַגייסטערטע פּראָזע פֿון נאָוואַליסן. דער־נאָך האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו געטעם רוימישע עלעגיעם. ער האָט זיך נאָכמער דערוועגט. ער האָט געלייענט אַ טייל פֿון באָקאַטשיאָס פּרעכטיקע דערציילונגען. היות ווירגיניאַ האָט פֿאַר־שטאַנען איטאַליעניש — דעם פֿאָטערס הויקערדיקע מומע, וועלכע איז געווען אין טאָסקאַנער הויף, האָט זי געלערנט אַ געוויסע צייט

— האָט ער איר דאָס פֿאַרגעלייענט אין אָריגינאַל, אונטערשטרייכנדיק די מעלאָדישקייט פֿון דער אויסשפּראַך. דערביי איז דער עיקר געווען פֿרייד, דאָס מאָטאָ: טריומף איבער דער מאַטעריע, אָדער: באַפֿרייאונג פֿון דער שרעק פֿונ'ם געוויסן. צודרייסטע ערטער האָט ער געשיקט פֿאַרגלעט.

ער האָט פֿון איר געוואָלט מאַכן עפּעס פֿון דעם מין גראַנד־דאַמע. ער האָט געהאַלטן, אַז זי איז צו דעם באַשאַפֿן. ר'האָט געברויכט דעם אויסדרוק „גראַנד־דאַמע“, באַהויפּטנדיק, אַז דאָס וועט זיך נישט לאָזן אויסטייטשן. ווירגיניאַ האָט אים אויסגעלאַכט. זי איז אָבער צוטומלט געוואָרן, ווען געוויסע אויסערלעכע פֿעלערס פֿון איר האַלטונג האָבן אַרויסגערופֿן זיין קריטיק. דער אופֿן פֿון אַראָפּלאָזן, בעתן גיין, די הענט אָן דער לייכטסטער אָנשטרענגונג פֿון די מוסקולן, האָט געהייסן אַ קיניגלעכער, אָבער ער האָט געהאַלטן, אַז זי האָט נישט געדאַרפֿט דעם קאָפּ צונאַכלעסיק אַראָפּלאָזן, מחמת דאָס שטערט דער פֿולקומער ליניע פֿון איר האַלז און ברוסט. ביי אַזעלכע און אַנדערע זאַכן, וועלכע האָבן פֿאָרמעל זי אָנגערירט, האָט ווירגיניאַ באַהערשט אַ שרעק.

ערווין האָט פֿאַר אירעטוועגן פּראָיעקטירט קאָסטיומען, צווישן אַנדערע איינ אויסערגעוויינטלעך שיינער און קאָסטבאַרער, וואָס איז באַשטימט פֿאַר דער קאָסטיומען־פֿאַרווײַלונג אינעם גאָרטן פֿון דער פֿירשטין ליבענבערג. ער האָט פֿאַר איר אויסגעוויילט הוט, פּאַסקעס, די קאָלירן פֿון די בלוזעס. ווירגיניאַ האָט דאָס דערלויבט, און וואָס אַמאָל האָט זי מיט אַ גרעסערער זאָרג געטראַכט, ווי אַזוי פֿון דעם זיך צו באַפֿרייען. זי האָט נישט ליבגעהאַט קיין פּאַרפֿום; ערווין האָט איר געבראַכט די בעסטע; זי האָט זיי געלאָזן אומבאַרירט. ווען זי האָט צו זיי געשמעקט אין זיין אַנוועזנהייט איז דאָס פֿאַר איר געווען ווי אַ גרויזאַם אַפּקומעניש. לסוף האָט ער זי צוגערעדט, זי זאָל באַנוצן אַ געוויסן געמיש, וואָס איז דערפֿינדן געוואָרן דורך זשירינען אין פּאַריז. אַזאַ פֿלעשעלע פּאַרפֿום האָט געקאָסט פֿינפֿהונדערט קראָן.

— אַזעלכע זאַכן האָבן אַ ווייכטיקע באַדייטונג אויך פֿאַר די־

לעטאַנטינס, וועלכע ווילן נאָר ווירקן אויסערלעך, — האָט ער ערקלערט — פֿונדעסטוועגן זענען זיי זייער וויכטיק אויך פֿאַר אַ פֿרוי, וועלכע איז פֿעיק צו געבן דעם טויטן מאָמענט אַ ריכטונג דורך אַרויסרופֿן געפֿילן פֿון אַנגעגעמלעכקייט.

איינמאָל האָט ער געדינגען שטיינווייס אַ פֿאָרטעפּיאַן און אים געהייסן אָפּפֿירן אין ווירגיניאַס דירה. ער האָט געזאָגט, אַז דער אינסטרומענט איז און וועט בלייבן זיין אייגנטום. דערויף האָט מען גאָרנישט געקאָנט ענטפֿערן, בפֿרט, אַז פֿרוי געסנער איז געווען אַנטציקט מיט דער האָפֿענונג ווען אָפֿטן נחת־זיך מיט מוזיק.

— אָוונטלעך, ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו דעמערן, ווען דער זומערדיקער טאָג האָט אַריינגעאָטעמט אין צימער מיט זיין לעצטן בלאָז, האָט ער זיך געזעצט ביים פֿאָרטעפּיאַן און געשפּילט. עס זענען געווען פֿאַנטאַזיעס. ער האָט אויסגעמיטן שטאַרקע טענער, אַלץ איז געווען מילד, מעלאַנכאָליש, פֿול פֿאַרטראַכטקייט און שמייכלהאַפֿטיקייט. ערווין איז צעגאַנגען פֿון מתיקות. מחמת ער פֿלעגט וועגן זיך רעדן ווייניק, האָט ער זיך פֿאַרטיפֿט אין דער שפּראַך פֿון מוזיק, וועלכע האָט דערציילט וועגן זיין איינזאַמקייט, וועגן באַגערן און לאַנגוויל. וועגן פֿאַרלאַנגען און אַראָפּרעדן זיך. טיילמאָל פֿלעגט ער איבעררייסן ס'שפּילן, אָפּעטעמען און אַראָפּ־געלאָזן די הענט אויף די קלאַווישן. ווירגיניאַ שטייט דאַן אויף און צינדט אָן ליכט. איר שטערן איז געריינצלט, בייזערט זיך אויף דער מוטער, ביי וועמען עס פֿלעגן זיך אָפּטמאָל שטעלן טרערן אין די אויגן.

אַ געוויסן טאָג האָט ווירגיניאַ באַגעגנט מאַריאַנאַ פֿאָן פֿליגעל. וועלכע זי האָט שוין גישט געהאַט געזען אייניקע וואָכן, און וועלכע האָט גראָד געהאַט געמאַכט איינקויפֿונגען פֿאַר איר אַרויספֿאָר אויפֿן זומער אין טיראָל. מאַריאַנאַ האָט, ווי עס איז געווים געלעגן אין איר נאַטור, אינגיכן געלענקט דאָס גע־שפּרעך אויף דער באַציאונג פֿון ערווינען צו העלענאַ צורמילען. מעגלעך זי האָט דערוואַרט צו דערוועקן אין ווירגיניאַן אייפֿער־זוכט, אָבער היות ווירגיניאַס ווערטער האָבן איבערצייגט נאָר אין

אַ מיסטעריעזע פֿאַראינטערעסירונג, איז מאַריאַנאַ אַריבער צו דײַטלעכערע דערמאָנונגען און האָט דערקלערט, אַז ס'וואָלט איר נישט געוואונדערט, ווען די געשיכטע וואָלט זיך שלעכט געענדיקט.

— מיט אַלעמען ענדיקט עס זיך שלעכט, ווען זיי פֿאַלן אַרײַן אין זײַן נעץ — האָט זי צוגעגעבן — נישט קיין נפֿקא מינה צי מיט מענער אָדער מיט פֿרויען.

— און דאָס באַהויפּטעט איר, מאַריאַנאַ, איר? — האָט ווירגיניאַ אויסגערופֿן אַ פֿאַרחידושטע.

— יאָ, איך! מאַקע איר, וועלכע בין נענטער ווי עמיצ אַנדערש. איך, די איינציקע, וועלכע קען אים.

— איך מיין, אַז עס איז נישט אַזוי שווער אים צו קענען.

מאַריאַנאַ האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט.

— אַך, אַנטשולדיקט איר, אַז ערווין איז אַן אָפֿן בוך. עס קאָן זײַן, אָבער ווער ס'האָט אין דעם בוך איבערגעלייענט אין זײַט, האָט נישט קיין באַגריף וועגן דעם, וואָס ס'איז אָנגעשריבן אויף די אַנדערע זײַטלעך. איר זענט זייער קלוג, ווירגיניאַ — האָט זי אין אַ ווײַלע צוגעגעבן מיט אַ שמייכלדיקער מינע, אָבסערווירנדיק פֿון דערווײַטנס אירע נעגל — איר גיט אים אַ הויכע השגה וועגן אײַער אינטעליגענץ, וואָרום בײַ אים איז אַלץ נאָר אַ זאַך פֿון עקשנות. איר זענט אַן עפּאָכע אין זײַן לעבן, פּונקט ווי אַ טאָג פֿון תענית איז אַן עפּאָכע אינם לעבן פֿון אַ פּריסטער.

אַ פֿאַרסמטע קויל איז געפֿלויגן פֿאַרבײַ ווירגיניאַן, און זי נישט פֿאַרוואונדערט. אָבער איר בליק האָט פּלוצלינג אָנגענומען עטוואָס דורכדרינגענדיקס, דאָס מויל האָט זיך געבלאָזן, זי האָט דערפֿילט אַ שטאַרקער קלאַפּן פֿון דופק. מאַריאַנאַ האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו געזעגענונג; ווירגיניאַ האָט נישט דערלאַנגט אירע, נישט דערפֿאַר, וואָס זי האָט געהאַט צו איר אַ ווידערווילן, נאָר מחמת זי איז געווען פֿאַרטראַכט. גייענדיק ווײַטער, האָט זי זיך געראַנגלט מיט אַ מוראדיק געפֿיל; ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, ווי זי וואָלט אָנגעהויבן האַסן ערווינען. זי האָט נאָך נישט געוואוסט פֿון האַס, זיך קעגנגעשטעלט קעגן דעם און עס קוים געקאָנט דערטראָגן.

אין אָוונט האָט ערווין גענומען ווירגיניאַן און פֿרוי געסנער אין דער אָפּערע אַרײַן. עס איז געווען זייער הייס; נאָכן ערשטן אַקט האָט דער פֿרוי געסנער אָנגעהויבן ווײַ־טאָן דער קאָפּ און זי האָט זיך געלייגט אויף דער קאַנאַפּע, וואָס אין דער לאָזשע. ווירגיניאַ האָט רויִק געקוקט אויף דעם זאַל, וואָס האָט געציטערט פֿון ליכט און שטויב. פּלוצלינג האָט זי באַמערקט צוויי אויגן, וואָס האָבן זיך אין איר צוגעקלעפּט אומבאַוועגלעך. דאָס איז געווען העלענאַ צורמילען, וועלכע איז צוזאַמען מיט עטלעכע דאַמען געזעסן אין דער קעגנאיבערדיקער לאָזשע. ערווין האָט זיך אָפּגעשטעלט, פֿאַרנויגט און אַרויס. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ווירגיניאַ אים געזען נעבן העלענאַן. ער האָט מיט איר לעבהאַפֿט געשמועסט, און זײַן געזיכט איז געווען לײַדנשאַפֿטלעך און פֿילבאַר. דאָס קינדערישע פּנימל העלענאַס האָט זיך פֿאַרויטלט און אירע אויגן האָבן מיט אַ בלישט געקוקט אויף ווירגיניאַן, וועלכע האָט ניט געקאָנט אײַנזיצן אויפֿן אָרט. ווען זי האָט זיך שפּעטער אומגעקוקט צו דער לאָזשע, אין וועלכער ערווין האָט גערעדט מיט העלענאַן, האָט זי באַמערקט, אַז פֿיל לאָרנעטעס קוקן אויף איר.

אינדעם האָט זיך ווירגיניאַ אויפֿגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען צו דער מוטער און קורץ געזאָגט: — קום, מוטער, מיר גייען אַהיים.

— ווילסטו שוין אַהיימגיין? פֿאַרוואָס? — האָט פֿרוי געסנער געפֿרעגט אַ דערשראָקענע צוליב ווירגיניאַס בלײַכקייט. אָבער ווירגיניאַ האָט שוין אָנגעטאָן דעם מאַנטל און דעם שאַל און צוגעיאָגט די מוטער, זי זאָל זיך אײַלן. ערווין האָט כמעט פּלוצלינג איבערגעריסן דאָס געשפּרעך מיט העלענאַן. העלענאַ, וועלכע האָט זיך ניט געריכט אויף אַזאַ ווענדונג אין זײַן שטימונג, האָט שיער ניט געחלשט. נאָר ווען זי האָט שוין ניט געזען ווירגיניאַן אין דער לאָזשע, האָט זי אַלץ פֿאַרשטאַנען. זי האָט נאָך דערין ניט געגלויבט, הגם די שרעקזאַמע קלאָרקייט האָט אָנגעהויבן אין איר צו דערוואַכן.

ווען ערווין האָט זיך איבערצייגט, אַז ווירגיניאַ מיט דער מוטער האָבן פֿאַרלאָזט דאָס טעאַטער, האָט ער געשמייכלט. נאָכן

אויפהויבן דעם פאָרהאַנג, האָט ער אָנגעטאָן דעם פּלאַשטש און צילינדער, גענומען דעם שטעקן אונטער׳ן אָרעם און גלעטנדיק די הענדשקעס, שמייכלנדיק גענומען פּאַמעלעך טרעטן איבער די ברייטע טרעפּן פון דער אָפּערע.

קוים האָט ווירגיניאַ מיט דער מוטער זיך געפינען אין טראַמוויי, האָט אַ שרעק איינגעקלאַמערט אירע גלידער: גאָט, וואָס האָב איך געטאָן! וואָס עס טוט זיך אַלץ מיט מענטשן, וואָס ווירקן אונטערן איינפלוס פון דער פאָרשטעלונגס־קראַפט, בעת דער פאַלשער אימפּולס נויגט זיי צו אַ נישט־געהעריקער טאַט — זי וואָלט איצט אָפּגעגעבן אַלץ, אבי צוריקצוציען דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט. אָבער עס איז דאָ אַן אויסוועג — האָט זי געטראַכט אַ געהאָרכזאַמע דעם נייעם און גלייכצייטיק פאַלשן אימפּולס; איך וועל זאָגן, אַז דער מוטער איז שלעכט געוואָרן, און כ׳האָב זי באַגלייט צום טראַמוויי. ערווינען וועט זיך דאָס אפשר אויסווייזן משונהדיק, אָבער ער וועט גאָרנישט באַמערקן.

— איך גיי צוריק אין דער אָפּערע — האָט זי גיך אַ זאָג געטאָן. — פרעג מיך נישט, פרעג וועגן גאָרנישט — האָט זי שעפּטשנדיק צוגעגעבן, באַמערקנדיק אַ פאַרזאָרגטקייט אויף דער מוטערס פּנים. — אינדער־היים וועל איך דיר אַלץ אויפקלערן.

אויף דער נאָענטער סטאַציע איז זי אַראָפּ פון טראַמוויי.

צו דער אָפּערע איז געווען אַ פּאָר שריט. פאַרוואָס האָב איך דאָס געטאָן? האָט ווירגיניאַ געטראַכט מיט אַ שרעק־געפיל, שפּירנדיק גלייכצייטיק, אַז אין איר וואַקסט אַ האַס צו ערווינען.

אין דער רגע האָט זי אים דערזען. ער איז געשטאַנען בײַם אַרויסגאַנג און געקויפט רויזן בײַ אַ בלומען־פאַרקויפערין. נישט ווילנדיק האָט ווירגיניאַ זיך אָפּגעשטעלט. ערווין האָט זיך אויסגעדרייט. — ווירגיניאַ! האָט ער אויסגערופן אַ פריידיקער. דערנאָך האָט ער אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ פון פאַרוואונדערונג.

— איך האָב געוואוסט, אַז איר וועט צוריקקומען — האָט ער שטילער געזאָגט און מיט אַ לאַנגזאַמער באַוועגונג איר דערלאַנגט די בלומען. דאָס זענען געווען דרײַ צעבליטע רויזן, וואָס לאָזן הערן אַ רייצנדיקן געשמאַק.

ווירגיניאַ האָט נישט געקענט קיין וואָרט אַרויסרעדן. דער אויסגעטראַכטער תירוץ האָט איר אויסגעזען נאַריש און נודנע. זי האָט זיך אויטאָמאַטיש אָנגעבויגן איבער די בלומען.

— ביטע, פירט מיך אָפּ צו דער דראָזשקע, — האָט זי געזאָגט אַ געדריקטע.

— ווילט איר נישט בייזיין די פאָרשטעלונג ביזן סוף? — האָט ערווין געפרעגט. ווירגיניאַ האָט געלייקנט.

— די מוטער שטערט אייך יעדעס פאַרגעניגן — האָט ער צוגעגעבן איראָניש. ווירגיניאַ האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

— איך האָב שוין אָנגעוואוירן דעם חשק — האָט זי געזאָגט.

— איבעריקנס, אין טעאַטער איז אַזוי דעמפּיק.

ערווין האָט גערופן אַ אָפענע דראָזשקע, געזאָגט דעם אַדרעס און באַצאָלט דעם דראָזשקאַרזש, אויב ער האָט אין דער שעה געלאָזן ווירגיניאַן איינע אַליין פאָרן, איז דאָס געווען אַ געניאַלער שריט. ער האָט נישט געקענט איינהאַלטן אין זיך דאָס געלעכ-טער, ווען ווירגיניאַ האָט אים הערצלעך דערלאַנגט איר האַנט.

— די האַרטסטע נים גיט עס דעם מענטש צו צעבייסן, — האָט ער געמרוקעט, נאָכקוקנדיק די שנעל-אָפּפאָרנדיקע דראָשקע. אין זיינע אויגן האָט זיך געלייגט אַ שאָטן, זיין הומאָר האָט זיך פּלוצלינג פאַרערגערט.

אַן איינגעטוליעטע אין אַ ווינקל פון דער דראָשקע, האָט ווירגיניאַ באַטראַכט די רויזן. זייער ריח האָט זיך איר אויסגע-וויזן איבלדיק און האָט זיי פּלוצלינג מיט אימה אַרויסגעוואָרפן אויפן ברוק. ווען זי איז געשטאַנען פאַרן הויז און אָנגעקלינגען, איז גראָד אָנגעפאָרן די מוטער. דער פרוי געסנער איז אָפּגענומען געוואָרן ס'לשון; דערנאָך האָבן ביידע געמוזט זיך פונאַנדערלאַכן.

— כ'האָב זיך פאָרט מיישב געווען — האָט ווירגיניאַ גע-זאָגט אַ פאַרדאַגהטע — אָבער פרעג מיך נישט, מוטער, נישט פרעג. — און פרוי געסנער האָט נישט געפרעגט. זי האָט בלויז אָפּגעזיפצט.

דער זייגער האָט ערשט געוויזן ניין. ווירגיניאַ האָט זיך אַוועק-געזעצט ביים טיש און מיט אַן אומזיכערע האַנט האָט זי אָנגע-

הויבן שרייבן צו מאַנפרעדן.

„טײַערער! ליבער!“ — האָט זי געשריבן. „ווי ווייט דו ביסט אין דער ווירקלעכקייט, אַזוי נאָענט ביסטו היינט אין מיינע געדאַנקען. כ'וואָלט געקאָנט מתפּלל זײַן, אַבי די צייט זאָל גיכער לויפן. כ'בין קיינמאָל נישט געווען אַזוי אומגעדולדיק. עס איז שוין זומער און די שטאָט זעט אויס שרעקלעך. איך בענק נאָך וואַלד, לאַנקעס. איך האָב אין דער קומענדיקער גאַכט בדעה אַרויסצופאָרן מיט דער מוטער קיין עדליץ, וואו ס'איז אונז פאַר צוויי יאָר זומער אַזוי געפעלן געוואָרן. מיר וועלן ווידער דינגען די זעלביקע פויערישע הייזקע, איך וועל אַביסל אַרבעטן, אויב עס וועט זיך מיר אײַנגעבן, אויב נישט — וועל איך רוען עטוואָס דערווײַטערט פון מענטשן. מאָרגן איז אַ גאָרטן־פאַרווײַלונג בײַ דער פירשטין ליבענבערג, איך וועל נאָך גיין אַהינצו, ווײַל איך האָב צוגעזאָגט, אָבער דערמיט ענדיקט זיך שוין דאָס פאַר־ברענגען און געזעלשאַפט, מיט אַלע פאַרווײַלונגען. ווי שרעקלעך עס איז, ווען יעדע וואָך האָט זיך איר פּראָגראַם. שרעקלעך איז אויבעט צו לעבן איבער די מעגלעכקייטן פון די אייגענע מאַטער־יעלע באַדינגונגען און דערבײַ נישט וויסן גענוי, ווי אַזוי דאָס אויסצוטײַטשן פאַר זיך און פאַר אַנדערע. איך האָב באַשלאָסן אומווידערופלעך צוצומאַכן אַ סוף צו דעם. איך צווייפל נישט אין ערווינס אַנשטענדיקייט, אָבער איך וויל ליבערשט לעבן מיט אַ ריינעם געוויסן אין אָרעמקייט, איידער מיט אַ אומרייען געוויסן אין לוקסוס. ווען מיר וועלן אַרויספאָרן אויפן דאָרף, וועל איך אַלץ ערנסט אַרומרעדן מיט דער מוטער און אַלצדינג ברענגען אין אָרדענונג. איך מיין, אַז אויך דיר וועט זײַן ליבער, ווען דו וועסט נישט האָבן קיין פאַרפליכטונגען לגבי דײַן פרײַנט אויף אַזאַ אופן, וואָס איז פאַר מיר אַ לאַסט. ערווין וועט דאָס פאַרשטיין. ער האָט אַ גרויסן פאַרנעם, אָבער ער פאַרגעסט, אַז קליינע מענטשן מוזן בלייבן קליינע. אַ חוץ דעם קאָן איך זיך נישט באַקלאָגן...“

ווירגיניאַ האָט אַראָפּגעלאָזט די פעדער. צי איז דאָס אמת? האָט זי זיך געפרעגט. ניין, זי וואָלט זיך יאָ געקאָנט באַקלאָגן.

ווען זי האָט איר בריוו איבערגעלייענט פֿון אָנהויב, האָט זי געהאַט דעם איינדרוק, אַז איטלעכער וואָרט איז ליגן. איינגעטלעך וואָלט זי געדאַרפֿט שרייבן: קום צוריק, מאַנפֿרעד! קער זיך אום ווי מעגלעך גיכער! זי האָט דעמזעלביקן טאָג נישט פֿאַרענדיקט דעם בריוו. זי איז נאָך לאַנג געזעסן דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער דלאָניע, און פֿון צייט צו צייט איז אַ פֿראָסט דורכגעלאָפֿן איבער איר לייב.

# דאס צווייטע פנים.

דעם אנדערן נאכמיטיג איז ערווין געקומען פריער, ווי ווירזיניא האט זיך אויף אים גערייכט. די פארווײלונג האט זיך געזאלט אנהויבן אום פינף. ווירגיניא האט זיך געקעמט. זי איז געזעסן אין צימער פארן שפיגל. פרוי געסנער האט ערווינען פארהאלטן אין דער קיך.

— לאזט צופרידן, מאמעשי! — האט ערווין פריי געזאגט און די פארבליפטע זקנה אוועקגעשטופט פון וועג.

— אלע דאמען נעמען אויף געסט בעת'ן לאמען זיך. דאס איז אפילו זייער אנגענומען. עס איז נישטא קיין סך צייט, כ'מוז ווירגיניאן אביסל אונטעריאגן.

ער איז שוין געשטאנען אויף דער שוועל און מיט א שמייכל געעפנט די טיר. ווירגיניא האט זיך אויסגעדרייט און א דערשראקענע אויף אים געקוקט. דאס פלעמל אויף איר פנים האט אנגעזאגט גארנישט קיין גוטעס. אלס צוועלף-יעריק קינד האט זי נישט צוגעלאזט צו זיך קיין דאקטאר, אויב זי האט נישט געהאט קיין צוגעפלאכטענע האר, אפילו מאנפרעד, וועלכער האט זי שטארק געבעטן וועגן דעם, האט קיינמאל נאך נישט געזען אירע צעבלאשעטע האר. זעענדיק ערווינען האט זי זיך צוריקגעקערט אין געוואלט ארויס פנם צימער.

ערווין האט אנגעווענדעט זיין גאנצע קונסט און מאניערן, כדי זי אפצולענקען פון דער כונה. זיין העזה האט ער פארביטן אויף א שפאס, האט אנידערגעקניט און תהנונימדיק אויסגעצויגן די הענט, און דאס, וואס ער האט געזאגט, איז געווען אזוי וויציק און שעלמיש, אז ווירגיניא האט לסוף זיך געמוזט צעלאכן. אויך פרוי געסנער איז געווען צעווארימט פון פרייד. — שוין אנדער-

האַלבן שעה מאַטערט עס זיך, דאָס קינד — האָט זי געזאָגט. — דריי מאָל האָב איך איר פֿאָרגעלייגט צו טרעגנגען אַ פּריזירעריז, און זי וויל נישט.

— איך קאָן נישט סובל זיין קיין פֿרעמדע הענט אויף מיר, — האָט ווירגיניאַ צוגעוואָרפֿן נערוועז.

ערווין האָט אָנגעשטעלט אַ מינע פֿון אַ פֿאַכמאַן:

— ווען איר, ווירגיניאַ, וואָלט געוואָלט זיצן צען מינוט רויק, — האָט ער געזאָגט, — וואָלט איך אייך באַפֿרייט פֿון דער זאָרג. ציִ איז דערלויבט? ווייסט איר כאָטש, אַז איך זאָג קיינ־מאָל נישט צו דאָס, וואָס איך קאָן נישט אויספֿירן.

ווירגיניאַ האָט געקוקט אויף אים מיט אומגלויבן. זי האָט מורא־געהאַט, אַז איר קוועקלעניש זאָל נישט אַרויסווייזן זיך פֿלאַך.

— ווען איר דאָס קענען? פֿון וואַנען? — האָט זי געפֿרעגט אַ פֿאַרגאַפֿטע. ערווין האָט געצויגן מיט די אַקסלען.

— נו, פּרוווט זשע, אדרבה, ציִ אייך וועט זיך איינגעבן.

מיט פֿאַרלייגטע הענט האָט פֿרוי געסנער זיך צוגעקוקט, ווי אַזוי ערווין איז צוגעטרעטן צום ווערק, ער האָט געטון ס'זייניקע געשיקט, גיך און מיט גרויס פֿאַרזיכטיקייט. ווירגיניאַ האָט זיך פֿולשטענדיק באַרויקט און זיך פֿאַרטראַכט, פֿון וואַנען עס נעמט זיך צו ערווינען אַזאַ רוטין.

אום פֿיר אַ זייגער האָבן זיי זיך שוין געפֿינען אין פּאַווילִיאָן פֿון פּאַרק, און אין אַ שעה שפּעטער האָט אַ קאַראַהאָד פֿון הים־טאָרישע געשטאַלטן געדרייט דורך די אַלייען. ס'איז געווען צו זען פּאַזשן און ריטער, פּויערן און פּאַראָבקעס, פֿירשטן און ציי־גיינער, ראַט־געבער און מוזיקאַנטן. ווירגיניאַס פֿערדל, אַ רויקס און אַ מולדעם האָט פֿאַרשידענע צושויער געווים דערמאָנט אָן זייערע טאַנצנדיקע יוגנט־אויסברוכן, און ווען די אַמאַזאָנקע האָט געצויגן די לייצעם, ליידנשאַפֿטלעך איינשטילנדיק דעם ברען פֿון אונוואַליד, האָט דאָס ווירקלעך אויסגעזען ווי אַז אומדערשראָקענע קאַסטיליאַנערין וואָלט שטיל געמאַכט אַ שטאָלצן אַראַבער.

— אויסגעצייכנט — האָט די יינגע אַריסטאָקראַטין געמור־מעלט.

אין „כ'פֿאַלק“? דאָס פֿאָלק האָט זיך פֿאַרוואונדערט. ווירגיניאַ געשטאַלט, שלאַנק ווי אַ בזשאָזע, אָנגעטאָן אין אַ קאָסטיום פֿון אַ דאַמע פֿון זעכצעטן יאָרהונדערט, אַ קלייד פֿון מאַלינע־קאָלירטן סאַמעט און אַ הוט פֿון פֿלאַטערנדיקע, ווייסע שטאָרך־פֿעדערן, האָט נישט געטראָגן אויף זיך דעם חותם פֿון מאַסקאַראַד. אין איר איז געווען טיפֿער ראָמאַנטיזם.

אַ טייל פֿון פּאַרק איז געווען אָפּגעטיילט פֿאַר דער פֿירשטינס געסט. ווירגיניאַ איז געזעסן אין קרייז פֿון די יונגע דאַמען און הערן, און וועמענס געשפּרעך זי האָט זיך קנאַפּ באַטייליקט. אין דעם מאָמענט האָט זי באַמערקט די פֿירשטין; זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַקעגן איר. אויך ערווין האָט זיך אויפֿגעשטעלט; ער האָט געקוקט פֿאָראויס אַ נישט דערצידערטער. אינדעם איז נעבן אים אויסגעוואַקסן פֿרעד קינאַסט.

— האָט איר נישט געזען מיין שוועסטער? — האָט ער געפֿרעגט.

— איך האָב נישט געהאַט דאָס פֿאַרגעניגן. איך האָב אַפֿילו נישט געוואוסט, אַז פֿרײַלין צורמילען איז דאָ, — האָט ערווין קאַלט אָפּגעהאַקט.

— זי איז דאָ; איך האָב זיך דערלויבט זי מיטצונעמען אַהערצו, — האָט דער יונגערמאַן געזאָגט, וועגנדיק די ווערטער.— איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב אויף זיך גענומען די פֿליכט צו באַפֿרײַען זי להבא פֿון דעם היראַטס־יאָך. אַלע שרעקן מיר זיך עפּעס פֿאַר אירעטוועגן, זי איז אַזאַ דעליקאַטע. מיר פּלאַנען אויף האַרבסט זי אַרויסצושיקן קיין רימיני.

— אַך, קיין רימיני? — האָט ערווין געענטפֿערט מיט צעשטרייאונג און גלייכגילטיקייט.

— צי האָט אויך איר נישט ברעה געהאַט צו פֿאָרן קיין רימיני? — האָט פֿרעד געפֿרעגט מיט אַן אויפֿגעצוואונגענער האַרציקייט און מיט אַזאַ קנייטש אין די מויל־ווינקלען, וואָס האָבן אויסגעוויזן צופֿאַרהאַלטן אַ דראָונג, — מיר דאַכט, אַז העלענאַ האָט דערמאָנט וועגן דעם.

— איך דערמאָן זיך, אַז כ'האָב זיך אַרומגעטראָגן מיט אַזאַ

פּלאַן. אָבער כ'האָב שוין לאַנג פֿון אים רעזיגנירט.

— אַזוי... אַ שאָד. אָרעמע, זי וועט זיך אַליין לאַנגווײַליקן, אַ שאָד, אָבער איך האָב איר באַלד געזאָגט: עס איז אוממעגלעך, אַז ערווין זאָל פֿאָרן קיין רומיני, אוממעגלעך.

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט. פֿרעד קינאַסט האָט זיך צעלאַכט. ערווין האָט נישט געענטפֿערט אויף דעם געלעכטער. ער האָט צו אים אַ שאָקל־געטון מיטן קאָפּ און זיך דערווײַטערט. ער האָט באַמערקט, אַז די פֿירשטין איז אַוועקגעגאַנגען פֿון ווירגיניאַן און ביידע האָבן זיי זיך צוזאַמען אומגעקערט. איידער ווירגיניאַ האָט זיך דערפֿון אָפּגעגעבן אַ חשבון, האָבן זיי זיך שוין געפֿינען אין לײַדיקן טייל פֿון פּאַרק. דאָס איז איר געווען נישט־ניחאדיק, אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין אויסרייד, כּדי זיך צוריקצוקערן צו די מענטשן.

— כ'וואָלט געוואָלט רייזן, — האָט ערווין געזאָגט — כ'וואָלט אַרויסגעפֿאָרן.

ווירגיניאַ האָט נישט געענטפֿערט. קוקנדיק אויף דער ערד האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי האָט פֿאַרגעסן, ווי ערווין זעט אויס.

— און איר, ווירגיניאַ? — האָט ער שטיל געפֿרעגט. מחמת זי האָט נישט געענטפֿערט, האָט ער ווײַטער גערעדט, און זײַנע ווערטער האָבן זי איבערגעשראָקן, וואָרום זי האָט פֿון דאָסנײַ אין זיי דערקענט די חידושדיקע פֿעיקײַט צו טרעפֿן אירע שטימונגען און פּלענער. — איך ווייס, כ'שטוים זיך אָן, אַז איר בענקט נאָך דאָרפֿישער אײַנזאַמקײַט. די גאַנצע שטאָט ליגט בײַ אײַערע קנעכל, און איר טראַכט וועגן דער שטילקײַט פֿון דאָרפֿישן הײַזל. איר ווילט פֿון זיך אָפּשטויסן די וועלט. וואָס האָט זיך אָנגערקענט פֿאַר אײַער שקלאַף. דאָס וואָלט זיך נוקם געווען, ווירגיניאַ, עס וואָלט זיך ווײַטיקלעך נוקם־געווען. דער גורל טראָגט צוויי מאָל נישט אונטער אַ פֿולן בעכער.

— ווי קאָמיש דאָס איז. — האָט ווירגיניאַ געזאָגט מיט אַן אַראָבגעלאָזענעם בליק.

— וואָס? וואָס איז קאָמיש?

— אַז איר ווייסט וועגן מיר אַלץ. איר זענט ווי אַ שפּיאָן. כ׳האָב שיער נישט מורא פֿאַר זיך גופֿא. ביז איך דען דורכזיכטיק?

— לאָזט זשע צורו די פֿויערישע הייזקע — האָט ערווין אַ זאָג געטאָן נישט קוקנדיק אויף איר. — איך ווייס עפּעס בעסערס.

ער האָט געשילדערט אַ הערלעכע געגנט; אַ טייך, אין טייך אַן אינזל, אויפֿ׳ן אינזל אַ שלאָס און אַרום דעם שלאָס אַ פּאַלמענוועלדל און לאָרבער־גאָרטנס, ביים ברעג טייך אַ לאָדקע מיט אַ פֿענדל, קאַלטע צימערן אינם שלאָס, בלומיגע וועראַנדעס, שטילע דינערשאַפֿט, אין אָוונט פֿאַרווײַלונגען, בעלער און געזאַנגען און איבערשווימען זיך אויפֿן טייך; און שכנות די גרויסע שטאָט לאָמבאַרדיאָ, און דער נאָנט באַרגיקע אײַנזאַמקייט, מאַרמאָרנע אײַזבערג און ווידער אינדער־נאָנט אַ ים.

און אפֿשר איז דאָס נישט געווען קיין פֿאַנטאַזיע? האָט ער דאָס דערציילט? צי אויסגעפּראָבירט? איז דאָס געווען אַ ווירקלעכקייט? האָט ער עס געהאַט און זיין באַזיץ? צי האָט ער געהאַט אַזאַ שלאָס? האָט ער געזאָלט פֿאָרן אַהין? היינט? מאָרגן? און ווירגיניאַ מיט דער מוטער האָבן געזאָלט באַוואוינען דעם שלאָס? און ער וואָלט געוואוינט ביים ברעג פֿון ים, אַליין אין אַ פֿישער־כאַטע?

ווירגיניאַ האָט זיך אויסגעדרייט טרייסלענדיק מיט׳ן קאָפּ, און זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן שטיינערנעם ראַנד פֿון באַסיין, נעבן וועלכן זיי זענען געשטאַנען. ערווין האָט געקוקט אויף איר נאַקן, אויף אירע ווייסע אַקסלען פֿון אַזאַ נאָנטקייט, אַז ער האָט כמעט דערפֿילט דעם וואַרעמען הויך פֿון איר נאַקעטן קערפּער. און עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ס׳קאָן שוין נישט זיין אַנדערש, אַז ער וועט שטענדיק זען איר ווייסע פּלייצע, בלענדיקע אַקסלען, דעם מילדן האַלב־קרייז פֿונם בוזעם.

— נישט לאַנג וועט אַלץ זיך ענדיקן, — האָט ער געזאָגט מיט אַ געדעמפּט און מאָנאָטאָן קול; — איך זע שוין די שעמעוודיקע פֿיר ווענט. ווירגיניאַ וועט חתונה האָבן. ווירגיניאַ וועט אָנקניפּן באַציאונגען מיטן קצב, געוועלבניק, בעקער; ווירגיניאַ וועט פֿירן אַ בוך פֿון די הוילעכע אויסגאַבן, וועט האָבן קינדער,

אײנס, צװײ, דרײַ...

װירגיניע איז גיך אױפֿגעשטאַנען. מיט אומבאַגרענעצטן מוט האָט זי פֿאַרטרונקען דעם בליק אין זײַן בליק און געזאָגט באַפֿעלעריש: — גענוג!

ערװין האָט אױסגעהאַלטן איר בליק, װי אַן איבערגעלײגעטער מענטש. — גענוג? — האָט ער געפֿרעגט מיט אַ פּנים געװינצלט פֿון יסורים. — װאָס פֿאַר אַ װאָרט: גענוג! אַ װאָרט פֿאַר זאַטע. װער ס'זאָגט גענוג, זאָל שטאַרבן. גענוג, דאָס איז דער אױבערדעק פֿון דער טרומנע!

— איר האָט מיר צוגעזאָגט אַזאַ גענוג, — האָט װירגיניאַ פּלוצלינג געענטפֿערט װילד און שרעקזאַם, און מיט פֿעסטקײט צוגעגעבן: — פֿאַר מיר װאָלט עס איבעריגנס װירקלעך געװען גענוג.

ערװין האָט פֿאַרביסן די ליפּן.

— לאָמיר װידער גײן צו מענטשן — האָט װירגיניאַ געזאָגט, רירנדיק זיך די ערשטע. ערװין האָט אָנגעצונדן אַ פּאַפּיראָס, כּדי צו באַהערשן דעם כּעס. אַמאָל װעט דאָך ענדלעך אָנשטײן מײַן שעה? — האָט ער געקלערט מיט האַס; די שעה, אין װעלכער דער מלאך װעט פֿון זײַן הימל אַראָפּפֿאַלן אין מײַנע אָרעמס אַרײַן? און ער האָט זיך באַצײַטנס געגרײט צום אומברחמנותדיקן קאַמף.

װען זײ האָבן פֿאַרלאָזט דאָס אָרט בײַם באַסײן, איז אַרױף אױף דער סטעזשקע אַ פֿרױען-געשטאַלט, װעלכע האָט צושטרײט געקוקט אױף דער לבנה, װאָס האָט דורכגעלױכטן צװישן די זײַלעכלעך פֿון דער באַלוסטראַדע, װאָס טראָגט זיך איבערן װאַסער. דערנאָך האָט זי דאָס פּנים באַהאַלטן אין די הלאָניעס. דאָס איז געװען העלענאַ צורמילען.

— זעט איר די לבנה? — האָט װירגיניאַ געזאָגט צו ערװינען, — זי זעט אױס, װי מ'װאָלט זי געקאָנט קױלערן פֿאַר זיך מיט'ן פֿוס.

— די לבנה איז אַ פּוילע; גאָט האָט געזאָגט צו איר: גענוג, לבנה, גענוג, — האָט ערװין באַמערקט איראָניש, און אין זײַן שטים איז געװען אַזױנס, װאָס האָט אין װירגיניאַן געװעקט

אַ שרעקנס-צימער. אין אַ פּאָר מעג אַרום וועט זיך אַלין ענדיקן, האָט זי זיך געפּרייט אין דער מחשבה.

— אַ שאָד, וואָס מאַנפרעד קאָן אייך היינט נישט זען, — האָט ערווין ווידער אָנגעהויבן. — מיר מוזן עפּעס מאָן פאַר זיינעטוועגן, ס'מוז אים שיקן אייער פאָטאָגראַפיע. איך וועל אייך אָפּפאָטאָגראַפירן אין דער דאָזיקער קליידונג.

— אָך, אויסגעצייכנט, — האָט ווירגיניע אויסגערופן, — אָבער וואו און ווען?

— ביי מיר. איבערמאָרגן וועל איך נאָך אייך שיקן אַן אויטאָ. מאָרגן בין איך באַשעפטיקט. און היינט האָב איך אַן אַוונט-ברויט אין קלוב, און נאָכמיטיק האָב איך געוואָלט גיין צו אולריך צימערמאַן, איך האָב אים שוין נישט געזען איינוקע וואָכן און כ'הער, אַז ער איז קראַנק.

— אולריך איז קראַנק? וואָס איז אים?

— איך ווייס נישט. קומט מיט מיר. אַז ער וועט אייך זען, וועט ער באַלד געזונט. מעגלעך, אַז איר זענט שולדיק אין זיין קראַנקהייט. איר האָט אים שלעכט טראַקטירט און צו-שטרענג באַשטראָפט פאַר איין נאַרישקייט.

— אויב איר אורטיילט, אַז מיין באַזוך וועט אים פאַרשאַפן פאַרגעניגן, וועל איך גערן גיין. אָבער פאַרוואָס רעדט איר לעצטנס אַזוי מאָדנע וועגן אים? איך געדענק שוין נישט ווען, און ביי וועלכע אומשטענדן; דערביי זענען געווען פיל מענטשן. איך האָט גערעדט אַזוי, ווי איר וואָלט אים נישט געקענט. דאָס האָט מיך אויפגערעגט.

— איך האָב נישט ליב זיך צו אַפּישירן מיט מיינע באַציאונגען.

— אַלזאָ, קאָנט איר זיך שטענדיק יעדן אַקעגנשטעלן?

— עס שטעלט זיך נישט אַנטקעגן דער, וועלכער טרעט אַריבער די גרעניץ.

— וואו ס'זענען פאַראַן גרעניצן, דאָרט זענען דאָ פיינט ערווין.

ערווין האָט אויף איר געקוקט אַ פאַרוואונדערטער, ווי

עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז מיט די דאָזיקע ווערטער האָט זי אויף אַן אומווידערשפּרעכלעכן אופֿן איבערגעשטיגן די גרענעץ. ווירגיניאַ האָט אויסגעהאַלטן זיין בליק און פּלוצלינג זיך אָפּגעגאָסן מיט טונקעלען פּורפּור. דאָס שפּיל ווערט ערנסט, האָט ער ווי גערטראַכט.

אולריך צימערמאַן האָט געוואוינט אויף דער קאַך-גאַס, אויפֿ'ן ערשטן שטאָק פֿון אַן אַלט, קליין, גרין הייזל פֿון איטאַליענישן אויסזען. דאָס צימערל פֿון קינסטלער, אַן אָנגענעמס, הגם אַן אָרימס, האָט אַרויסגערופֿן אַ זויבערן איינדרוק. אויף די ווענט האָבן געהאָנגען איייניקע אָריגינעלע סקיצן פֿון דורכשניטלעכע קינסטלער און אַ גרויסע פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון רעמבראַנדס נאַכט-וואַך.

אולריך איז געלעגן אויף דער קאַנאַפּע אַ צוגעדעקטער אַזש ביז צו דער גאָמבע מיט אַ ברוינער פֿלאַנעל-קאָלדרע. ער האָט געהאַט היץ. מיט אַ פֿאַרזויערט פּנים האָט ער געלייענט אַ בריוו, וואָס ער האָט גראָד דערהאַלטן פֿון פֿעטער. מיט אַ וואָך פֿריער האָט ער אים געשיקט אַ באַנד פֿון זיין פּאָעזיע, וואָס ערווין האָט אים דערמעגלעכט צו פֿערעפֿענטלעכן. דאָקטאָר צימערמאַן האָט אים געדאַנקט פֿאַרן בוך און ווייטער געשריבן:

„דיין פּאָעטישע ליידנשאַפֿט ליגט נישט אונטער קיין שום ספֿקות, און הגם דיר פֿעלט עטוואָס אינגערלעכע פֿרייקייט, פֿונדעסטוועגן פֿאַרלייקן איך נישט דעם טאַלאַנט פֿאַר דיין דורך דיר אויסדערוויילטן פֿעלד, דאָס איך האָב פֿריער געטון נישט פֿאַרשטייענדיק דיך און דערמיט באַגאַנגען אַ פֿעלער, וואָס איז דאָך ווערט פֿאַרגעבונג. וואָלסט געווען אין אַ טעות, אויב דו וואָלסט געמיינט, אַז איך באַצי זיך מיט צופֿרידנקייט און גרויסע האָפֿנונגען צו דיין ווייטערדיקער אַרבעט אויף דעם דאָזיקן געביט. נישט אַכטנדיק אויף דער נויט, אויף דעם פֿאַרוואונדעמן שטאָלץ, אויף דער אומפֿאַרשטענדניש, אויף פֿאַרשידענע אומזיסטע שטרעבונגען, מיט וועלכע דו ווערסט מוזן קעמפֿן, און וואָס מיט זייער טעם האָסטו זיך שוין גענוג באַקענט — נישט קוקנדיק אויף

דעם אַלעם פֿעלט דיר, נאָך מײַן פֿעסטער איבערצײַגונג, אײַן
אײַנגנשאַפֿט, אָן װעלכער עס קאָן ניט געמאָלט זײַן אַן אמתדיקער
רום. עס פֿעלט דיר קאָלעקטיװיסטישער חוש; איך װעל
עס ליבערשט אָנרופֿן: געזעלשאַפֿטלעך געפֿיל; דײַנע װערק פֿעלט
װאָרצלען פֿון געזונטן קאָנװענאַנס, אויף װאָס עס שטיצט זיך אַלץ,
װאָס האָט נאָר עפּעס אַװערט, אין דער קונסט װי אין דער װעלט.
אַלע אײַערע פּאָעטן בויען אויף אונטערגעגראָבענעם באָדן, אָדער
הענגען אינגאַנצן אין דער לופֿט, זײ האָבן ניט קײן אָפּשטאַמונג,
קײן גענעאָלאָגיש בוים, זײ האָבן ניט קײן העכערע מיסיע.
אָבער אויך אײַערע אָנהענגער קאָנען ניט, אין זײער אומאָנגענטן
באַװאוסטזײַן, זיך באַפֿרידיקן מיט דער נאַקעטער קונסט און פֿאַר־
משפּטן אויף פֿריצײַטיקן טויט אַלץ, װאָס פּרעטענדירט אויף אומ־
שטערבלעכקײט. דײַן שרעק פֿאַר מײַן געזונט איז, איך האָף צו־
גאָט, דערװײַל ניט באַגרינדעט. זאָל דיר גוט זײַן. נעם צו די
גרוסן פֿון דײַן גוטװינשנדיקן פֿעטער װילהעלם ציִמערמאַן".

פֿון אײנעם פֿון דעם פֿעטערס באַקאַנטע האָט אולריך זיך
דערװאוסט, אַז דאָקטאָר ציִמערמאַן קעמפֿט מיט דעם אָנהויב פֿון
אַ פֿאַרהוילענער אָבער זײער געפֿערלעכער קרענק, און אַז ער װיל
בשום אופֿן ניט לאָזן זיך אונטערזוכן פֿון אַן אַנדערן דאָקטאָר.
די דאָזיקע מיטטײלונג האָט פֿאַראומערט אולריכן. ער האָט
באַשלאָסן אים צו באַזוכן.

װען ער האָט געטראַכט װעגן דעם און זיך אָפּגעשטעלט
איבער דעם װײניק דערפֿרײַענדיקן תּוכן פֿונם בריװ, האָבן זיך
אויף די שטיגן דערהערט טריט. די טיר האָט זיך, נאָך אַ שטאַרקן
קלאַפּן. ראַפּטום געעפֿנט און ערװין האָט אַרײַנגעשטעלט דעם קאָפּ
דורך דער עפֿענונג.

— איז דערלויבט?

— נאַטירלעך.

— אָבער דאָ איז נאָך עמיצער פֿאַראַן.

— װער איז עס?

— פֿרײַלײַן װירגיניאַ.

אולריך האָט זיך אויפֿגעכאַפּט. אויף דעם האָט ער זיך גאָר־

ניִשט געריכט. ווירגיניאַ איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל, דערנאָכדעם איז זי אַריין אין צימער און אים דערלאַנגט די האַנט.

אולריך האָט געהאַט אַ טבע צו רעדן וועגן דעם, וואָס עס האָט אים געגעבענעם מאָמענט באַשעפטיקט זיין געדאַנק. ער האָט ערווינען געגעבן דעם פעטערס בריוו.

ווירגיניאַ האָט נאַכלעסיק איבערגעוואָרפן די ביכער, וואָס זענען געלעגן אויפן טיש. אויף איינעם, וואָס זי האָט געעפנט, האָט זי אויף דעם שער־בלאַט באַמערקט אויפגעשריבן מיט אולריכס האַנט איר נאָמען.

— צי זאָל דאָס מיר געהערן? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, דאָס געהערט אייך.

— דאָ איז אויך אַ בילדל. צי דאַרף אויך דאָס מיר געהערן?

— אויב איר וועט עס באַווילִיקן צוצונעמען, דאַן ביטע. דאָס איז אַן אַלטער שטיך פון האָלביינס טויטן־טאַנץ. איך האָב אים שטאַרק ליב און האָב שוין לאַנג ברעה געהאַט אים אייך צו שענקען.

ווירגיניאַ האָט דערזען אַ שיין, יינג מיידל, אויף וועלכער דער טויט מיט אַ קאָסע האָט געשטשירעט די ציין. אונטער דעם איז געווען אַ צושריפט: כלה. אין פאַרטראַכטקייט האָט ווירגיניאַ געקוקט אויף דעם בילד. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די לינקע האַנט און ס'שירעמל איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער פאָדלאָגע. ערווין, וועלכער האָט ניִשט דורכגעלאָזט קיין איין וואָרט פון זייער געשפרעך, האָט העפלעך זיך אָנגעבויגן און אויפהויבנדיק דאָס שירעמל, האָט ער דורך ווירגיניאַס אַקסל אַ קוק געטון אויפן בילדל. פון אונטער זיינע שיינע וויעס איז געפלויגן צו אולריך צימערמאַנס זייט אַ פאַרשנדיקער בליק.

— וואָס זאָגט איר צו דעם בריוו? — האָט אולריך אים געפרעגט אַ געכאַפּטן אויף דער הייסער מינוט.

— אייער פעטער איז אַ קלוגער מענטש, — האָט ערווין געענטפערט, — אָבער וואָס ווילט איר, עס איז דאָך באַוואוסט: אַן אומריין געוויסן באַשאַפט מאָראַליסטן, און אַ פרוכטלאָזע גייסט געבוירט קריטיק.

אולריך צימערמאַן האָט געקוקט אין חלל אַרײַן. ער האָט געזען נאָר ווירגיניאַן. ער האָט געזען ניט זי אַליין, נאָר איר אָפּשײַן, וואָס באַוועגט זיך אין דער לופֿט, ניין, עפּעס האָט אין אים גערעדט, דאָס קאָן ניט זײַן, דאָס קאָן ניט זײַן! אַ קראַנץ אויף דער שלייף קאָן ניט זאָגן ליגן.

מ'דאַרף מאַכן זײַן איינזאַם — האָט ער זיך אַרײַנגעלאָזט אין רעיונות נאָכן אַוועקגיין פֿון די געסט; וואו זשע בין איך? וואו לעב איך? צי לעב איך אין מײַן געבוים? געטרײַ דער אײַנגעבוירענער קראַפֿט? קאָן איך דען קעגנשטעלן דער אומדערבאַרמלעכער פֿאַרשווינדנקער צײַט גענוגנדע באַשטעטיקונגען, וואָס וועלן בײַשטיין „אַמאָל", ווען די איצטיקע קעגנוואַרט וועט זײַן אַ מיט פֿאַר די אייניקלעך? און די גאַנצע בענקשאַפֿט נאָך רום, וואו? און אַלע פּלענער, וואו? און אַלע טרוימען וועגן אומשטערבלעכקײַט, וואו?

— אַ דאַמע וואַרט אויף דיר אין צימער, — האָט פֿרוי געסנער אַרויסגעמורמלט, ווען ווירגיניאַ איז אַהיימגעקומען. עס איז געווען העלענאַ צורמילען.

צו וואָס זי איז געקומען אַהערצו? אינדער־אמתן האָט איר אַהערגעבראַכט פֿאַרצווייפֿלונג. אַ רײַ ניט דערשלאָפֿענע נעכט כאָגען פֿאַרטונקלען די אָנרעגונג פֿון וועלכן־ס'איז באַשלוס. העלענאַ האָט ניט געוואָלט אַליין זיך נאָכגעבן, אַז דער גורל איז אומווידערופֿלעך. עס איז געקומען אַזוי פּלוצלינג, אָן ווערטער, אָן פֿאַרבערייטונגען, פּונקט ווי אין אַ זומער־אָוונט פֿאַלט אַרויס שניי. די זון האָט זיך אָפּגעקערט פֿון איר, עס איז געווען פֿינסטער און קאַלט. עפּעס האָט איר געטריבן אַהין, וואו די זון האָט געלויכטן. זי האָט געוואָלט זען די, אויף וועלכער עס זענען געפֿאַלן די זון־שטראַלן. אָן קנאה, האָט זי געאורטיילט. העלענאַ איז געווען אין אַזאַ שטימונג, אַז זי איז געווען מסוגל פֿאַר זיך גופֿא צו פֿאַרלייקענען די געקינצלטע רעזיגנאַציע. אין איר געמאַכטער איידלקייט האָט זי זיך געטראַכט: אויב זי איז גליקלעך און אים מאַכט דאָס גליקלעך, וועל איך זײַן צופֿרידן.

זי האָט געמיינט, אַז זי וועט פֿאַרגעסן וועגן איר ליידן. אויב זי וועט פֿאַרזיכערן ווירגיניאַן דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט פֿאַרזיכערן ערווינגען: איך זאָג זיך אָפּ. דער געדאַנק, אַז אַן אַנדערע, שענערע, ווירדיקערע, שטאַרקערע, האָט פֿאַרנומען איר אָרט, האָט זי דערפֿרייט, אָדער, ווייניקסטנס, העלענאַ האָט זיך איינגערעדט, אַז איר פֿרייט אָט דער געדאַנק. דאָס אַלצדינג איז געווען אַזוי פֿאַרדרייט און אומרירלטיק, פּונקט ווי רירנד און אָן אויסוועג.

העלענאַ האָט גענענט צו ווירגיניאַן און אָנגענומען איר האַנט.

— איך פֿאַרשטיי אַלץ, — האָט זי געזאָגט, — איך פֿאַרשטיי אייך און אים. האַלט מיר נישט פֿאַר אומגוט, וואָס איך מאַך אויף אַזאַ אופֿן אַן איבערפֿאַל אויף אייך; כ'ווייס, אַז מיין שריט איז אַן אומגעווייגטלעכער, אָבער דאָס איז פֿאַר מיר דער איינציקער אויסגאַנג, כּדי אויסצופֿילן די ליידיקייט, וואָס איז איצט אין מיר. איך מוז אויסהאַלטן, הגם איך בין ווי אַ קאַליקע, וועלכער מ'האָט צוגענומען די קוליע. איר דאַרפֿט נישט קיין קוליע, איך זע עס, אייך וועט דעריבער זיין גרינגער צו געפֿינען דאָס גליק אין אייך, איידער אין מיר.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. ווירגיניאַ האָט נישט געוואוסט וואָס צו טראַכטן. זי איז געווען צומישט און אין דער העכסטער מאָס פֿאַרחידושט.

— צי קאָן איך פֿרעגן, גנעדיגע פֿרוי, וועגן וואָס איר רעדט אייגנטלעך? — האָט זי העפֿלעך געזאָגט.

אַ ווייַלע האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז פֿון העלענאַס אויגן שפּריצט אַ בליץ פֿון האַס. פֿאַרוואָס חוזקט זי פֿון מיר, איז איר אַדורכגעלאָפֿן אין רעיון. זי האָט זיך אָבער גיך באַהערשט און געזאָגט מיט אַ מילד, געדעמפּט און גוטמוטיק שמייכעלע:

— אַך, איך פֿאַרשטיי, אַז איר ווילט זיך פֿאַר מיר נישט מתודה־זיין. אָבער ווער בין איך, און וואָס קאָנט איר זיך שרעקן? איך האָב אים אַוועקגעגעבן אַלץ: די ערע, דאָס האַרץ, ס'לעבן, די צוקונפֿט, דאָס קינד און דעם מאַן, אַלץ האָב איך אים אָפּגעגעבן, פֿאַר אים האָב איך אַלץ צעטרעטן, און מיט פֿרייד — איך

מעגט מיר באמת גלייבן. איך בין געוואָרן אַ שאָטן, זיין שאָטן. אַזוינס דאַרף מען נישט טון, דאָס איז שוין צופֿיל, פֿאַר אַזאַ גורל האָב איך אייך געוואָלט וואָרענען. היט זיך, איר זאָלט נישט ווערן זיין שאָטן.

ענדלעך האָט ווירגיניאַ פֿאַרשטאַנען. פּלוצלינג האָט אַ בלייכקייט פֿאַרצויגן איר פּנים. זי איז נישט געווען ביכולת אַ וואָרט אויסצורעדן.

— איך האָב געהאָפֿט מיט אים צו פֿאַרברענגען נאָך דעם היינטיקן זומער, — האָט העלענאַ געצויגן ווייטיקלעך, אין אַ האָפֿענונגס־טאָן, גלייך דער דאָזיקער פֿאַקט וואָלט געקאָנט רירן ווירגיניאַן און זי באַוועגן אָפּצוזאָגן זיך פֿון אירע פּרעטענזיעס אויף ערווינען, — אָבער נעכטן האָט ער מיר געשריבן, אַז ער קאָן נישט, אַז עפּעס שטערט אים. — זי האָט פֿרעגנד געקוקט אויף ווירגיניאַן און אירע ליפּן האָבן געציטערט. זי האָט אָנגעהויבן פֿילן איר שפּלדיקע לאַגע, איז דערשראָקן געוואָרן פֿון ווירגיניאַס בלייכקייט.

— איר זענט זיך שטאַרק טועה, — האָט ווירגיניאַ שטיל געזאָגט מיט סימנים פֿון ניכּרדיקן אומווילן, — געוויס איז אייך נישט באַוואוסט, אַז איך בין פֿאַרלאָבט, און אַז מיין חתן געפֿינט זיך ציטווייליק אויף דער ריזע. איך פֿיל זיך נישט פֿאַרפֿליכטעט אייך דאָס אויפֿצוקלערן, נאָר אויב איר זענט חושד אין אַ פֿאַרבאָרגענעם צונויפֿרייד צווישן מיר און דעם הער דאָקטאָר ריינער, איז דאָס אייער זאַך. איך מוז אייך נאָר בעטן מיר איינצושפּאָרן אַזעלכע באַליידיקונגען.

נאָך די דאָזיקע ווערטער, וואָס זייער צאָרניקייט און פֿאַראַכטונג האָבן צוגעגעבן עטוואָס פּאַטעטישעס, איז העלענאַס פּנים מאָדנע פֿאַרענדערט געוואָרן. די נישט־באַהאַלטענע בייזקייט ווירגיניאַס, דאָס דערמאָנען וועגן אומצערייסבאַרע קניפּען, וואָס בינדן זי צו אַן אַנדערן, האָבן פֿאַר איר די גאַנצע זאַך אַנטפּלעקט אין אַ נייעם ליכט. ווען איר אייפֿערזוכט האָט אינדעם פֿאַרלוירן דעם דערצו נויטיקן אָביעקט, האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז זי האָט שוין לאַנג פֿאַרשפּילט, אַז אירע טענות זענען קיינמאָל נישט אינ־

גאַנצן גערעכט געווען.

זי האָט דערשפּירט אַ באַדערפֿעניש צו שלאָפֿן. אַזעלכע האָב איך געדאַרפֿט זײַן — האָט זי געטראַכט — קוקנדיק אויף ווירגיניאַן, אַ שטאָלצע, שטאַרקע און פֿרײַע.

מיט אַ קוים־הערבאַרער שטים האָט זי געבעטן אַנטשולדיקונג. ווירגיניאַ האָט נישט געענטפֿערט. אַן אומגערנע באַוועגונג האָט פֿאַרראַטן איר אומדרײַסטן ווילן צו דערלאַנגען ווירגיניאַן די האַנט. אַ שווײַגנדיקע האָט ווירגיניאַ זי צוגעפֿירט צו דער טיר.

העלענאַ האָט זיך געזעגנט פּונקט אַזוי, ווי זי וואָלט געווען בײַ אַן אומבאַקאַנטער פֿרוי זיך נאָכפֿרעגן וועגן די מעלות פֿון אַ דינסט. זי איז געגאַנגען דורך גאַסן, זי איז געגאַנגען אָן ציל. עס האָט געגאָסן אַ רעגן, אָבער זי האָט אַפֿילו נישט געעפֿנט דאָס שירעמל. טײַלמאָל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר די שױ־פֿענצטער, נישט כּדי עפּעס צו באַקוקן, נאָר צו קאָנען בעסער קאָנצענטרירן די געדאַנקען.

אויב די דאָזיקע ווירגיניאַ איז נישט זײַן געליבטע, — האָט זי געקלערט — איז דאָך פֿאַר מיר נאָך גאָרנישט פֿאַרלוירן. דאָס אַלץ איז דאָך בלויז מײַנע אַן אילוזיע. און זי האָט פּלוצלינג באַגערט צו זען ערווינען, צו רעדן מיט אים.

זי האָט באַשלאָסן צו גיין צו אים. ס'איז שוין געווען אָוונט. זי איז אַרײַן אין אַ געוועלב און טעלעפֿאָנירט אַהיים, כּדי געוואָר צו ווערן, צי דאָס קינד שלאָפֿט. איר מאַן איז אויף אײניקע טעג אַרויסגעפֿאָרן קיין טשעכיען. אַרום האַלב צען איז זי אַרויסגעפֿאָרן קיין פּעצלײַנסדאָרף. איר ברוסט איז געווען פֿול נײַע האָפֿענונגען.

— איך בעט מיך אָנמעלדן, כ'מוז תּיכּף רעדן מיטן הער דאָקטאָר רײַנער, — האָט זי געזאָגט מיט אַ ווײַכער שטים צו ווײַכטלען.

דער דינער האָט אויפֿגעהויבן די ברעמען, אַ רגע זיך פֿאַרקווענקלט און דערנאָך איז ער פֿאַרשוווּנדן אין דעם עס־צימער. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט אַ פֿאַרדאַגהטער מינע און געזאָגט:

— זײַן דורכלױכט באַדױערט שטאַרק, װאָס ער קאָן אײַך נישט אױפֿנעמען, און בעט אום אַנטשולדיקונג.

העלענאַ איז אױפֿגעציטערט געװאָרן.

— צי האָט איר אים געזאָגט, אַז דאָס בין איך? — האָט זי געפֿרעגט מיט פֿאַראַכטונג.

— געװיס.

העלענאַ איז טױט=בלאַס געװאָרן. נאָר די געװאַלטיקע אָנשטרענגונג, װאָס זי האָט געברױכט, כּדי דעם דאַזיקן מענטש נישט צו לאָזן דערקענען דעם רושם, װאָס זײַנע װערטער האָבן געמאַכט, — האָט זי פֿאַרהיטן פֿון חלשות. אונטער דער טיר פֿונעם=צימער האָט זי געהערט פֿרײלעכע שטימען. אינדעם איז איר באַפֿאַלן אַ צעטומלונג, עפּעס אַ פֿאַרצװײפֿלונגס=שגעון, װאָס װײסט נישט פֿון קײן מורא, װאָס פֿאַרגעסט נישט װעגן אַלדי הנחות פֿאַר זיך. זי איז צוגעשפּרונגען צו דער טיר, זי צעפּראַלט, און פּונקט װי אַ װאַמפּירישע דערשײַנונג איז זי אַרײַן אין צימער, אין װעלכן ערװין איז געזעסן בײַם טיש מיט דרײַ הערן. ערװין האָט זיך געפֿונען גלײַך קעגנאיבער דער טיר. ער האָט אַנידערגעשטעלט נעבן טעלער דאָס גלעזל װײַן, װאָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט, און אױפֿגעשטעלט זיך. פּונקט אַזױ לאַנגזאַם, װי ער האָט אַװעקגעשטעלט דעם בעכער, איז פֿאַרשװאונדן דער שמײכל פֿון זײַן פּנים. פּלוצלינג איז אײַנגעטרעטן אַ שטילקײט. די געסט האָבן פֿאַרװאונדערטע געקוקט אױף דער יונגער פֿרױ. ערװין האָט זיך תּיכּף באַהערשט, איז צוגעגאַנגען צו העלענאַן און געזאָגט העפֿלעך מיט אַ באַשײַנפּערלעכער פֿאַרזאָרגטקײט:

— דאָס זענט איר, מאַדאַם? איך האָב װעגן דעם קײן אַנונג נישט געהאַט! װאָס איז געשען? צי קאָן איך אײַך בעטן אין צװײטן צימער אַרײַן?

ער האָט איבערגעבעטן די געסט, געעפֿנט די טיר צום לינקן פֿליגל פֿון הױז און אַדורכגעלאָזט העלענאַן, װעלכע איז געגאַנגען מיט האַלב=פֿאַרשלאָסענע אױגן. זײ האָבן זיך פֿאַרהאַלטן ערשט אינעם לעצטן, קלײנעם חדרל. דאָ איז געװען פֿינסטער. ערװין האָט אָנגעצונדן ליכט און פֿאַרמאַכט די טיר.

— זאָל עס זײַן אמת? דו האָבסט נישט געוואוסט, אַז איך האָב געוואָלט מיט דיר רעדן? — האָט העלענאַ געפֿרעגט אָן אָטעם, מיט אַ קול, וואָס איז שוין גרייט־געווען צו תחנונימדיקן איבערבעטן.

ערווין האָט געקוקט אַריבער איר.

— איך האָב געוואוסט, — האָט ער געזאָגט הויך און שטאַרק.

דערנאָך האָט ער געקוקט אין העלענאַס פּנים, וואָס האָט זיך פּלוצלינג געלאָשן; ער האָט זיך געזעצט אויף דער שטול און פֿאַר־קרייצט די הענט אויף דער ברוסט.

העלענאַ האָט אים געקוקט אין פּנים אַרײַן. דאָס איז געווען אַן אַנדער פּנים, אַ געזיכט, וואָס קיינמאָל ביז אַהער האָט זי אַזוינס נישט געזען, וואָס זי האָט נישט געקענט, און פֿאַר וועלכן עס האָט איר אַרומגעכאַפּט אַ פּחד; אַ פּנים, אין וועלכן ס'איז שוין נישט געווען קיין פֿונק פֿילבאַרקייט, מילדקייט, מעגלעכקייט, אויפֿ־ריכטיקייט; אַ קאַלט, שטיינערן־גלײַכגילטיק און דערבאַרמונגסלאָז פּנים; אַ שרעקלעך פּנים.

העלענאַ האָט געפֿילט, איר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס האַרץ שטאַרבט איר אָפּ. זי האָט זיך געמוזט פֿון אים אָפּקערן. איר האָט געוואונדערט, וואָס זי קאָן סובל זײַן דעם אָנבליק פֿון דאָזיקן געזיכט, נישט שרײַענדיק, ווי מען שרייט, ווען מ'זעט דעם שרעקזאַמען קאָפּ פֿון אַ מאַדוזע. זי האָט זיך געוואונדערט, ווען זי איז אַרויס פֿון צימער און צוגעקומען צום וועסטיבול. בײַ די אַרויסגאַנגס־טירן האָט ער זי דעריאָגט, עפּעס געשעפּטשעט. וואָס ער האָט געמורמלט, האָט זי נישט פֿאַרשטאַנען, און ער האָט זי פֿאַרלאָזט מיט אַ העפֿלעכן פֿאַרנייגן זיך.

זי איז געקומען אַהיים, וואונדערנדיק זיך, וואָס אַלץ איז נאָך געווען ווי נאָכמיטיק. זי האָט אויסגעטאָן דעם קאַפּעלוש, גע־לייגט זיך אויף דער קאַנאַפּע, איז געלעגן אַ סך שעהן, און ווען ס'איז טאָג געוואָרן, האָט זי זיך געוואונדערט דערויף. איז אויפֿ־געשטאַנען, צוגעגאַנגען צום ביוראָ, צונויפֿגענומען אַלע בריוו און נאָטיצן, וואָס האָבן זי געקאָנט פֿאַרראַטן, זיי אַרײַנגעוואָרפֿן אין אויוון און פֿאַרברענט. נאָכדעם איז זי אַרײַן אין באָד־צימער,

אַרײַנגעלאָזט אין װאַנע װאַרעם װאַסער. און אײדער זי האָט זיך אױסגעטאָן, איז זי צוגעגאַנגען צום פֿענסטער, װאָס גײט אַרױס צום הױף. זי האָט געקוקט אין דער טונקעניש. נאָך דער באָד האָט זי זיך צוליטשיק אָנגעטאָן, פֿלײַסיק זיך צוגעקאַמט, װי זי װאָלט זיך געקליבן צו גײן אין טעאַטער אַרײַן. דערנאָכדעם איז זי אַרײַן אין צימער צום קינד, װאָס איז נאָך געשלאָפֿן, און עס געקושט אין שטערן. אַז זי האָט זיך װידער געפֿונען בײַם פֿענס-טער אונגב באָד-צימער, זענען אַ פּאָר װרובלעס איבערגעפֿלױגן אױפֿן פֿאָן פֿון הימל. פֿון אַ קיך אױפֿן אונטערשטן שטאָק האָט זיך געהערט דער קלאַנג פֿון געשיר, און דערױף האָט געקלונגען אַן עלעקטריש גלעקל. מאָרגן װעט זײַן פּונקט אַזױ, האָט זי גע-טראַכט, אױך איבערמאָרגן אַזױ, מעגלעך נאָך אין הונדערט יאָר אַרום אַזױ. מיט שװערקײט האָט זי זיך אַנידערגעזעצט אױפֿן שמאָלן גזימס, געחידושט זיך, אַז זי װיל טאָן אַזױנס, װעגן װאָס זי איז אַזױ אַנטשלאָסן און מוטיק. זי האָט נאָך ניט געגלױבט, אַז זי װעט דאָס טאָן; אירע גרױסע קינדערישע אױגן האָבן נאָכ-אַמאָל אַ לױכט-געטאָן לײדנשאַפֿטלעך און לעבעדיק. אין דעם מאָמענט האָט זי אין חלל געזען דאָס דאָזיקע פּנים, יענץ אַנדערע פּנים. זי האָט אַראָפּגעלאָזן די הענט, און אָן קלאַנג איז זי געפֿאַלן אין עפּעס אומבאַשרײַבלעך װײכס און פֿאַרגעניגנדיקס. זי האָט דערזען פֿון שרעק אַרױסגעטאַרטשעטע אױגן פֿון אַ קעלנער בײַם פֿענסטער. און איר לעצטער געדאַנק איז געװען: איך האָף, טאַ כ'װעל ניט ליגן אומגעשיקט, װען מענטשן װעלן אָנקומען.

# די רייזע און דער צוריקקער

עס איז געווען אַ הייסער טאָג. פֿרוי געסנער האָט פֿון באַגינען אָן צעעפֿנט אַלע טירן און פֿענסטער, אָבער די לופֿט איז געווען אַ שווערע און אַ געדיכטע, און האָט זיך נישט באַוועגט.

— ווען וועלן מיר פֿאָרן אויפֿן דאָרף, גינאַ? — האָט פֿרוי געסנער געפֿרעגט. ווירגיניאַ האָט געקוקט פֿאָרויס אַ נישט־אַנטשלאָסענע. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי וואָלט פֿאַר דעם זיך געמוזט נאָכאַמאָל באַראַטן מיט ערווינען, הגם זי איז געווען איבערצייגט, אַז זיין עצה איז איר נישט נייטיק. זי האָט שוין לאַנג געוואוסט, אַז ערווין איז נישט צופֿרידן פֿון איר פּלאַן. נאָר פֿונדעסטוועגן האָט זי זיך נישט געקאָנט די דעה געבן־צו.

אומאויפֿהערלעך האָבן אויף איר גערוט העלענאַס אויגן, זי האָט געזען איר געשיקטע געשטאַלט, די שמאָלע, עטוואָס געבויגענע אַקסלען. זי האָט זיך נישט געקאָנט באַפֿרייען פֿון דעם איינדרוק, אַז פֿאַר אים צעברעכן זיך אַזוי פֿרויען, דערשלאָגענע, רעזיגנירטע. וויסן וועגן דעם, הערן וועגן דעם, איז נישט דאָס זעלביקע, ווי זען דאָס און עס איבערלעבן.

וואָסער פֿאַרשלאָפֿנקייט האָט די זון געוועקט אין אירע גלידער! דאָס היינטיקע יאָר האָט איר פֿאַרענדערט. און איר האָט געלעבט אַ באַדערפֿעניש, וואָס איז טיילמאָל איבערגעגאַנגען אין אַ פֿאַרטומלענדע בענקעניש. ווען זי האָט זיך דאַמאָלס אויסבאַהאַלטן פֿון מענטשן, איז איר בלויז פֿאַרשטאַרט געוואָרן אין אומבאַגרייפֿלעכער פֿאַרביסנקייט, און די וויעס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פֿאַר פֿאַרבלענדונגען. עפּעס האָט זיך אין איר צעעפֿנט. אַ וועג, דורך וועלכן זי האָט נישט געוואָלט גיין, אויף וועלכן זי

װאָלט קײנמאָל ניט געגאַנגען, האָט פֿאַרפֿירעריש געבלענדט.
דער טריט איז געװאָרן לאַנגזאַמער, די ברוסט מער אומרויִק,
און פֿון די ריפּן אַזש ביזן האַלז אַרויף, האָט זיך געטראָגן אַזאַ
װאָרעמלעכער בלאָז, װאָס האָט דערלויבט אַרויסצופֿילן די קאָנ-
טורן פֿון לײַב און האָט אָפּגעװענדעט דעם שעמעװדיקן בליק פֿון
דער װעלט.

נאָך קײנמאָל זענען ניט געװען אַזעלכע נעכט, װי הײַ-
יאָר. די לבנה איז געשטאַנען אױפֿן הימל װי אַ שיסל מיט
פֿײַער; ס'האָט אױסגעזען, אַז מ'קאָן גרינג צו איר דערגרייכן מיט
דער האַנט. פֿון װײַטע װאָלקנס זענען געפֿאַלן שטילע בליצן.
װירגיניאַ האָט שוין ניט געפֿילט יענע רויִע שרעק, מיט װעלכע
זי האָט ביז אַהער געדאַנקלעך זיך באַצויגן צו מאַנפֿרעדס ליב-
שאַפֿט. זי האָט אים באַהאַלטענערהייט גערופֿן, האָט באַגערט
זײַן נאָנטקײט, האָט געװאָלט, אַז זײַנע אָרעמס זאָלן זי אַרומ-
קלאַמערן, אָבער אײַנצײַטיק איז זי אַפּגעגאַנגען געװאָרן מיט אַ הויז
און ס'איז איר פֿאַרגלייװערט געװאָרן דאָס באַװאוסטזײַן פֿון דער
פֿאַרלאָזנקײט אירער.

נאָכמיטיק האָט זי זיך אַפּיסל צוגעלעגט. זי געדענקט ניט,
צי זי איז געשלאָפֿן, אָבער ניט קוקנדיק דערויף האָט זיך איר
געחלומט. זי האָט געזען װאונדערבאַרע זאַכן. זי איז געשטאַנען
אין װעסטיבול פֿון ערװינגס הויז און דורך דער אָפֿענער טיר אַרײַנ-
געקוקט אין צימער, װאָס האָט אַן אַרויסבליק צום גאָרטן. אין
דעם דאָזיקן צימער האָט זי דערזען אַלט אָדער צען יונגע מיידלעך,
אָנגעטון אין קליידער פֿון דינע געװעבן, דורך װעלכע עס האָט
דורכגעלויכטן זייער הויט. די דאָזיקע קליידער האָבן געמיניעט
פֿון פֿאַרבן, װי בלומען. אָבער װאָס דער עיקר איז: אַלע מייד-
לעך האָבן אויף די פּנימער געטראָגן שװאַרצע שלייערן און האָבן
צװישן זיך ניט גערעדט. אײנע איז געזעסן בײַם פֿאָרטעפּיאַן
און געשפּילט אַ מענועט, די איבעריקע האָבן שטיל זיך באַװױגן
אונטער די זעלער, און אין זייער גאַנג װי אין די באַװעגונגען,
איז געװען עפּעס צויבעריש פֿאַרפֿירעריש, װאָס האָט װיר-
גיניאַן אױסגעװיזן מאָוס. װען זי האָט זיך דערװײַטערט פֿון זיי

איז זי אַרײַן אין עפּעס אַ דירה, אין וועלכער זי איז נאָך נישט
געווען. אַרומקוקנדיק זיך, האָט זי דערזען אַ פֿרוי ליגן אויף
אַ שוואַרצער חיהשער פֿעל. זי האַלט אין די אָרעמס אַן אומגעווײנטלעך
שײן ייִנגעל. דאָס ייִנגל האָט געקאָנט אַלט זײַן צוועלף
יאָר, זײַן פּנים האָט געשטראַלט און די אויגן זענען געווען פֿאַרפֿירנד
ענלעך צו די אויגן פֿון העלענאַ צורמילען. די פֿרוי האָט
זיך אויסגעשמײכלט צו אים, אָבער ער איז געווען בלאַס און
פֿאַרטראַכט.

דאָס פּײַנלעכסטע אין דעם חלום איז געווען דאָס, וואָס די
בילדער און געשטאַלטן זענען נישט אַנטשטאַנען פֿון זיך אַלײן,
נאָר האָבן אויסגעזען צו זײַן אַרויסגערופֿן דורך ערווינען, וועלכער
האָט זיי ווי אַן אומגעזעענער כּשוף־מאַכער, אַנטוויקלט און
דורכגעפֿירט פֿאַר ווירגיניאַס אויגן. ווירגיניאַס ווידערשטאַנד
האָט דאָ גאָרנישט פּועל געווען.

אום פֿינף אַ זייגער, ווען ערווינס שאָפֿער האָט געמאָלדן, אַז
דער אויטאָמאָביל וואַרט, איז ווירגיניאַ שוין געווען גרייט. זי
איז געווען אָנגעטאָן אין אַ קאָסטיום פֿון אַ מיטלאַלטערלעכע אַדלפֿרוי.
אַזוי האָט זי זיך געזאָלט אָפּפֿאָטאָגראַפֿירן. אָבער ערווין
האָט מיטגעשיקט אַ בריוול בעטנדיק, אַז זי זאָל אים הײַנט באַפֿרײַען
פֿון דער פֿליכט, נאָר חוץ מזה זאָל זי קומען, מחמת ער
וויל זיך מיט איר זען, עס האָט פּאַסירט אַן אומגליק. ווירגיניאַ
האָט זיך גיך איבערגעטאָן.

אין וועסטיבול פֿון ערווינס הויז זענען געשטאַנען גרויסע
מעשענע וואַזעס, פֿון וועלכע עס האָבן זיך אויסגעבויגן ווײַסע
ליליען אויף לאַנגע שטענגלעך. אַז ווירגיניאַ איז אַרײַן אין דער
ביבליאָטעק, האָט זי אין־דער־מיט צימער געזען אַ ריזיקע פֿאַרצעלײַ־וואַזע
פֿול מיט ווײַסע רויזן.

זי האָט זיך געוואונדערט, למאי ערווין איז איר נישט אַנטקעגן
געקומען, זי האָט אָבער באַלד באַמערקט, אַז ער איז געלעגן
אויף דער קאַנאַפּע. אויפֿן אַנבליק פֿון זײַן פּנים האָט
ווירגיניאַ אַ צאַפּל־געטאָן. ס'געזיכט איז געווען גראָ ווי אַש.

— צו גאָט, וואָס איז אײַך געשען, ערווין? — האָט זי גע־

פֿרעגט אַ דערשראָקענע. זי האָט זיך גענענט צו אים, און היוט פֿון מיטגעפֿיל האָט זי אַנידערגעקניט פֿאַר אים און מיט אַ פֿול־באַרע שטים איבערגעחזרט די פֿראַגע.

די שטים! האָט ערווין געטראַכט אַן ענטציקטער, אַ געריר־טער, אַ באַרוישטער פֿון ווירגיניאַס נאָענטקייט, די שטים! זי ברומט ווי אַ וויאָלאָנטשעל. ער האָט זי שיער־נישט אַרומגעכאַפּט מיט זיינע אָרעמס, אָבער — עס איז צו פֿריצייטיק! די פֿאָרזיכטיקייט האָט אים געוואָרנט: צו פֿרי!

— העלענאַ צורמילען האָט זיך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון דריטן שטאָק און איז דערהרגעט געוואָרן, — האָט ער געזאָגט מיט אַ טויטער שטים און איז ווידער פֿאַרזונקען אין שווערע רעיונות.

ווירגיניאַ האָט צוזאַמענגעפּלאַטשן די ציטערנדיקע פֿינגער און זיצנדיק אויפֿ'ן שטול, האָט זי געקוקט פֿאַרויס מיט פֿאַרטרערטע אויגן. זי האָט דערשפּירט אַ ווייטיק אין האַרץ, פֿאַר וואָס זי האָט פֿון זיך אַרויסגעלאָזט די דאָזיקע אומגליקלעכע פֿרוי אָן אַ וואָרט פֿאַרשטענדניש, גלייך ווי זי וואָלט זי פֿאַראַכטעט. און דאָס איז זי באַגאַנגען, זי, די זעלביקע ווירגיניאַ, וועלכע האָט געהאַט אַזעלכע חלומות! ערווין האָט צו איר אויסגעשטרעקט די האַנט, פּונקט ווי ער וואָלט וועלן אַן אָנשפּאַר. זי האָט געהאַלטן, אַז זי וועט באַגיין אַ זינד, אויב זי וועט אים נישט דערלאַנגען די האַנט. און דערנאָך האָט זי שוין נישט געוואוסט, ווי אַזוי דאָס איז געשען. ערווין האָט געהאַלטן איר האַנט, זי — זיינע, פּונקט ווי זי וואָלט געדאַרפֿט פֿאַר איר שוואַכקייט אַ באַשיצונג, פֿאַר איר מענטשלעכן פֿעלער אַ פֿאַרגעבונגס־וואָרט, אַ פּתרון צו איר חלום.

פּלוצלינג האָט זי מיט אַ ציטער און דערוועקטן באַוואוסטזיין צוריקגעצויגן די האַנט. מאַשינאַל האָט זי אַ קוק געטאָן אויף דער דלאָניע, וועלכע ערווין האָט געהאַלטן; ער האָט ממש אויסגעגלעט איטלעכן פֿינגער באַזונדער. קיין שום האַנט האָט איר קיינמאָל נישט אויסגעוויזן צו זיין אַזוי נאַקעט, ווי זיינע. אַזאַ געפֿיל האָט זי קיינמאָל נאָך נישט איבערגעלעבט. און די דאָזיקע טויטע פֿרוי מיט דעם צעשמעטערטן קערפּער האָט זי פֿאַר דין

אויגן!

ווירגיניאַ איז אויפגעשטאַנען אַ דערשלאָגענע, צעמישטע, דערהיצטע.

— פרוי צורמילען איז ביי מיר געווען נעכטן נאָכמיטיק, — האָט זי געזאָגט. ערווין האָט זיך אויסגעגלייכט.

— ביי אייך? צו וואָס? כדי מיך צו פאַרקלאָגן?

— ניין, דאָס ניסט, לחלוטין ניסט, — האָט ווירגיניאַ בייטער אָפּגעהאַקט.

— זי האָט געזאָגט, אַז איין שעה פון אמתדיקער טרייהייט ווענט מער, ווי דאָס גאַנצע לעבן פון אומדערציִדירטער קווענקלע־ניש, — האָט ערווין טריב געזאָגט. — אָ, די פרויען אָן פאַרשטע־לונגס־קראַפט, אָן בלוט, אָן פייער. זיי באַזיצן ניסט קיין שום זאַך, אָבער פון יעדער שווינער מינוט פאַרלאַנגען זיי, זי זאָל דויערן אייביק, יעדער פרייער געשמאַק מוז זיין פאַרבונדן מיט אַ פליכט.

דאָס האָט ווירגיניאַ ניסט דערוואַרט.

— געווים, מען זויגט אויס דעם זאַפט און די שאָל וואַרפט מען אַוועק, — האָט זי געזאָגט, — אלדאָס איבעריקע זענען ווערטער, און אפילו דאָס מענטשלעכע לעבן האָט ניסט קיין באַדייטונג. און צי זענען די דאָזיקע פרויען אָן פאַנטאַזיע נאָר גוט, כדי צו שטאַרבן? און אַנדערע זענען דערצו, כדי צו ליידן — זי האָט זיך אויסגעדרייט אַ צערייצטע און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער.

ערווין האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט.

— ניין, ניין, ניין, — האָט ער געזאָגט שטיל און געהיימ־ניספול, — דאָס וואָס עס ציט אונז צו פרויען און וואָס ס'צעשייט אונז מיט זיי, זענען זאַכן, וואָס שטאַמען פון חיהשן, און אַנדערע זאַכן, וואָס זענען ניסט דערזאָגט און טרויעריק און אַנטהאַלטן פיל הבטחות, ווי אויף אַ בעסערן קיום פאַר דער נשמה.

— אַך, ווילט איר מיר דורכדעם זאָגן, אַז איך האָב פאַראור־טיילן, — האָט ווירגיניאַ אים איבערגעריסן, אָפּרוקנדיק זיך. — צי דערמאָנט איר זיך, אַז איר האָט מיר אַמאָל דערציילט וועגן אַ געוויסער יינגער מיידל, וואָס איז פאַרפירט געוואָרן דורך

אײנעם פֿון אײערע פֿרײַנט, און זי האָט זיך נאָכדעם דערטרונקען? דאָס איז פֿאַר מיר געווען שמערצלעך, אָבער איר האָט דאַמאָלס געזאָגט... איר געדענקט?

— נײן, איך געדענק נישט.

—איר האָט געזאָגט: אײגענטלעך איז אויך אַ געשמאַקע מאַלינע נאָר אַ ירק. פֿון יענער צײַט אָן איז פֿאַר מיר זיכער: ווען איך וואָלט לגבי גאָט און מענטשן געהאַט אויסצוווײלן צווישן מײַנע פֿאָראורטײלן און אײַערע, ווי זאָל איך זאָגן, אײַערע משפּטים, וואָלט דער אויסוואַל, מײַן ערווין, נישט לאַנג געדויערט.

ערווין האָט פֿאַרהוילן זײַן פֿאַרוואונדערונג.

—דאָס אַלצדינג איז נישט נוגע מיר — האָט ער געזאָגט קוועקלענדיק זיך. — איך האָב ליב געהאַט העלענאַן. איך האָב זי געליבט, ווײַל אירע האָר האָבן געהאַט אַן אומבאַשרײַבלעכן און אומפֿאַרגלײַכלעכן געשמאַק, אַ געשמאַק פֿון מילך און היי און זשיוויצע, און דערפֿאַר, וואָס איך האָב פֿאַרלוירן די חושים, ווען עס האָט מיך אַרומגערינגלט די דאָזיקע דופּטן־פֿאַליע. און נאָך דערפֿאַר האָב איך זי ליב געהאַט, ווײַל זי האָט געקאָנט רויט ווערן אויף אַן אופֿן, וואָס איך האָב נישט געטראָפֿן בײַ קײַן שום אַנדערע פֿרוי. ווען איך בין אַרײַן אין צימער, האָט זי זיך פֿאַרויטלט, ווי זי וואָלט אינגאַנצן געווען לויטער האַריז, פֿון קאָפּ ביז די פֿיס; אַ דאַנק דעם איז זי יעדע שעה פֿון טאָג געוואָרן אַ שעה פֿון לעבן, אַ דאַנק דעם האָט העלענאַ באַשאַפֿן דעם מצב פֿון האַלב־שכּרות און האָט זיך איבערגעגעבן מיטן בליק און מיט דער באַוועגונג, אָן דינגען זיך.

ווירגיניאַ האָט נישט געענטפֿערט, און ערווין האָט אָבסערווירט ווי זי אַלײן האָט זיך איצט פֿאַרויטלט, פּאַמעלעך, אָנהײבנדיק פֿון די שלײפֿן אַריבער די באַקן ביז צום האַלז. זי האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן. זי האָט זיך געגרײט צום אַוועקגײן.

— איר פֿאַרלאָזט מיך, ווירגיניאַ? פֿרײַנדין? — האָט ערווין, צוגײענדיק צו איר, שטיל געפֿרעגט.

— יאָ, — האָט זי געמורמלט, אָבער זי האָט זיך נישט דערוועגט אויף אים צו קוקן.

— וואָס וועט זײַן מאָרגן? — האָט ער װײַטער געפֿרעגט מיט דינטלעכן טראָפּ, פֿון װעלכן ס'איז געװען ניכּר, אַז ער האָט זיך געפֿרײט צוליב איר צעטומלטקײט.

װירגיניאַ האָט געצױגן מיט די אַקסלען.

— איך װעל קומען צו אײַך נאָכמיטיק. איך מוז נאָך מיט אײַך רעדן װעגן פֿיל זאַכן, װירגיניאַ.

אַ רירעװדיק שמײכעלע האָט אַריבערגעשװעבט אירע ליפּן.

— צום װידערזען, — האָט זי געזאָגט און געאײַלט און איז אַרױס.

איר באַשלוס איז געפֿאַלן. די פֿאַרשטענדיקונג מיט דער מוטער איז פֿלינק געמאַכט געװאָרן. און אָװנט זענען רעגולירט געװאָרן די לױפֿנדיקע חשבונות אין דער סביבה, און מ'האָט אײַנגעפּאַקט די קופֿערס. פֿרױ געסנער איז געװען איבערצײַגט, אַז אַלץ געשעט מיט דער הסכּמה פֿון ערװינען. אױפֿמאָרגן אום עלף זענען מוטער און טאָכטער אַװעק צום װאָקזאַל.

אַז ערװין האָט אין אַ פּאָר שעה אַרום אומזיסט געקלונגען צום דער שטוב, און דערנאָך האָט ער זיך דערװאוסט בײַם הױז־װעכטער, אַז די פֿרױען זענען געפֿאָרן אױפֿן דאָרף, איז ער בלײַך געװאָרן פֿון כּעס. זי האָט מיך אױסגעשטעלט צום נאַרן, האָט ער געציטשעט. אַז אַרױסגעבראַכטער פֿון גלײַכגעװיכט, איז ער געפֿאָרן אַהײם נישט װיסנדיק װאָס צו טון, װאָס צו טראַכטן. איר נאָכפֿאָרן װאָלט געװען די גרעסטע נאַרישקײט, װאָס איך װאָלט געקאָנט באַגײן, האָט ער צו זיך געזאָגט: נײן, נײן, מײַן טײַערע, איך װעל דיך אױסהונגערן, מוזט בײַסן די בענדער, װאָס האַלטן דיך. מוזט מיך רופֿן, רופֿן מוזטו מיך.

אין דרײַ טעג שפּעטער האָט ער דערהאַלטן װירגיניאַס אַ פּאָסט־קאַרטל; זי האָט געשריבן, אַז זי פֿילט זיך גוט און איז דעם אײַנזאַמען דערפֿל קװעלט זי אָן פֿון דער באַגערטער רו. די ערשטע נאַכט האָט זי צוזאַמען מיט דער מוטער פֿאַרבראַכט אין אַ גאַסטהױז, אָבער צומאָרגנס האָבן זײ געדונגען אַ קלײנע װילע אין דער נאָענט פֿון װאַלד, װאו זײ װאױנען אינגאַנצן אַלײן. טרוקענע גרוסן האָבן פֿאַרענדיקט דעם נישט דערפֿרײַענדיקן

באַריכֿט.

ערווין האָט צעריסן די קאָרט און זי צעטראָטן מיט די פֿיס. ער איז אַרויפֿגעגאַנגען אין דער הויף, געעפֿנט אַ געראַומען צימער, וואָס געפֿינט זיך גלייך בײַם גאָרטן, האָט אויפֿגעהויבן די שאַלוזן און פֿאַרשנעל באַטראַכט די אײַנריכטונג פֿון שטוב, וואָס איז געווען דראַפּירט מיט הימל־בלאָען זײַד. ער האָט אַ קלונג־געטון, ווינטשעל איז אַרײַן.

— איך בעט רופֿן דעם גערטנער און דעם הויז־וועכטער, — האָט ערווין באַפֿוילן, — מ'דאַרף דאָ איבערשטעלן ס'מעבל; דאָס בעט, דעם קאַמאָד און דעם וואַש־טיש פֿון גרינעם גאַסט־צימער וועט איר דאָ אַרײַנטראָגן. דו וועסט גיין אין שטאָט אַרײַן און אײַנקויפֿן אַלץ, וואָס דאָ איז אויפֿגעשריבן. די פֿירמע־אַדרעסן זענען אויפֿגעשריבן דערנעבן. — ער האָט ווינטשעלן דערלאַנגט אַ בויגן פּאַפּיר, אויף וועלכן ס'איז געווען אויפֿגעשריבן אַ גאַנצע רײ אײַנקויפֿונגען: טואַלעט־קלייניקייטן, פּאַרפֿום, וועש, אַלץ פֿון די בעסטע ליפֿעראַנטן.

אין צוויי שעה אַרום איז ווינטשעל צוריקגעקומען מיט די אײַנגעקויפֿטע זאַכן. וואָס שייך די פּרײַזן, האָט ערווין אים געלאָזן פֿרײַע הענט, און ווינטשעל אַליין האָט אויסגעקליבן אַלץ צו דער בעסטער באַפֿרידיקונג פֿון זײַן הער.

ערווין האָט צוגעהיטן די נײַע אָרדנונג פֿון דעם צימער, וואָס איז געווען דער עלעגאַנטסטער און סטילפֿולסטער פֿון גאַנצן הויז; ער האָט אַליין צעהאַנגען די בילדער, פֿונאַנדערגעשטעלט די סקולפּטורן, קרישטאַלן און דאָס פּאָרצעלײַ; און די שיפֿלאָדן און אין דער שאַנק האָט ער אַליין אויסגעסדרט די וועש. דערנאָכדעם האָט ער מיט פֿאַרגעניגן זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער, וואָס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַן אָנגענעם בילד. ער האָט ווידער געהייסן אַראָפּלאָזן די שאַלוזן, פֿון דער שוועל האָט ער נאָכאַמאָל אַ בליק־געטון אויפֿן צימער, און האָט זיך צעשמייכלט, ווען אַ שמאָלער פּאַס זון איז געפֿאַלן אויף דער קאָלדרע פֿונם בעט; ער האָט צוגעמאַכט די טיר און דעם שליסל באַהאַלטן אין דער קעשענע. אין דעמזעלבן מאָמענט האָט זיך

דאָ אונטער אים דערהערט אַ שפּאָטיקער געלעכטער. ערווין האָט זיך אויסגעגדרייט. עס איז געווען מאַריאַנאַ פֿאָן פּליגעל.

— דו ביסט עס דאָ? — האָט ער געפֿרעגט.

— בכבודי ובעצמי, — האָט מאַריאַנאַ געענטפֿערט און מיעשה־וואוילע געטרייסלט מיטן קאָפּ.

— און איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט אין סאַן מאַריאַנאַ. ווער האָט דיך דאָ אַהערגעבראַכט?

— דיינע מענטשן. איך האָב דערפֿאָלג. אָבער דו, וואָס טוסטו דאָ? אָט דעם צימער קען איך, דאַכט זיך. צי האָט אַנומעלט דאָ ניט געוואוינט די אָרימע אַמעליאַ קאַסטראָ, די אײנציגע פֿרוי, וועלכע דו האָסט, ווי זאָל איך זאָגן, געגעבן הויזלעך גליק?... צי זאָל דער צימער אויפֿנעמען אַ נייעם גאַסט? און צו וואָס פֿאַרשליסט אים? צי איז דער גאַסט נאָך אַזוי ווייט? צי קאָן מען די דאָזיקע פּאַסירונג נאָך ניט באַטראַכטן פֿאַר דערלײדיקט?

— דו פֿרעגסט מיר, ווי מען קאָן ענטפֿערן צווישן צוויי טירן, — האָט ערווין אָפּגעהאַקט צוזאַמענציענדיק די ברעמען.

— איך ווייס, כ׳בין צודרינגלעך, ווי געוויינטלעך, — האָט מאַריאַנאַ געזאָגט אַראָפּגייענדיק, נאָך אים. פֿון די טרעפּ. זיי זענען אַרויף אויף אַ טעראַסע און זיך געזעצט איינער קעגן דעם אַנדערן.

ערווין האָט געקוקט אויף מאַריאַנאַן. זי איז געווען אָפּגע־ברענט. האָט געגעסן דעם אייז־קרעם, וואָס ווײַטעל האָט דער־לאַנגט, און דערציילט, אַז זי האָט געמאַכט אײניקע שווערע באַרג־אויספֿלוגן, אַז זי האָט געפּלירטעוועט, אָבער מערסטנס האָט זי זיך געלאַנגווייליקט. זי האָט אָפּגעלעקט די ליפּן און באַקוועם זיך אויסגעצויגן אינם פֿאָטעל, אָנרויכערנדיק אַ פּאַפּיראָס.

— די געשיכטע מיט העלענאַ צורמילען איז פֿאַר דיר פּשוט פּאַטאַל, — האָט זי פֿריי געזאָגט. — וואָס אַן אמת ווייס דער מאַן וועגן גאָרנישט; איבעריגנס, ער וויל אַפֿילו ניט וויסן. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז ער זוכט אומטרײַקײט־באַווײַזן. און וואָס ער צווייפֿלט ניט לחלוטין. ער האָרכט אוים מענטשן, כּדי זיך צו

דערווינסן, וואָס זיי טראַכטן, אָבער ער ווייס דאָך אויסגעצייכנט, וואָס זיי טראַכטן. פֿונדעסטוועגן וועט ער גאָרנישט אונטערנעמען, ווײַל ער האָט מורא פֿאַר אַ סקאַנדאַל און זאָגט זיך צו זיך: וואָס בין איך ביכולת צו טון קעגן אַזאַ ערווינען רײַנער? נאַטירלעך, וואָס קאָן ער לגבי דיר? אָבער די קינאַסטעס זענען וועגן אַלעם אינפֿאָרמירט דורך העלענאַס שטוב־מיידל, און זיי וועלן טון אַלצדינג, כּדי דיר צו שאַדענען. פֿרעד קינאַסט איז געבעטן אַרויסגעפֿאָרן קיין ענגלאַנד. משמעות, ער האָט זיך און דער מוטער צוגעשוואוירן, אַז ער וועט אין אַ יאָר אַרום, ווען די וועלט וועט פֿאַרגעסן וועגן העלענאַס טויט, דיך צוציִען צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. היט זיך אַלזאָ.

ערווין האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט.

— אַ נײַער לערטע — האָט ער געזאָגט; — בראַוואָ. אָבער דו, מאַריאַנאַ, וואָלסט פֿאַרשעמט דעם פֿעיִקסטן דעדעקטיוו.

— נעם נאָר דאָס נישט אַזוי גרינג, — האָט מאַריאַנאַ געוואָרנט, ווערנדיק גיך ערנסט; — די געזעלשאַפֿט פֿאַרטראָגט די שגעונות פֿון אירע ליבלינגס נאָר אַזוי לאַנג, ביז פֿון זיי אַנטשטייט נישט קיין סקאַנדאַל. אין איין מאָמענט ווערט דער העלד אַן אויסוואורף. דו צעברעכסט דאָס לעבן פֿון אַן אָרענטלעכער פֿרוי; אויסגעצייכנט. דאָס מאַכט דיך אינטערעסאַנט־ווירדיק און מען לעכצט נאָך דיר. אָבער זאָל נאָר פֿון דעם אַרויסקומען אַ סקאַנדאַל, וועט מען דיך אויסמײַדן ווי אַ מצורע. דו דאַרפֿסט חתונה האָבן, דאָס וואָלט דיך פֿאַרהיט פֿון אַלערליי דאגות.

ערווין האָט גלײַכגילטיק געקוקט אויף די פֿליגן, וואָס פֿליִען אַדורך דורך די שיפֿע זונען־שטראַלן.

— פֿאַרוואָס ביסטו אײַגענטלעך צוריקגעקומען אין שטאָט אַרײַן אין מיטן זומער? — האָט ער געפֿרעגט.

— איך מוז דיר מודה זײַן, ערווין, איך האָב ברעה חתונה צו האָבן.

— חתונה צו האָבן? דו? איך גראַטוליר. אַ שוואַנגערנדיקע דעציזיע מיט פֿאַלגן.

— יאָ, וואָרום זאָגנדיק אמת און אָפֿן, שטיי איך פֿאַר אַ קאָמ־

פּלעטער רואין.

— און װער איז דײַן אױסדערװײלטער?

— װער ס'איז דער באַשערטער? דו ביסט עס!

— ערװין האָט זיך אַ שטעל־אױף געגעבן. זײַן פּנים האָט געציטערט, האַלב פֿון צאָרן, האַלב פֿון חוזק.

— איך? צום טײַװל! װי אַזױ װילסטו דאָס דערגרײכן? — האָט ער אױסגערופֿן.

מאַריאַנאַ איז רױט געװאָרן און האָט נערװעז געענטפֿערט:

— אױף דעם אופֿן, אַז איך װעל דיך הײסן חתונה האָבן מיט מיר. דו לאַכסט? װאונדערסט זיך? די פּראָסטסטע זאַכן װײַזן זיך אױס משונהדיק. איך װעל דיר װײַזן מײַנע קאַרטן, און װעסט מוזן מודה זײַן, אַז דער שידוך איז שױן לאַנג דערגאַנגען צום דאָזיקן שטריך. איך װיל ניט רעדן װעגן דעם, אַז מיר אַנטשפּרעכן זיך אױסערגעװײנטלעך גוט, אַז מיר האָבן פֿיל געמײנזאַמע אינטערעסן, אַז מיר זענען מסוגל קעגנזײַטיק זיך ניט צו שטערן, אױסצומײַדן זיך דעם װעג, װען עס װעט נײטיק זײַן, אַז מיר װעלן שטענדיק זײַן ביכולת פֿרידלעך זיך צו פֿאַרשטענדיקן, װען מען װעט עס ברױכן; אַז זײט פֿיר אונאַהאַלבן יאָר האָסטו מיך געמאַכט פֿאַר דײַן דינסט, דײַן פֿאַרטרױלעכע דינסט, און אַז דו טאָרסט זיך ניט חידושן, אױב איך האָב בגנבה אַביסל שטודירט די מאַשינעריע פֿון דײַן לעבן און איך קען איצט דאָס שװאונג־ראָד און די שרײַפֿעלעך. װעגן דעם אַלעם װיל איך ניט רעדן. דער עיקר איז, װי איך האָב שױן געזאָגט, אַז איך שטײ פֿאַרן סוף פֿונם סוף. און עס װאָלט מיר אפֿילו ניט געקאָנט העלפֿן, װען דו װאָלטסט מיר געשענקט צװײ מאָל צו הונדערט טױזנט גולדענס. איך מוז די זאַך נעמען ראַדיקאַל, איך מוז װערן אַ נײַער מענטש, כ'מוז האָבן אַ פּאָזיציע, כ'מוז, װען דאָס זאָל אפֿילו קאָסטן װיפֿיל עס איז, אַרױספֿירן מײַנע פֿאַרבוסטע־פֿאַסטעװעטע ברידער אױף אַן אָנשטענדיקן דרך, און דאָס איז מעגלעך נאָר בײַ דער זיכערקײַט, װאָס עס װעט מיר געבן דײַן פֿאַמיליען־נאָמען און דײַן געזעלשאַפֿטלעכע לאַגע. װאָס אָנבאַלאַנגט דיר, װעסטו זיך דורך דײַן חתונה האָבן מיט מיר

אַרויסדרייען פֿון אַן אומפֿאַרמיידלעכן גירוש פֿון דער עלעגאַנטער וועלט. אומפֿאַרמיידלעך, ליבער פֿריינט, דערפֿאַר, ווייל אַ חוץ דער אַפֿערע מיט העלענאַ צורמילען האָסטו נאָך אויף דיין חשבון אַ קליינעם דועל־עניין, פֿאַרגעס נישט דערין. אויב די ביידע זאַכן וועלן גלייכצייטיק אַרויס אויף דער אויבערפֿלאַך, דאַן וועט שוין גאָרנישט צוריקהאַלטן די לאַווע. נו, אַנערקען אַליין, ס'איז שווער צו זיין מער אויפֿריכטיק און זאַכלעך.

ערווין האָט זיך פֿון דאָס ניי אַוועקגעזעצט און שטיל־שווייגנדיק געקוקט אויף מאַריאַנאַן, וועלכע האָט דרייסט אויס־געהאַלטן זיין בליק.

— אַ פּראַקטישע נעץ, אַ באַוואונדערנסווערטע נעץ, — האָט ער געזאָגט נאָך אַ לאַנגער פּויזע. — אַן אַרויספּרעסונג מיט אַן אַרטיסטישער פּרעציזקייט. אַלץ שטימט, ווי אין דעם מעכאַניזם פֿון אַ זייגערל. אָבער אַזאַ פּונקטלעכקייט, איבערגעטראָגן אויפֿן לעבן, ווערט ווידער אַ פֿעלער. איך וועל עס דיר פּשוט באַווייזן אויף אַזאַ אופֿן, אַז איך וועל זיך תּיכּף אויספּלאָנטערן פֿון דיין רעכנונג. איך באַדויער האַרציק, וואָס איך קאָן נישט בילדן איינע פֿון די אומבאַדינגטע ציפֿערן צום רעזולטאַט, וואָס איז דיר נייטיק. און מיט דער פֿולסטער רויִקייט דערוואַרט איך די קאָנסעקווענצן, וואָס דו וועסט פֿון דעם אַרויסציען.

מאַריאַנאַ האָט זיך אויפֿגעשטעלט.

— אַך, גאָט, איך האָב זיך מינדעסטנס נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז דו וועסט באַלד מספּים זיין אויף מיין פּראָיעקט, — האָט זי שפּאָטיש אָפּגעהאַקט. — איך האָב נאָך צייט. מעגלעך די ווערסט זיך רעצידירן אין איינציקע וואָכן אַרום. ווער ווייסט, וואָס עס וועט ביז דאַמאָלס ווערן. דיין אומדערשראָקנקייט געפֿעלט מיר נישט, דאָס באַווייזט נאָר, אַז דו שאַצסט נישט אָפּ די ערנסטקייט פֿון דיין לאַגע. דו האַלסט זיך פֿאַר אַ שטאַרקערן, ווי דו ביסט. ביסט אַ באַשעפֿעניש פֿון דער וועלט, וועלכע די פֿאַראַכסט כּולרמשט. דו ווערסט ליבערשט אין אַן אַנדער וועלט לאַטען שיך, איידער דו זאָלסט אין דער דאָזיקער וועלט ווערן אַ געפֿאַלענער מענטש, אַ מענטש אָן האָנאָר. די געשיכטע פֿון

דועל וועט שוין נישט טראַקטירט ווערן אַלס אַ געלונגענער שפּאַס. דיינע אַקציעס שטייען שלעכט, און אַזעלכע זאַכן זענען טאַקע אָפּהענגיק פון דער קאָניונקטור. נו, איך מוז שוין לויפן; איך האָף, אַז כ'וועל איינגיכן הערן וועגן דיר. צום ווידערזען, מיין ליבער.

מיט אַן אומפאַרשעמטער פאַרגניגערישקייט האָט זי צו אים אויסגעשטרעקט די האַנט. ערווין האָט זיך נישט גערירט. מאַריאַנאַ האָט געצויקט מיט די אַקסלען און איז אַוועק.

מיט דריי טעג שפּעטער איז ערווין געווען אין סאַנקט־מאָריץ. ער האָט דאָרטן זיך באַקענט געמאַכט מיט אַ יונגער רוסישער דאַמע, וועלכע האָט אַרויסגערופן התפּעלות מיט אירע לעגענדאַרע קאָסטיומען, און ער איז מיט איר געפאָרן קיין על־בען. דאָ האָט ער זיך באַגעגנט מיט אַ יונגערמאַן אַ גרויסן עניו, וועלכער האָט אויסגעצייכנטע מאַניערן און גייסטיקע עמפּינדלעכקייט, וואָס זאָגט עדות אויף די פילע שטרעבונגען, ווי וועגן דער פריצייטיקער דערפאַרונג.. ער איז געווען אַ זון פון איינעם אַ דייטשן דיפּלאָמאַט, וואָס איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין איי ט אָ ן, און האָט מיט זיי הויפמייסטער דורכגעמאַכט אַ ריזע פון פּאַריז קיין איטאַליען. מכּח אַזאַ טיפּ האָט ערווין אַמאָל געטרוימט, אַ טיפּ פון אַ בחור, וואָס איז פריש ווי דער ערשטער פרילינגס־טאָג, וואָס איז באַשאָנקען מיט אַ זעלטזאַמען גייסט און ראַסע, אַ יונגערמאַן מיט אַ באַצויבערנדיקן געזיכט און נישט־וואַכעדיקייט, וואָס לאַכט ווי אַ גריכישער גאָט און איז געדאַנקען־רייך אין די פאַרגעניגנס ווי פּעטראָניוס.

ערווינגען איז געלונגען אין אים אויפצולעבן יענעם זעלבסט־שטענדיקייטס־גייסט, וואָס איז אַזוי אָפט אַ נויטווענדיקייט פאַר אַ יונגער נשמה. ראַלף פאָן הענדריכסען האָט פאַרלאָזן זיין חבר און איז בסוד אַרויסגעפאָרן מיט ערווינגען. אין מעדיאָלאַן זענען זיי געשטאַנען פאַר לעאָנאַרדאָס פאַרניכטעטן „נאַכטמאָל“; זיי האָבן, ביים שיין פון שטורקאַצן, באַזוכט די קברים פון די סקאַליגערס אין וועראָנע; אין די פאַרווילדעטע גאָרטנס און טויטע פּאַלאַצן פון פעראַרע זענען זיי געזעסן און געטרוימט; אויף די ברעגעס פון דער ראַווענאַ זענען זיי אין לבנה־ליכט געגאַנגען

דורך די טריבע פּימסען־וועלדער ; און אַנקאָן האָבן זיי זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ שיף און זענען געפֿאָרן קיין טוניס ; זיי זענען געפֿאָרן רײַטנדיק איבער דער וויסטעניש. און ערווין האָט געשריגן :

— דאָ בין איך אײַנזאַם, דאָ בין איך פֿרעמד, — נאָר ער האָט דאָס אַרויסגערעדט אַזוי, ווי דער מדבר וואָלט געווען זײַן היימלאַנד.

דערווײַל האָט ראָלפֿס פֿאַרשוואונדן אַרויסגערופֿן אַן אומגעווינטשטן טומל. דער הויפּמײַסטער האָט טעלעגראַפֿירט קיין בערלין, מ'האָט גענומען אים זוכן, און דעם ייִנגעמאַנס קרובים האָבן זיך באַמיט אויסצומײַדן אַן עפֿנטלעכע מהומה. און סיראַקוזי האָבן כּל־ערליי אײַנפֿאַלן באַאַמטע פֿאַרטרעטן די ערטער פֿון אמתע פֿרײַנט. אין רעזולטאַט האָט זיך אַלץ גוט געענדיקט. אַ געוויסער באַראָן מאַרלאָטי, אַ שליח און באַפֿולמעכטיקטער פֿון דער פֿאַמיליע הענדריכסען, אַ פּרעכטיקער און אַנדעלער זקן, האָט זיך געלאָזט איבערדברן פֿון ערווינען, און ער האָט אַרויסגעשיקט צו די עלטערן אַ באַרויִקנדיקע מעלדונג. אַ געוויסן אָוונט זענען די דרײַ פֿאַרשידענע מענטשן צוזאַמען געזעסן אויף דער האָטעל־טעראַסע אין טאַאָרמין, הויך איבערן ים. ראָלף האָט צומאָרגנס פֿרי געזאָלט אַוועקפֿאָרן מיט הער מאַרלאָטי. ס'האָט געהערשט אַן אָפּשידס־שטימונג. מ'האָט גערעדט וועגן פֿרײַנטשאַפֿט, וועגן ליבע, וועגן יוגנט, וועגן שײַנקייט, מיט איין וואָרט — מכּח זאַכן, וואָס זענען, לויט דער אײַנשטימיקער מיינונג פֿון ערווינען און מאַרלאָטין, צערינען געוואָרן, ווי די באַשטאַנד־טיילן פֿונם שטיין פֿון חכמה.

פֿאַרליבטע דערקענט מען לויט אַ געוויסער האַרמאָניע צווישן קוק און דער מויל־ליניע, — האָט באַהויפּטעט דער זקן ; בײַ מענטשן, געבונדענע פֿון אמתער ליידנשאַפֿט, ענדערט זיך דאָס פּנים, ווי בײַ שוואַנגערנדיקע פֿרויען, גלײַכצײַטיק אויף אַן איבערעמפֿינדלעכן און חיהשן שטייגער. ער האָט געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז אויך ערווינען באַטראַכט ער פֿאַר איינעם פֿון די געפּענטעטע, ערווין האָט אַ שאָקל־געטון מיטן קאָפּ מיט אַ זיפֿץ.

— צופיל זאכן זענען מיר שטער און נויטווענדיק, — האט ער געענטפערט; — איך האב ליב די לופט, דעם בלאט, דעם בוים, די נאכט, איך ליב פיער דע־פראנציסקא און מורא פון אל־פיערין, כ'ליב די שלייף, דעם אטעם, די האנט, דעם שריט פון א פרוי, און כ'קאן נישט רעזיגנירן פון דער בלום, אויב איך האב אנשטאט דעם צו דערגרייכן נאר א פרוי.

— איצט שפילסטו קאמעדיע, — האט ראלף אויסגערופן און, וועגדנדיק זיך צו מארלאטין, מוסיף געווען: — ערווין ליבט אן אומגעווייגטלעך מיידל און ער האט איר ווארט.

ערווין האט זיך פונאנדערגעלאכט. אן אנגעלענטער אין א געפלאכטענעם פאטעל, מיט אויגן געווענדעטע אין טונקעלן גע־וועלב פון באשטערענעם הימל, האט ער אנגעהויבן רעדן וועגן ווירגיניאן. די מיטרייסנדיקע קראפט פון זיינע ווערטער האט אויף די צוהערער געמאכט א רושם. אבער וואס איז דאס גע־ווען? צי איז דאס נאך געווען ווירגיניא, אין וועמען די נאטור האט אזוי דערהויבן ענטוויקלט די באשיידנקייט? עס איז געווען די צושטערערין; בלענדנדיק פרעכטיק האט זיך איבער דעם גרויסשטאטישן זומפ דערהויבן א סימבאל פון צעשטערונג, אנ־געטון אין א לבוש פון אומשולד.

עס איז געווען אינטערעסאנט, ס'איז געווען באלערנד און געווען שרעקלעך. איין פנים איז געווענדעט אין דער זייט, א צווייט פנים איז געווענדעט אין יענער זייט. דא איז דאס פנים פלאמיק און שמאליע, דארט איז אן אומרויק פנים, א ווייסנדיק פנים, א שולדיק פנים, א פארבענקט פנים. און אליע, וואס איז געווען אזוי קלאר, אזוי ריין, ווי באשאפן דורך דער מילדיקסטער האנט, איז אין זיין מויל געווארן פראבלעמאטיש און פול דע־מאנישקייט. ער האט געפילט, אז ער האסט ווירגיניאן, האסט זי נישט צום דערזאגן; ער האט געשפירט, אז מאלנדיק זי, האט ער אויפגעמאלט זיך.

צום טיש איז צוגעקומען א טרעפערין. ראלף האט דער־הערט א פארזאג פול מיט די גרעסטע האפענונגען. באטראכטנדיק ערווינס האנט, האט די אלטע צוגיינערין געזאגט;

— צעשטערונג, תּפֿיסה, טויט.

די יונגעלייט האָבן זיך פֿונאַנדערגעלאַכט. מאַרלאָטי איז געבליבן ערנסט.

— נו, — האָט ראַלף געזאָגט — דאָס איז נישט אַזוי אומפֿאַרשטענדלעך.

— צעשטערונג און תּפֿיסה, — האָט ערווין באַמערקט, — דאָס יאָ; אונם טויט גלויב איך נישט.

דערנאָך איז ער געבליבן אַליין אין פֿרעמדן לאַנד. ער האָט באַקומען עטלעכע בריוו פֿון פֿרוי געסנער. ער האָט פֿון זיי גאָרנישט געקאָנט פֿאַרשטיין. פֿון עדליץ האָט זי דורך בריוו אָפּגעזאָגט די דירה אויף דער פּיאַרן־גאַס, נאָכדעם איז זי געקומען אויף צוויי טעג קיין ווין און געדונגען אַ קליין דירהלע מיט אַ גערטל אין גערסטהאָף, אַ קנאַפּע פֿערטל שעה גאַנג פֿון ערווינס ווילע, וועגן וואָס זי האָט העפֿלעך אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ פֿאָרטל צו באַוועגן אים, אַז ער זאָל וואָס געשווינדער צוריקקומען, אָדער אויסצוטייטשן די סיבה פֿונם אָפּפֿאָרן. אײַנפֿאַך פֿרעגן מכּח דעם האָט זי זיך נישט דערוועגט. וועגן ווירגיניאַן האָט זי גאָרנישט נישט געשריבן

ערווין האָט אָפּגעענטפֿערט ווי אַ מענטש, וועלכער האָט זיך איבערגעגעבן צו פֿאָרדעכטיקע נאַרקאָטיקעס, כּדי זיך צו פֿאַרגעסן. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַלע טענער, פֿון פֿאַרמאַטערונג ביז בייזקייט, פֿון ביטערניש ביז צו דער זיסטער עלעגיע, אָבער דורך דער מוטערס האַרץ צו רירן ווירגיניאַן.

— „אײַן שורה פֿון איר וואָלט פֿאַר מיר געווען דאָס, וואָס כינין איז פֿאַר אַ קראַנקן אויף פֿיבער", האָט ער געשריבן, „איר שווייגן איז פֿאַר מיר אַ פּייניקונג". גאָרנישט. אומזיסט.

שפּעטער האָט ער געשריבן צו איר אַליין. נאָך קיינמאָל האָט אַ מאַנסביל נישט געשריבן אַזעלכע ווערטער צו אַ פֿרוי. ווירגיניאַ האָט געמוזט אויפֿציטערן ביי די דאָזיקע ווערטער. אָבער זי האָט נישט געענטפֿערט.

ער איז פֿאַרבליבן אין רוים. ביינאַכט האָט ער פֿון אומגעדולד צעבוסן דאָס קישן, אָבער ער איז געבליבן. ענדע אוי־

גוסט האָט ער דערהאַלטן אַ בריוו פֿון דער באַראָנעסע רעסאָה. זי האָט געשריבן, אַז צו אירע אויערן זענען דערגאַנגען אומוואַרשיינלעך-נאַרישע רכילותן וועגן עפּעס אַ דועל. אַז ערווין מוז פֿאַר יעדן פּרייז דערשטיקן די דאָזיקע רכילותן און אויפֿזוכן זייער אויטאָר, אַז עס איז נאָך צייט, וואָרום דאָס רוב מענטשן ווילט נאָך איצט אויף די זומער-פֿעריען, אַז שפּעטער, ווען דאָס געריידעכץ וועט זיך מער פֿאַרשפּרייטן, וועט דערמיט זיין צושווער צו קעמפֿן, אַז ערווין איז דאָס מחויב צו טון פֿאַר זיינע פֿריינט, אַז ער זאָל אָנהויבן ווירקן, אַז דאָס פֿאַראַכטנדיקע שווייגן וואָלט ניט געווען אויפֿן אָרט. בפּרט, וואָס זייט דעם טויט פֿון דער יינגער פֿרוי צורמילען צעפּלוידערן מענטשן וועגן דעם מאוסע מעשות.

מיט צוויי שעה שפּעטער איז ערווין געזעסן אין צוג. דער פֿאַרשפּעטיקטער געדאַנק, אַז ווירגיניאַ האָט געקאָנט געוואָר ווערן וועגן די דאָזיקע פּלאָטקעס, האָט אים בלאַס געמאַכט פֿון בושה. זונטיק נאָכמיטיק איז ער אָנגעקומען קיין ווין און תיכּף וועגן דעם מודיע געווען מאַריאַנאַן.

זי איז געקומען. זי האָט אויסגעזען נידערשלאָגן און דערשעפּט. ערווין איז געווען האַרט. אָנשטאָט צו בעטן, האָט ער געפֿאָדערט. מאַריאַנאַ האָט אים אויסגעלאַכט. זי האָט זיך אויסגעדרייט צום אַוועקגיין. ערווין האָט זי פֿאַרהאַלטן. נאָך אַ פֿערטל שעה האָבן זיי שוין גערעדט פֿאַרטרויליך. ערווינס ווערטער האָבן אים פֿאַראַטן פֿאַר מאַריאַנאַן, און דאָס האָט אים געגריבלט; מיט שווערקייט האָט זי פֿאַרהוילן די עמפּילטע אייפֿערזוכט. זי האָט אים פֿאַרשאָטן מיט חוזק, און ער האָט אָנערקענט איר גערעכטיקייט, אָבער זיין ברויזנדיקער באַגער איז געוואַקסן אין גע־וואַקסן אין דער מאָס, ווי ער האָט זיך דערמיט פֿאַראַטן. ס'איז גענוג געווען, אַז מאַריאַנאַ זאָל אָנרופֿן ווירגיניאַס נאָמען, און ווירגיניאַס בילד האָט שוין דורכגעלויכטן דורך דער וואַנט, האָט געשטראַלט פֿון מאַריאַנאַן, ווי די לבנה דורך וואָלקנס.

ערווין האָט זיך אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאָפּ. ער האָט פֿאַר זיך געזען ווירגיניאַן אַ ניט-דערגרייכבאַרע, אַ ווייטע. די הימליש־

קיינט דיינע קאן מיר נישט שטערן צו דערגרייכן דיך, האט ער געטראכט, און זיינע אויגן האבן געברענט מיט צארן. שפאר זיך אן! — האט אין אים גערופן עפעס א שטים, — און ערווין האט געזען אז אפשטוים דעריין, בכן ער טוט. וואס מאריאנא האט פארלאנגט. עס האט אים אונטערגעהעצט דער גייסט פון ווילדער סתירה; אויב איך וועל אפילו דאס טון, האט ער צו זיך געזאגט, וועסטו ערשט דאמאלס נישט זיין זיכער פאר מיר, ערשט דאמאלס וועסטו מוזן זיין מיינע, דאמאלס ערשט! און וואס פאר א פארפירעניש: דערפירן מאריאנאן, אז זי זאל זיין די נידריקסטע שקלאפין זיינע, בעת איר וועט זיך אויסדאכטן, אז זי האט אים אין איר מאכט.

ער האט געאורטיילט, אז אין מאריאנאן און אינם גאנצן מהות פון איר וועלט וועט ער זיך נוקם זיין דורך דער שטארקער פארלאכטונג, וואס ער וועט ארויסווייזן לגבי דער אינסטיטוציע, וועלכע איז אנגעגאנגען פאר א הייליקע און אומבארירלעכע.

— גוט, איך וועל חתונה-האבן מיט דיר. — האט ער פריי געזאגט. — אבער איך שטעל דיר צוויי באדינגונגען. וועסט גיין צו דער באראנעסע רעסאוו איר צו וויסן-טון, אז איך האב מיך בשעתו געשלאגן מיט דיין ברודער סיקסטוס. איך מיין, אז אנשטעלנדיק די נעץ, האסטו מיין פערזאן נישט פארראטן אין אזא מאס, אז דער דאזיקער אויסגאנג זאל מיר נישט דערמעגלעכט ווערן.

— געוויס.

— וועסט מיר אויפגעבן די גענויע דאטע, וועלכע מוז שטימען מיט די צייטונגס-נאטיצן, וואס זענען דעמאלס דערשינען. פרוי רעסאוו וועט זיך שוין באמיען, אז מ'זאל אין קלוב זיך דערוויסן, ווי עס האלט מיט די זאכן. דער צווייטער באדינג איז, אז אונזער חתונה זאל דערווייל בלייבן בסוד און ערשט אין דעם מאמענט, וועלכן איך וועל האלטן פאר געווינשן, וועט עס מיטגעטיילט ווערן דער וועלט. יעדנפאלס נישט פריער ווי אין צוויי חדשים ארום. ביז דער צייט וועסטו בלייבן אין מיין גוט אין מאקערן.

— איך פֿאַרשטיי, — האָט מאַריאַנאַ געענטפֿערט אַ בלייכע, מיט אַ בייזן שמייכל.

— און ביסט מסכּים?

— יאָ.

— האָב איך דיין וואָרט?

— האָסט מיין וואָרט.

— און אַלץ — צען טעג אַרום קאָנען מיר שטעלן אַ חתונה אין אונגאַרן. וועגן אַ קירכן־צערעמאָניע איז, נאַטירלעך, נישטאָ וואָס צו רעדן. תּיכּף נאָך דער חתונה וועסטו פֿאָרן אין מיין גוט אַריין און קיינער וועט זיך נישט דערוויסן וועגן אָרט פֿון דיין אויפֿנטהאַלט. געלט, וואָס דו וועסט נייטיק האָבן, וועל איך דיר איבערווייזן דורך מיין אַדוואָקאַט.

— איך פֿאַרשטיי, — האָט מאַריאַנאַ געענטפֿערט.

— איינפֿאַרשטאַנען אויף אַלעם?

— מסכּים אויף אַלעם.

מאַריאַנאַ האָט דערפֿילט אַ דערנידריקונג און האָט פֿאַרשטאַנען זיין שפּיל־וואַ־באַנק. איר ברוסט איז געווען קאַלט, און דער זיג האָט זי נישט אָנגעטרונקען מיט צוטרוי. זי האָט זיך געשראָקן פֿאַר זיך, אַ מורא פֿאַר ערווינען, און דער שטערבלעכער פֿאַרוואונדעטער שטאָלץ האָט נישט געפֿונען קיין אַנדער באַהעלטעניש, ווי די דערמאָנונג פֿון דער ליבע, וואָס איז שוין אַזוי ווייט, ווי די טעג פֿון דער קינדהייט. אומבאַוואוסטזיניק איז איר לעצטע האָפֿענונג געווען, אַז ערווין וועט פֿונסניי איידל דערהייבן איר שטאָלץ, וואָס זי האָט אַליין צעטרעטן. דאָס האָט זי געקאָנט מאַכן קריכעריש לגבי אים, דערפֿאַר האָט זי פֿאַר אים זיך געקאָנט דערנידריקן, און דערפֿאַר איז זי איצט אינגאַנצן געווען אין דער מאַכט פֿון בייזן.

דעם זעקסטן סעפּטעמבער איז אין פּרעסבורג, אין טיפֿסטער געהיימניש פֿאָרגעקומען די צווייטע חתונה. עדות זענען געווען דער אַדמיניסטראַטאָר פֿון די גיטער אין טאָקערן און זיין זון. פֿאַרן מאַגיסטראַט האָט געוואַרט אַ קאַרעטע מיט רייזע־באַגאַזש. פֿרוי מאַריאַנאַ רינגער איז איינע אַליין געפֿאָרן צום באַן־הויף.

# פײַנאַרא

ערווין האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע באַציאונגען און איז געווען נישט צוטריטלעך אַפילו פֿאַר די נאָנטסטע פֿרײַנט. ער האָט געוואָרפֿן די לײַכטע אַרבעט, כּדי זיך צו ווידמען שווערע און טיפֿע פֿאָרשונגען איבער דער מאַטעמאַטיש-פֿילאָזאָפֿישער טעמע: „דער באַגריף פֿון באַשטענדיקייט און די מאָראַליטעטס-אידעע“.

ער איז געווען מסוגל דערצו, ער האָט געמוזט אַרבעטן מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג, כּדי זיך נישט אונטערצוגעבן דעם געפֿיל פֿון פּוסטקייט, וואָס האָט אים געמאַכט ווילד, ווי פֿון ציינווייטיק, ס'האָט אים דערגרידעריקט לגבי זיך אַליין און אומגעבעטענערהייט האָט עס געטריבן צו מענטשן.

מענטשן! וואָס זענען מענטשן געווען פֿאַר אים! ער האָט זיי געבראָכט, געשטודירט זיי, גענאָסן פֿון זיי, אָפּגעוואָרפֿן זיי. אַלע, אַלע, אַלע. ער האָט מיט קיינעם נישט געלעבט. אויסשמייכלענדיק זיך איז ער דורכגעגאַנגען דעם בית-עולם. ער האָט געברויזט, שמייכלענדיק.

בײַטאָג האָט ער נישט פֿאַרלאָזן ס'הויז. אין די נעכט פֿלעגט ער פֿאָרן אין שטאָט אַרײַן און געהאַט אַ מאָדנע הנאה פֿון באַזוכן פֿאַרדעכטיקע ערטער, טאַנץ-זאַלער פֿון נידעריקסטן מין, מלינות, אין וועלכע ס'האָבן זיך אָנגעזאַמלט די לעבעדיקסטע ברואים. דאָס איז געווען אַ באַקרעפֿטיקנדיקע קוראַציע פֿאַר די נערוון. ער האָט נישט געגומען קיין אַנטייל אין ווילדקייטן. ער איז נישט געווען אוואַנטוריסטיש. ווילדקייט און פֿאַרברעכן האָבן אים פֿאַראינטערעסירט אַלס דערשיינונגען פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג.

פֿרוי געסנער האָט אים, כמעט פֿאַרקלאָגנדיק, מיטגעטיילט, אַז ווירגיניאַ וויל נאָך אַ גאַנצן סעפּטעמבער פֿאַרברענגען אויפֿן דאָרף. דעם דאָזיקן בריוו האָט ער דערהאַלטן אַ געווינסן פֿרימאָרגן, איינצייטיק מיט אַ בריוו פֿון מאַנפֿרעדן. ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו פֿון פֿריינט און זיין פּנים האָט זיך צעהעלט. ער האָט זיך צעשמייכלט און דעם בריוו איבערגעלייענט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. נאָכדעם האָט ער אים באַהאַלטן אין פּאָרטפֿעל אַריין און אָנגעהויבן צו שפּרייזן איבערן צימער. ער האָט צוגעדריקט די פֿויסטן צום פּנים און געבורטשעט מיט פֿאַרשלאָסענע אויגן:

— און איצט העלף מיר, פֿעינאַאָרא, באַשעפֿער פֿון אינזלען און ימים!

ערווין האָט זיך געוואָרפֿן אין פֿאָטעל אַריין און איז באַלד אַנטשלאָפֿן געוואָרן. ווי אַ געהרגעטער איז ער געשלאָפֿן דריי שעה. ווען ער האָט זיך געוועקט, האָט ער מיט פֿאַרוואונדערונג באַמערקט פֿרוי געסנערס בריוו אויפֿן טיש. אויף דער זייט, וועלכע איז געווען — ווי ער האָט געאורטיילט — ליידיק, האָבן געלויכטן פֿיר ווערטער, אויפֿגעשריבן מיט ווירגיניאַס האַנט: „גרוסן פֿאַר מיין אַפּוטרופּס“.

דאָס זענען געווען די ערשטע און איינציקע ווערטער אירע זייט העכער צוויי חדשים. ערווין האָט אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ. ר'האָט געדופֿן ווילטשלען, תיכף אים געהייסן פֿאָרן קיין עדליץ און פֿאַר זיינעטוועגן דאָרט אויסזוכן אַ דירה. נאָכמיטיק איז ער אַליין געפֿאָרן מיטן אויטאָמאָביל.

ס'איז געווען צען אין אָוונט, ווען ערווין איז אַוועק אין דעם הייזל, אין וועלכן ס'האָט געוואוינט ווירגיניאַ מיט דער מוטער. אַלע פֿענסטער פֿון דער קליינער, הילצערנער ווילע זענען געווען פֿינסטער. דערנעבן איז געשטאַנען אַ פּויערישע הייזקע, צווישן ביידע הייזלעך איז געווען אַ לאָנקע, אַ ביסל קושאַקעס, און אונטער אַ ווערבע מיט די אַראָפּהענגענדיקע צווייגן איז געשטאַנען אַ בענקעלע. ערווין האָט זיך אַוועקגעזעצט דערויף. די נאַכט איז געווען העל פֿון שטערן־ליכט. אין דער הויך, צווישן געדיכטן

גרינגל, איז אַפֿן געווען אײַן פֿענסטער. עס האָט געקאָנט זײַן
ווירגיניאַס פֿענסטער. זי איז, אַלזאָ, דאָרט געשלאָפֿן.

זי איז געשלאָפֿן און געחלומט. חלומדיקע טרוימען קומען
ניִשט, ווי דער שטײַגער איז, מיטן ערשטן שלאָף. אָבער ווירגי-
ניאַ האָט איצט איבערגעלעבט אַ פּעריאָד, וואָס איז געווען רײַך
אין חלומות. איר האָט זיך געחלומט, אַז זי געפֿינט זיך אין
עפּעס אַ פֿרעמדער שטאָט. די גאַסן זענען פּוסט, עס איז זײַער
קאַלט. ווירגיניאַ שטייט פֿאַר אַ הויכן טורעם און קוקט אַרויף אין
דער הויך. אונטערן דאַך פֿונם טורעם איז אַ קלײַן פֿענסטערל.
ווירגיניאַ ווייס, אַז דאָרט וואוינט מאַנפֿרעד און אַז זי מוז זיך
אומבאַדינגט דערשלאָגן צו אים. דאָס איז אַ זאַך פֿון ערשט-
ראַנגיקער וויכטיקייט, זי טאָר קיין סעקונדע צײַט ניִשט פֿאַר-
לירן. זײַן פּנים דערבליקט זי דורכן פֿענסטער; דאָס פּנים איז
קלײַן ווי אַ נוס, אָבער ניִשט קוקנדיק אויף דעם, אונטערשיידעט
זי די שטריכן מיט אַן אומוואַרשײַנלעכער גענויקייט. זי לויפֿט
פֿרייִדיק אַרײַן אינם טורעם. מ'דאַרף דורכגיין שמאָלע, פֿינס-
טערע שטיגן מיט פֿיל שטײַפֿע שטאַפּלען. ווירגיניאַ איז פֿאַר-
מאַטערט און טראַכט: פֿאַרוואָס גייט מאַנפֿרעד ניִשט אַנטקעגן,
כּדי מיר צו העלפֿן אין דעם שווערן גאַנג? דאַמאָלס זאָגט איר
אונטער עמיצער, ווען זי זעט ניִשט, אַז מאַנפֿרעד איז צוגע-
שמידט. ווירגיניאַ אײַלט צו דעם טראָט, אָבער די שטאַפּלען
פֿאַרמערן זיך כּסדר. צי וועלן זיי קיינמאָל זיך ניִשט ענדיקן?
געלויבט צו גאָט, זי איז שוין בײַם ציל. אָבער וואָס איז דאָס?
דער צימער איז פּוסט, מ'זעט ניִשט מאַנפֿרעדן. אַ דערשעפּטע
שפּאַרט זי זיך אָן בײַם פֿענסטער, וואָס איז שוין ניִשט קלײַן, נאָר
ריזיק. זי קוקט אַראָפּ אונטן און זעט מאַנפֿרעדן, ווי ער גייט
מיט אַ שמאָלער סטעזשקע און קוקט אַרויף אַ פֿאַרוואונדערטער,
אַ פֿרעמדער, אַ גלײַכגילטיקער, מיט אַ פּנים, וואָס איז קלײַן ווי
אַ נוס, נאָר דײַטלעך, ווי אַ פּלאַם. דער געפֿיל וועגן אַלע אירע
אומזיסטע אָנשטרענגונגען, וועגן דער ניִשט אויסגעמיטענער צע-
שיידונג און געפֿאַר, וואָס וואַקסט, ניִשט וויסנדיק פֿאַרוואָס, —
רײַסט אַרויס פֿון איר מויל אַ הילכיקן שרעקנס-געשריי, און ווירג-

ניאַ וואַכט אויף.

די מוטער האָט זי געוועקט פֿינף שבֿועותדיקע צומער. ערשט נאָך אַ לענגערער ווײַלע האָט ווירגיניאַ געענטפֿערט באַרויִקנד, דערנאָך איז זי אויפֿגעשטאַנען, לויט איר שטייגער, כּדי צוצוגיין צום אָפֿענעם פֿענסטער. איר בליק האָט אַרויסגעשוועבט אינ־דערהויך און איז דערטרונקען געוואָרן אין די שטערן.

ערווין האָט דערהערט דעם געשריי, און אָט דאָ האָט ער זי געזען, ווי זי איז אַרויס פֿון דער פֿינסטערניש אין דעם הימל־בלאָען ליכט אַרײַן, פֿון וועלכן אויך איר העמד האָט געבלענדט הימל־בלאָ. ס׳האָט נישט קיין סך געפֿעלט, און ער וואָלט פֿאַר־לאָזט זײַן טונקעלע באַהעלטעניש, כּדי אַ רוף צו טון איר נאָמען. אָבער דאָ האָט אים צום ערשטן מאָל באַהערשט אַן אומ־דרויסטקייט.

יענע ברוסט אונדערהויך האָט אָפּגעאָטעמט אַפֿשר מיט דעם זעלביקן ריטם, וואָס זײַן ברוסט. ער האָט געפֿילט די קעלט, וואָס האָט געקרײַזט אַרום אירע לײַכט אַנטבלויזטע אַקסלען.

ער איז שפּעט אַוועק שלאָפֿן. ער איז געשלאָפֿן שלעכט און לאַנג. ווען ער איז לעבן אום עלף אַ זייגער פֿאַרמיטיק ווידער געקומען פֿאַר דעם הויז, אַפֿשר טויזנט שריט דערווײַטערט פֿון דאָרף, האָט ער באַמערקט ווירגיניאַן זיצן אויף דעם זעלבן בענקל, אויף וועלכן ער איז נעכטן געזעסן. איר קלייד האָט דורכגע־לויכטן דורך די שיטערע קזשאַקעס. זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ בוך און פֿויל געקוקט פֿאָרויס. זי האָט דערהערט זײַנע טריט און דערשראָקן זיך. זיי האָבן זיך געקוקט אין די אויגן.

— ערווין, — האָט ווירגיניאַ געזאָגט.

ער האָט דערזען בײדע אירע הענט, וועלכע זי האָט אים דערלאַנגט אָן ווידערשטאַנד. איר פֿרייד איז אויף אַזויפֿיל געווען אויסגעמישט מיט שרעק, אַז ערשט נאָך די קענגזײַטיקע באַגרי־סונגען האָט זי אײַנגעזען די שוואַכקייט אירע, וואָס איז געווען אין דער דאָזיקער באַוועגונג. זי האָט זיך דאַמאָלס פֿונסנײַ באַ־הערשט. מיט טרוקענע ווערטער און פֿראַגן האָט זי זיך באַמיט צו פֿאַרווישן די אומגעווינשענע סימנים, וואָס פֿאַרראַטן צופֿיל

די ווייזאַט־פֿאַרבראַכטע שעהן.

ווען פֿרוי געסנער האָט אים ענדלעך דערזען, האָט זי אָפּ־געזיפֿצט מיט דערלייכטערונג. זי איז געווען באַרעדעוודיק, נײַ־גערוק און אַ ביסל צעמישט. מחמת דאָס וועטער איז געווען שיין, האָבן ערווין און ווירגיניאַ באַשלאָסן אַרויסצוגיין שפּאַצירן. ווירגיניאַ איז אַרײַן נאָך דעם שאַל מיטן קאַפּעלוש. ווען פֿרוי געסנער איז געבליבן אַליין מיט ערווינען, האָט זי אַ ווײַלע געשוויגן.

— וואָס אײַנגנטלעך איז געווען? — האָט זי פֿלוצלינג גע־פֿרעגט און געאײַלט. — צי האָט איר זיך מיט איר געקריגט? מען האָט פֿון איר נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען קיין איין שכלדיק וואָרט. — אײדער ערווין האָט באַוויזן צו ענטפֿערן, איז ווירגיניאַ שוין אַרויסגעקומען. זי האָט אָנגעטאָן אַ שמײכלענדיקן טאָן צו דער מוטער און אויסגערופֿן: לאָמיר גיין!

זיי זענען געגאַנגען דורך באַרגיקער געגנט. ווירגיניאַ האָט געטראַכט: ער איז דאָ אַן אַנדערער, ווי אין דער שטאָט. ערווין האָט געטראַכט: זי איז דיזעלביקע אויך אויפֿן דאָרף. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בערגעם, אין שאָטן פֿון פּיכטן־ביימער.

— ווען האָט איר געהאַט די לעצטע ידיעה פֿון מאַנפֿרעדן? — האָט ווירגיניאַ געפֿרעגט.

— פֿאַר עטלעכע טעג, — האָט ערווין געענטפֿערט.

— אַזוי? און איך האָב שוין צוויי וואָכן נישט קיין בריוו. וואָס שרײַבט ער?

— פֿאַרשידנס.

— קאָנט איר מיר נישט פֿאַרציילן? — זענען דען דאָס סודות? — זי האָט פֿאַרשנד אַ קוק־געטאָן אויף ערווינען, וואָרום דער אויסדרוק פֿון זײַן פּנים האָט ציגעשמידט איר אויפֿמערק־זאַמקייט.

— געהיימנישן? ניין. איך גלויב נישט, אַז מאַנפֿרעד זאָל האָבן פֿאַר אײַך סודות. איך וועל אײַך פֿאָרלייענען זײַן בריוו. צי האָט ער אײַך געשריבן וועגן פֿיינאַאָרא?

— וואָס פֿאַר אַ וואָרט איז עס? וואָס באַדײַט דאָס?

— אויב אַזוי, וועט ער זיכער שרײַבן. הערט זשע זיך אײַן.

ער האָט זיך באַקוועמער אַוועקגעזעצט, אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע אַ בריוו און אָנגעהויבן צו לייענען.

„ליבער ערווין! פֿון באַטאַוויע אָן האָב איך פֿון דיר נישט געהאַט קיין בריוו. ביז צום אינדישן אַרכיפּעלאַג זענען דײַנע בריוו אָנגעקומען גענוג אָפֿט, הגם נישט שטאַרק רעגולער, ווי איך האָב עס געוואָלט. יעדער בריוו איז דאָ אַ געשעעניש, און גייט מען אַוועק מיט גאָרנישט בײַם פֿונאַנדערטיילן די פּאָסט, פֿילט מען זיך ווי אַ קינד, וואָס האָט נישט דערהאַלטן קיין ווײַנאַכטס־מתנה.

„מיר זענען געפֿאָרן פֿון יאַוואַ דורך סומאַטראַ, געלעבט אַמבאָינאַ קיין סידניי, און פֿון דאָרט דורך די אינזלען גאַאַריאַ דאָ אַהער צו מאַרקיזע. איצט וועלן מיר זיך לאָזן מער אויף דרום, און דעם זומער, אַלזאָ פֿון אַרום דעצעמבער ביז מערץ, וועלן מיר פֿאַרברענגען ווײַט פֿון מענטשן אויף די גרעניצן פֿון אַנטאַרקטידע. עס זענען אַלץ נישט קיין דערפֿרײַענדע אויסזיכטן. דערנאָך וועט „פֿעניקס" שוין אומקערן אַהיים. ביז סעפּטעמבער וועלן די בריוו צו מיר אָנקומען אין אויקלאַנד אויף ניי־זעלאַנד. וועגן די ווײַטערדיקע סטאַציעס וועל איך דיר צו דער צײַט מיטטיילן.

„מיר האָבן געאַרבעט אַ סך און מיט אָנשטרענגונג. די טעגלעכע אַרבעט, וועלכע איז בײַ אונזער געאָגראַפֿישער ברייט, אַ שפּילכעל. ווערט שוין דאָ פֿאַרמאַטערענד. אייניקע מיטגלידער פֿון דער עקספּעדיציע זענען קראַנק געוואָרן אויף פֿיבער, און איינעם פֿון מאַגדעבורג האָבן מיר געמוזט איבערלאָזן אין אַ האָספּיטאַל צווישן אין שפּיטאָל פֿון סידניי.

„אויפֿן וועג פֿון מעלבורן קיין מאַרקיזע האָבן מיר פֿאַראַנקערט בײַ מאַנגיי, אַ באַצויבערנדיק אינזעלע פֿון אַרכיפּעלאַג גאַאָקאַ. מיר האָבן דאָרט געוואָלט פֿאַנגען אַ געוויסן מין מושלעס. עטלעכע מיטגלידער פֿון דער עקספּעדיציע, בתוכם אויך איך, האָבן געאַרבעט אויפֿן ברעג, און בײַנאַכט פֿלעגט יעדערער פֿון אונז שלאָפֿן אין אַ באַזונדערן געצעלט. אַ געוויסן באַגינען —

מיינע חברים זענען מיט שיפלעך געפארן אויפן ים — איז צו מיר צוגעגאנגען א שווארצהאריג מיידל, א נאקעטע ביז צו די לענדן, און א קלייד פון גראז, ווי מען טראגט דא. זי האט עפעס געזאגט, אבער איך האב נאטירלעך, גארנישט פארשטאנען. איך האב נאר פארשטאנען איר נאמען, ווארום ארויסרעדנדיק דעם נאמען, האט זי ארויפגעלייגט די הענט אויף די בריסט. זי האט געהייסן פיינאארא.

„פיינאארא איז מיר נאכגעגאנגען טריט ביי טריט. מיינע קאלעגן האבן געלאכט, ווען זיי האבן זי געזען ביי מיר נאך זייער צוריקקומען. מיר האבן זיך דערוויסט פון די פישער, אז פיינאארא איז פארטריבן געווארן פון איר שבט, אבער מיר האבן נישט געוואוסט פארוואס. איך האב כסדר אוועקגעיאגט דאס מיידל, נאר זי איז אומאויפהערלעך צוריקגעקומען. זי איז פאר מיר געפאלן אויף דער ערד, האט מיר צוגעטראגן מושלעס פון פארשידענע מינים, שילדקראטן און קאקאס־נים. זי איז נישט שיין געווען, זי האט נאר געהאט מילדע אויגן, וואס האבן מיך גערירט, איר לייב איז געווען דעליקאט ווי א בלום, כמעט קינדיש, שרעקזאמע באוועגונגען און א ליבלעכער דיאלעקט מיט פיל זעלבסטהילכן.

„באגינען איז זי געזעסן פאר מיין געצעלט; אוונט איז זי געזעסן פאר מיין געצעלט. אז איך האב גערופן „פיינאארא“, איז זי שוין געווען נעבן מיר, ווי א פילבארער הונט; זי האט געטראגן וואסער, געקאכט טיי. דעם לעצטן אוונט, פארן אויפאנקערן האט אויסגעבראכן א שטורעם און פיינאארא האט ארייןגעפויזעט אינם געצעלט, כדי זיך צו באשיצן פון שלעכטן וועטער. זי האט געמוזט האבן א פארגעפיל פון צעשיידונג, ווארום זי האט זיך ווילד צעוויינט, פארשטעלנדיק זיך דאס פנים מיט די הענט. איך האב געוואלט שלאפן און כ'האב איר געהייסן שטיל זיין. ס'האט מיך ארומגעכאפט א דרעמל, אבער זי האט מיך נישט געלאזט פארגעסן אין זיך. שרעקזאמע בילדער זענען אנגעשטאנען נאך פריידיקע דערשיינונגען, און די ערשטע זענען געווען פונקט אזוי פיינלעך ווי די אנדערע. איך בין געלעגן ווי

אין אָמאָל. מײַנע רעיונות זענען געפֿלױגן צו דער געליבטער. כ׳האָב געהאַט אַ געפֿיל, װי איך װאָלט געמוזט שטאַרבן אָן דער מעגלעכקײט זי נאָכאַמאָל צוצודריקן צו זיך, נישט דריקנדיק זי קײנמאָל; איך האָב געפֿילט איר מױל, און אַזױ, אין לעבעצעניש, אין שרעק, איז פֿינסטערקײט און אײנזאַמקײט האָבן מײַנע אָרעמס זיך אױסגעשטרעקט. און זײ האָבן געפֿונען לעבן, װאַרעמקײט, אַ האַלב־צוטערנדיקע ברוסט, אַ פֿאַרשיקטע פֿון אַן אַנדער עק װעלט; געבן מיר האָט געשלאָגן אַ האַרץ, אַ ליבנד מענטשלעך האַרץ, און איך האָב גענומען, און געטרונקען, און איך האָב זיך באַפֿרײַט פֿון דער היץ פֿון חלומות. אינדערפֿרי בין איך געװען אַלײן. פֿײַנאַאָרא איז פֿאַרשװוּנדן. אין פּאָרט זענען געװען מענטשן, װאָס האָבן דערצײלט, אַז עטלעכע אײַנגעבױרענע האָבן פֿאַרלאָזט די סטאַציע אין דער שיף, און אַז אינמיטן װאַסער האָבן זײ עמיצן פֿון די זײַעריקע אַרײַנגעװאָרפֿן אין ים; עפּעס אַ שטים האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז געװען פֿײַנאַאָראַ. דער ים האָט פֿאַרלאָשן איר לעבן. װירגיניאַ האָט דאָס געװאָלט.

„דו שמײכלסט, טײַערער פֿרײַנט, גלײבסט נישט אין דעם טױט. איך גלױב אין אים, כאָטש איך װער דורך אים אַפּשר מער שולדיק.

„אין אָנהױב האָב איך געהאַט ברעה דעם גאַנצן פֿאַל צו פֿאַרהוילן פֿאַר װירגיניאַן, װײַל מאָל זיך נאָר, װי אַזױ װעט מעגלעך זײַן פֿאַרצושטעלן די דאָזיקע סתירה, דאָס חיהשע און דאָס אומבאַװאוסטזיניקע, אױף אַזאַ אופֿן, אַז זי זאָל דאָס פֿאַרשטײן, מוחל זײַן, פֿאַרגעסן? אָבער װירגיניאַ מוז װעגן דעם װיסן. איך װיל נישט דורך אַ רײ חדשים טראַכטן װעגן איר און שרײַבן צו איר מיט אַ געפּרעסט האַרץ.

„זײַ געזונט, פֿרײַנט און געדענק װעגן דײַן אײביק געטרײַען מאַנפֿרעד דאַלקראָזע.“

װירגיניאַ האָט געקוקט אין חלל אַרײַן. איר פּנים איז אײנציקװײַז געװאָרן בלאַס, אָבער אין אירע שטריכן איז נישט געװען צו מערקן, װאָס אינעװײניק אין איר איז פֿאָרגעקומען. זי איז געלעגן אױפֿן רוקן, אױסגעצױגן די הענט אױף בײדע זײַטן און

צווישן די ליפּן האָט זי געהאַלטן אַ גרעזל.

— שוטה! — האָט ערווין אויסגערופן אין בייזן און האָט צעקנייטשט דעם פֿריינטס ברייוו אין דער האַנט.

— פֿאַרוואָס צעקנייטשט איר דעם בריוו? — האָט ווירגיניאַ געפֿרעגט מיט אַ האַרטן בליק. ווייבאַלד זייערע אויגן האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן, האָט ווירגיניאַ אַראָפּגעלאָזט די וויעס, אַ רויטקייט האָט באַדעקט אירע באַקן, און ווידער בלאַס־ווערנדיק פּלוצלינג, האָט זי אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ אין אַן אַנדערער זייט.

— צי זענט איר, ווירגיניאַ,ווירקלעך גרייט צו טראַקטירן דאָס דאָזיקע פֿאַרגוזמאַטע געשיכטעלע ערנסטער, ווי עס איז ווערט? — האָט ערווין געפֿרעגט זייער דעליקאַט און מיט פֿאַרזיכטיקן מיטגעפֿיל. — נאָך גוט, וואָס איך בין דאָ די אויסערלעכע שויץ, אַז וועלכער עס צעשלאָגט זיך די לעבערלעכע כוואַליע. ער איז דאָך פֿאַרנאַרט געוואָרן, דאָס גוטע יינגל, אינגאַנצן פֿאַרנאַרישט געוואָרן! צו וואָס רעדט ער וועגן דעם אַלעם? צו וואָס מאַטערט ער זיך? איצט וואָלט ער פּלוצלינג געוואָלט אַפּעלירן צום שיינגייסט פֿון אַ פֿרייער פֿרוי, און ער האָט פֿאַר איך נישט געטון גאַרנישט, ניין, ווירגיניאַ, גאָרנישט, גאָרנישט, גאָרנישט. ער האָט איך צוגערויבט יעדע שויץ לגבי מענטשן, און איצט זאָל ער זיך איבערציינגן, צו וואָס דאָס האָט אים דערפֿירט, אויב ער מוז מורא האָבן, אַז ער וועט נישט געפֿינען קיין פֿאַרשטענדעניש פֿאַר אַזאַ נאַטירלעכער, טאָג־טעגלעכער זאַך.

ווירגיניאַ האָט זיך נישט באַוואוינגן.

— איר דאַרפֿט נישט טראַכטן וועגן אומטרייקייט, ווירגיניאַ, — האָט ערווין געצויגן, — קלערט נישט וועגן פֿאַרראַט. מיר, מענער, זענען געקלעפּט פֿון אַנדערן ליים, ווי איר. אונזער טרייהייט איז פֿון אַן אַנדערער אָפּשטאַמונג, אין זי איז אויף אַזויפֿיל פֿאַרוואָרצלט אין דער נשמה, אַז אין מאָמענט, ווען איר זעט, ווי דער גוף זינדיגט, בלייט ערשט זיך פֿונאַנדער די טרייהייט.

ווירגיניאַ האָט געצוקט מיט די אַקסלען. זי האָט געהאַט אַ געפֿיל, פּונקט ווי עמיצער וואָלט איר עטלעכע מאָל אונטערגעזאָגט: מאָרגן איז דער צוועלפֿטער סעפּטעמבער. איר איז געווען

קאַלט. דורך און דורך קאַלט.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט און אַראָפּגעגאַנגען פונם בערגל. ערווין איז געגאַנגען הינטער איר, שטיל צופײַפנדיק. און שטיל־שווייגן זענען זיי געגאַנגען דורך פעלד־שטעגן. דערווייל האָט אָנגעהויבן רעגענען, וואָס אַמאָל שטאַרקער. ווירגיניאַ האָט נישט צוגעאײַלט דעם טריט. צום גליק זענען זיי אָנגעקומען צו אַ הויז. דאָס טויער איז געווען פאַרמאַכט. אויף ערווינס אָנקלאַפּן האָט זיך באַוויזן אַן אַלטע פויערטע. ערווין האָט איר געבעטן, אַז זי זאָל דערלויבן זיי איבערצוּוואַרטן דעם רעגן. די פרוי האָט זיי אַרײַנגעפירט אין אַן אַנשטענדיק אויסמעבלירטן צימער, וואָס איז געווען באַשטימט אויף זומער־וואוינונג, נאָר אין דעם יאָר איז די שטוב נישט געוואָרן פאַרדונגען. זיי זענען געבליבן אַליין.

אין ווינקל צימער איז געשטאַנען אַ פּיאַנאָ. ערווין האָט זיך צוגערוקט אַ בענקל און אָנגעהויבן שפּילן. ווען ער האָט זיך אין אַ ווײַלע אַרום אומגעקוקט, האָט ער דערזען, אַז ווירגיניאַ איז געזעסן בײַם טיש און שטיל געוויינט. אירע געזיכטס־שטריכן זענען אויף דעם מינדעסטן נישט געווען פאַרענדערט, די טרערן האָבן זיך געגאָסן נישט צום אײַנהאַלטן זיי, אירע הענט זענען געלעגן אויף דער שויס. ווען זי האָט באַמערקט, אַז ערווין קוקט אויף איר, האָט זי אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אָן טיש און די אויגן פאַרשטעלט מיט די הענט. ערווין איז צוגעגאַנגען צו איר, אַנגענומען אירע הענט פאַר די עלנבויגנס און זיי צעשפּרייט, ווי מען צעשפּרייט צווייגן אין וואַלד, ווילנדיק אַרײַנקומען אין דער געדיכטעניש. ווירגיניאַ האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, כּדי אים נישט צו ווײַזן דאָס פּנים. ערווין האָט אַוועקגערוקט דעם טיש און אַנידערגעקניט, גלײַך ער האָט געוואָלט פון אונטן אַרויף קוקן אין איר פּנים אַרײַן.

— ווירגיניאַ, — האָט ער געשעפּטשעט — מיט ! צוטרוי ! קראַפט !

דער טאָן פון זײַן שטים האָט ווירגיניאַן באַפליגלט מיט צוטרוי. זי האָט אַרויסגעמורמלט זײַן נאָמען.

— איז דאָס געווען צופיל פאַר דיר ? — האָט ערווין פאַ•

מעלער געזאָגט.

דיר ? פֿאַר דיר ? ווירגיניאַ האָט אויפֿגעציטערט. איר האָט זיך אויסגעדראַכֿט, אַז זי האָט שלעכֿט געהערט. אַ דערשראָקענע האָט זי אים געקוקט אין די אויגן אַרײַן. אַזוי נאָנט, האָט ער מיט פֿרייד געטראַכֿט, מורא האָבנדיק פֿאַר דעם, וואָס וועט איצטער זײַן — אַזוי נאָנט ! וואָרום ער האָט באַמערקט יעדע פֿון אירע פֿײַכֿטע, וואונדערלעך אין דער הויך אויסגעבויגענע, וויעס. פֿאַר דיר ? האָבן געפֿרעגט אירע אויגן, גרעסער ווערנדיקע. ער האָט געכֿאַפּט אירע אָרעמס, זי, דאַקעגן, אויסברעכֿנדיק פּלוצלינג אין אַ שלוכֿצן פֿון בושה און שרעק, האָט אָנגעשפּאַרט בײדע הענט אין זײַן ברוסט, ווילנדיק זיך שיצן. ערווין איז אויפֿגעשטאַנען. ער האָט פֿאַרטרונקן זײַן אומבאַזיגטן בליק אין אירע אויגן, פֿון וועלכֿע שרעק און האַס האָבן אײַנציקווײַז זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ תחנונימדיק געבעט.

— גישט צורירן זיך, נישט צורירן ! — האָט זי געזאָגט פֿלינק און הויך. און פּאַמעלעך האָט גענומען שוואַך־ווערן די אָנגע־שפּאַנטקײַט פֿון אירע מוסקולן. ס׳האָט איר אַרומגעכֿאַפּט אַן אוממעכֿטיקײַט, ווי די אוממעכֿטיקײַט פֿון חלום, נאָר פֿונדעסט־וועגן האָט זי זיך אויפֿגעשטעלט, אָבער דער קאָפּ אירער איז משונהדיק טויט אַראָפּגעפֿאַלן. ערווינס ליפּן האָבן געפֿונען איר מויל ווי עפּעס אַזויגס, וואָס פֿאַלט אַראָפּ, ווי מען כֿאַפּט אין די דלאָניעס אַרײַן אַ פֿויגל מיט צעבראָכֿענע פֿליגלען, און איר ציטער איז דורך אַן עלעקטרישער כֿוואַליע דורכֿגעדרונגען ווײַטער, אין זײַן קערפּער אַרײַן.

ער האָט געשפּירט אירע ברוסט, ער האָט געטרונקן איר זיסן אָטעם, ער האָט געזען די בלענדיק־ווײַסע ליניע פֿון ציין דורך די ליפּן, וואָס זענען געווען צעעפֿנט פֿון אַ נישט־נאַטירלעכֿער, נאָר גיכֿער פֿון אַן אויטאָמאַטישער אָדער קראַנקהאַפֿטיקער באַוועגונג. איר קערפּער איז וואָס אַמאָל שווערער געוואָרן אין זײַנע אָרעמס, ביז ער האָט זיך געכֿאַפּט, אַז ער האָט געהאַלטן אַ פֿאַרחלשטע פֿרוי, אַ בלײַכֿע ווי וואַקס, אַ הילפֿלאָזע, אַן אַרײַנגעשטויסענע אין צײַטווײַליקער פֿאַרגעסונג, פּונקט ווי דאָס תשובה־טון פֿאַר דער

באַלוויִדיקטער ערעָ און דעם געשעָנדעטן שטאָלץ וואָלט געקאָנט
געשען ערשט נאָך אַ קורץ=דויערנדיקן טויט.

און ווען זי האָט געעפֿנט די אויגן, ווען אים האָט אַ שלאָג=
געטון דער שטאָלענער, פֿלאַמיקער תּכלית פֿון אירעָ אויגן, ווען
אים האָט אָט דער בליק אַ באַריר=געטון, אַריינדרינגענדיק אין דער
טיפֿעניש פֿון זיין נשמה, האָט ערווין געמוזט אויספֿירן אַ וויכ=
טיקן אָפּקער, וואָס האָט אים צוריקגעוואָרפֿן כּמעט אויף די זעלבע
שאַנצן, פֿון וועלכע ער האָט אַנומלט אָנגעהויבן די אַטאַקעָ. זי
איז אומפֿאַרגלייכלעך, האָט ער געטראַכט, און איך בין באַגאַנגען
אַ נאַרישקייט, האַנדלענדיג לויט דער אַנאַלאָגיע, אָנשטאָט צו
נעמען אין אַכט איר אינדיווידואַליטעט. כ'בין געווען צו ווייניק
אָריגינעל און דאָס איז זיך נוקם.

מיט דער קלאָרקייט פֿון אַ בליץ האָט ער פֿאַרשטאַנען: אָט
דאָס איז אומשולד! ער האָט נישט געגלויבט דערין, קיינמאָל
נישט, אין די פֿאַרבאָרגנסטעָ רעיונות. אומשולד! וואָס איז אַזוינס
אומשולד? צי זענען די קליינע, ליבלעכע מיידלעך אומשולדיק,
ווען זיי פֿאַרטיידיקן זייער זיכערקייט? צי זענען אומשולדיק די
פֿרויען, וועלכע באַטראַכטן דעם פּרייז פֿאַר צו=גנידריק? שרעק=
זאַמע מיידעלעך, דערפֿאַרענע פֿרויען. שלאַבריגע, אָן ציל, הונגע=
ריקע, קאַלטע? דאָ איז די אומשולד געווען די קראַפֿט. זי האָט
אים בלינד=געמאַכט. וואָס פֿאַר אַ קענגשטעלונג דאָס איז געווען!
גבורה און ווילן; די שיינקייט און איר אָנפֿאַלער, איר שונא,
איר שקלאַף, איר האַר, איר באַשטימונג.

ערווין איז געווען אַזוי פֿאַרטיפֿט אין די געדאַנקען, אַז ער
האָט שיער=נישט באַמערקט, ווי ווירגיניאַ האָט גיך, אין
שווייגן, כּמעט אַנטלויפֿנדיק, פֿאַרלאָזן דעם צימער. יאָ, מיר וועלן
זיך בקרוב ווידער טרעפֿן, האָט ער געזאָגט מיט אַ גיפֿטיק שמיי=
כעלע, ווען ער האָט געזען, אַז ער איז אַליין. אַ פֿערטל שעה איז
ער געזעסן אומבאַוועגלעך, דערנאָך איז ער אויך אַרויס. ער האָט
גערופֿן די פֿויערטע און איר באַצאָלט פֿאַר איר גאַסט=פֿריינט=
לעכקייט.

עס האָט נאָך גערעגנט. ער האָט אויף דעם נישט געלייגט

קיין אַכט. ר'האָט אפילו אויסגעקליבן אַן אומוועג.

ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער געהייסן איינהייצן דעם אויוון, כדי צו פאַריאָגן די קאַלטקייט פונם רעגן. וואָס וועט זיין איצט? האָט ער געטראַכט זיצנדיק ביים קאַמין. זי האָט די איבערמאַכט איבער מיר. איך האָב זי נישט דערשאַצט. מ'וואָלט געקאָנט מיינען, אַז אַלץ איז געענדיקט. אָבער מיר הויבן ערשט אָן, ליבער, מיר הויבן ערשט אָן. איך קאָן זי שוין נישט אַרויסלאָזן. צוריקציען זיך? איצט? אוממעגלעך. כ'וואָלט פאַר זיך גופא געווען אַ גאָרנישט. איך קאָן נישט. דערפאָלג וועט מיך נישט מאַכן רייכער! דערפאָלג איז נאָר אַ באַשטעטיקונג, נישט אַ באַרייכערונג.

אָ, ווי זי צווינגט מיך צו דעם, וואָס איך טו! זי ברענגט מיך אַרויס פון גלייכגעוויכט.

זיינע געדאַנקען זענען וואָס אַמאָל געוואָרן מער אויפגערייצט. דאָס פאַרברענגען אין שטילן דאָרף, צו וואָס ער איז נישט געווען צוגעוואוינט, האָט געטון דאָס זייניקע, פאַרערגערנדיק זיין שטימונג. ער האָט געלייענט, געאַרבעט איבער זיין שטודיום וועגן דער מאָראַליטעטס-אידעע. אין אָוונט האָט ער געשריבן אַן אויספירלעכן ענטפער צו מאַנפרעדן. ער האָט געהאַלטן פאַר געוויינלעך אויסצוטײַטשן זיך דעם פאַל אויף דער אינזל מאַנגיי אַלס אַ משוגאַוועס, נישט ערנסט מעשה'לע אין סטיל פון מאַנטעסקיא אָדער הײַנע. ער האָט דערביי געשטראָפט דעם פריינט פאַר זיין ליבע-היץ.

„איך זע נישט קיין עצה דערצו", האָט ער געשריבן, „אין דער הינזיכט קומסטו מיר פאָר עטוואָס געשמאַקלאָז און שולדיק. די פילסט עס אַליין, אויב איך האָב נאָר פאַרשטאַנען איינציקע זאַצן, אין וועלכע דו זאָגסט זיך אַרויס וועגן דער באַדערפעניש פון אַ גרעסערן איבערגעוויכט פון דיינע לעבנס-אינטערעסן, צו באַפרייען זיי פון איינזייטיקער באַשווערטקייט דורך ליבע און באַשאַפן פאַר זייערטוועגן אַ געזעלשאַפטלעכן מיטלפונקט. אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט רעפּרעזענטירט די ליבע שוין גאָרנישט. איך קאָן נישט ליבן די טיראַנייַ פון געפיל, וואָס פאַרפירט אונז בנוגע

די גײַסטיקע צילן פֿון לעבן. באַצײַכן מיך ניט דערפֿאַר אַלס ציל־באַוואוסטזיניקן. ציל־באַוואוסטזײַן איז אַ גוטע באַצײַכענונג פֿאַר סטאַטוטן פֿון אַ שוסטער־פֿאַרײַן. איך בין ניט פֿאַראינטערעסירט אין דער אַנטלױפֿונג פֿון דער ליבע דעם יונגען הערס, איך אַנטלױף ניט פֿאַר איר, איך האַלט אײַן איר שריט. אָבער איך קען ניט מותר זײַן אויף די רעכט פֿון שײנער זעלבסטאַכטונג. לײדנשאַפֿטן זענען אַ מעדיצין פֿאַרן גײַסט און אַ מאַסאַזש פֿאַרן האַרץ. אין דער ליבע איז ווי אין דער אַדמיניסטראַציע פֿון פֿינאַנצן: אומגעזונטער צאָל רוינירט דיווירטשאַפֿט, און מאָנאָפּאָלן שאַדענען דעם פֿרײַען אויסטויש. האָסט שלעכט געטײַטשט, וואָס דו האָסט אויסגעטײַטשט דײַן פֿאָליגעזישע פֿאָסירונג אויף דער אײראָפּעישער שפּראַך. מילדערנדיקע אומשטענדן, וואָס דו רוקסט אַרויס ווי אַ געניטער יוריסט, קאָנען דינען נאָר דערצו, כּדי אַרויסצוציען אויף זיך אַן אומגערעכטע באַשולדיקונג. אַלזאָ: טרײַהײט באַצײַכנסטו אַלס אַ פּרינציפּ, און דאָס איז באַשטראָפֿונגס־ווערט. פּרינציפּן הרגענען אַוועק די יוגנט, דאָס אײנציקע פּאָזיטיווע גוטס פֿון לעבן. איך האָב עוקר מן השורש געווען דאָס אומגליק, וואָס האָט דערפֿון געקאָנט לויערן אויף ווירגיניאַן, צוגרײטנדיק זי באַצײַטנס. זי וואָלט גרײט געווען צו באַגײן נאַרישקײטן, מחמת זי האָט קײנמאָל ניט געהאַט קײן בעל־יועץ, וועלכער זאָל זי באַפֿרײַען פֿון די פֿאָראורטײלן פֿון איר קאַסטע. איצט קאָנסט דו זײַן רויק. איר קאָנסטיטוציע געהערט צו דעם מין ווי די אײדעלע פֿערד, וועלכע באַווײַזן שטענדיק, אונטער אַ פֿאַכמענישער לײטונג, אומגעווײנטלעכע זאַכן. די דאָזיקע פֿאַרגלײַכונג האָט ניט אין זיך קײן שום בײזס, אויב מען באַטראַכט, ווי איך טו עס, אַן אײדל פֿערד פֿאַר אײנע פֿון די פֿולקומסטע באַשעפֿענישן אין דער נאַטור. ווירגיניאַ איז געבוירן צו טריומפֿירן, און די גערעאַנסטע דענדיס פֿאַרלירן תּמיד דעם קאָפּ אויף דער גלײַכער ליניע. דער גראַף העגנסדאָרף האָט מיר פֿאַרזיכערט, אַז מ׳דאַרף קניען פֿאַר איר. ער, פֿאַר וועמען אַלע קניען! זײַ געזונט, און זאָל דיר גאָט געבן פֿריד און פֿאַרשטאַנד!"

# קײטן

עֶרווין האָט גֶעאַרבּעט אַזש בּיז נאָכמיטיק. אַרום צוויי האָט מֶען אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. עס איז געווען פראַו געסנער. זי איז געווען אַ פאַרדאגהטע און אַ ציטערדיקע. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און איז צו איר העפלער צוגעגאַנגען. זי האָט געפרעגט, וואָס ס'איז פאָרגעקומען צווישן אים און ווירגיניאַ.

— גאָר קײן װיכטיקס, — האָט ער קאַלט געענטפערט.

— אויב אַזוי, ווייס איך ניט, וואָס מיט איר איז געשען. נעכטן איז זי אַהײמגעקומען אַ דורכגענעצטע און האָט זיך געלײגט אין בעט אַרײַן. מיר דאַכט, אַז זי האָט געהאַט היץ. זי האָט צו מיר קײן וואָרט ניט גערעדט, קײן אײן וואָרט ניט, ניט נעכטן, ניט הײַנט. צי קאָנט איר מיר דאָס פאַרענטפערן?

— איז זי הײַנט אויפגעשטאַנען?

— יאָ. זי זיצט אין איר צימער.

— וואָס טוט זי?

— איך ווייס ניט.

— כ'וועל גײן מיט אײַך.

— טוט עס ניט בעסער. זי וועט אײַך ניט אויפנעמען.

— אַך? זי וועט מיך ניט אויפנעמען? ווי אַזוי וועט זי דאָס טון?

פראַו געסנער האָט געציקט מיט די אַקסלען.

— איך האָב געוואָלט קומען צו אײַך פאָרמיטיק. האָט זי מיר דאָס פאַרווערט. וואָס איז געשען? פרעג איך, זי קוקט אין דערלײַדיקטײט אַרײַן. איצט האָב איך זיך אַרויסגעגנבעט.

— כ'וועל גײן מיט אײַך.

— זי איז איינגעקשנט, — האָט ערווין. ס'איז שלעכט, ווען מען וויל צעברעכן איר ווידערשטאַנד.

— מיר וועלן זען.

פֿרוי געסנערס הייזל איז באַשטאַנען פֿון פֿינף קליינינקע צימערלעך. ווירגיניאַס צימער האָט זיך געפֿינען אין דער הויך.

— צי פֿעלט אייך געלט, וואָס איר פֿאַרמאַכט זיך אין אַזעלכע שטייגן? — האָט ערווין אויף די טרעפּן זיך געווענדעט צו פֿרוי געסנער.

— מ'האָט נישט געקאָנט קריגן עפּעס בעסערס, — האָט די אַלטיטשקע זיך פֿאַרענטפֿערט.

— איך האָב אייך פֿאָרגעלייגט פּאַלאַצן, — האָט ערווין געענטפֿערט מיט צאָרן. — זאָל גאָט היטן דעם מענטש פֿאַר קרעמער און קליינבירגער. — איך בעט מיר מוחל זיין, אָבער מיין גערולד האָט זיך אויסגעשעפּט.

פֿרוי געסנער, אויסערגעוויינטלעך איבעראַשט, האָט פּשוט נישט געקענט ענטפֿערן. עס האָט זי באַהערשט אַ שלעכט פֿאַרגעפֿיל.

ערווין האָט צוגעוואַרט אין גרויסן צימער, צווישן ווירגיניאַס שטיבל און פֿרוי געסנערס שלאָף־צימער. באַלד איז זי צוריקגעקומען מיט אַ הילפֿלאָזן פּנים. פֿאַר איר האָט מען פֿאַרמאַכט די טיר.

— נו, וואָס? — האָט ערווין געפֿרעגט מיט אַ פֿאַרבלאָזן קול.

פֿרוי געסנער האָט אַ דערשראָקענע געקוקט אויף דער ערד. ערווין איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און פֿעסט אַ דריק געטון די קליאַמקע.

— ווירגיניאַ! — האָט ער הייזעריק אויסגערופֿן.

מען האָט נישט געענטפֿערט. ערווין האָט געוואַרט, שווער געאָטעמט.

— ווירגיניאַ! איר ווילט נישט רעדן מיט מיר?

מען האָט נישט געענטפֿערט.

ווירגיניאַ! אַ מענטש פֿון ערע, נייַן, אַ אָרנטלעכן מענטש טאָר מען נישט באַהאַנדלען אַזוי ווי אַ אָנפֿאַלער. — האָט ער

שאַרף אָקצענטירט די ווערטער.

מען האָט נישט געענטפערט.

— ביי גאָט, וואָס איז צווישן אייך געשען? — האָט פרוי געסנער געמורמלט, צוגייענדיק נאָנט צו ערווינען. פון אירע אויגן זענען געראָנען פערלדיקע טרערן, ווי וואַסער פון אַ נעץ. מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג האָט איר ערווין באַפוילן צו שווייגן. ער איז געווען זייער בלאַס. ער האָט אַרויסגענומען דעם זייגער און האַלטנדיק אים אין האַנט, געזאָגט:

— הערט, ווירגיניאַ! יעצט איז דריי אַ זייגער. זעקס וועל איך ווידער קומען. ביז דאַן באַשליסט אַליינצולאָזן מיך. איך וועל זיך באַמיען צו פאַרגעסן וועגן דעם... הערט! זעקס. דאָס איז מיין לעצט וואָרט.

ער איז אַוועק, נישט קלערנדיק מער וועגן פרוי געסנער.

איבער צוויי און אַ האַלבע שעה האָט ער געבלאָנדזשעט אין רעגן אויף לאַנקעס און פעלדער מיט פאַרקריצטע ציין. ער האָט באַשלאָסן צו קומען פאַר דער באַשטימטער שעה, כדי איבערצו־ראַשן ווירגיניאַן. ער האָט אָבער באַלד אַוועקגעוואָרפן דעם פּלאַן. עס איז שוין געווען האַלב זיבן, ווען ער איז מיט אַ פעסטן טריט אַרויף אויף די טרעפּ. ער איז אַריין אין צימער און זיך באַגריסט פאַר פרוי געסנער, וואָס האָט, דערזעענדיק אים, צוגע־דריקט ביידע הענט צום געזיכט. ער האָט געקוקט אויף דער טיר מיט אַ פרעגנדיקן בליק. פרוי געסנער האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי איז ווידער צוגעגאַנגען נאָנט צו אים, האָט אויפ־געהויבן דעם ווייז־פינגער און געמורמלט:

— איר האָט געמוזט טון עפּעס שלעכטס. איך קען מיין קינד. אַזוי איז זי נאָך קיינמאָל נישט געווען.

ערווין האָט אויף איר אַ קוק געטון מיט פאַראַכטונג. ער האָט דערפילט אַן עקל. נישט רעדנדיק צו איר קיין וואָרט, איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר, ער האָט דריי מאָל אַ קלאַפּ געטון מיטן פינגער.

— דאָס בין איך, ערווין ריינער, און נישט זיקסטוס פאָן פּלינגעל! — האָט ער אויסגערופן.

ער האָט אַ דריק געטון די קליאַמקע. ער האָט גענומען

רײַסן װאָס אַמאָל שטאַרקער, מיט ביטערניש, מיט כּעס. אומ־זיסט, מען האָט גאָרנישט געהערט. נישט קײן טריט, נישט קײן קלינג. ער איז טײלװײַז מאָל זיך איבערגעגאַנגען איבערן צימער.

פֿרױ געסנער האָט אויף אים אויפֿמערקזאַם געקוקט. אין אַ װײַל אַרום איז ער אויפֿגעגאַנגען צו צו דער טיר און געזאָגט:

— װירגיניאַ, עפֿענט! קײנער האָט זיך נאָך נישט דערלויבט, װאָס איר האָט זיך הײַנט דערלויבט. איך װיל אײַך נישט געבן קײן גרונט צו באַדויערן אײַער שריט, װאָס איך האָב נישט פֿאַרדינט. באַקלערט אײַך, איר האָט נאָך אַ פֿערטל שעה צײַט.

ער איז צוגעגאַנגען צום טיש, גענומען אַ שטול און זיך געזעצט. גלײַכגילטיק האָט ער געקוקט פֿאַר זיך, פֿון צײַט צו צײַט האָט ער אַ בליק געטון אויפֿן זײגער. פֿרױ געסנער איז גע־זעסן בײַ אַפֿענע באַלקאָן־טירן. זי האָט גאָרנישט גערעדט. זי האָט זיך צוגעהערט.

עס איז אַװעק אַ פֿירטעל שעה. ערװין איז אויפֿגעשטאַנען און גענומען דעם קאַפּעליוש. פֿרױ געסנער האָט בעטנדיק אויס־געצויגן די הענט. ער האָט געצויגן מיט די אַקסלען און אַרויס. צום ערשטן מאָל אין לעבן האָט ער אַדורכגעלעבט פֿאַרצװײפֿלונג. שטײן בײַ דער טיר און נישט װערן אַרײַנגעלאָזט! דאָס איז גע־װען דאָס שרעקלעכסטע, װאָס האָט אים געקענט טרעפֿן. צו דעם איז שוין דערגאַנגען? אַזאַ איז דער רעזולטאַט פֿון זײַן לעבן: שטײן פֿאַר דער טיר און נישט אַרײַנגעלאָזט װערן!

אויף די שטיגן האָט ער זיך געװאַקלט, געקוקט אין דער פֿינצטערניש, װי אין אַ תּהום. פּלוצלינג האָט ער געהערט הינטער זיך שנעלע טריט. ער האָט געװוּסט, אַז דאָס איז פֿרױ געסנער, זי לויפֿט אים נאָך. מיט קאַלטע פֿינגער האָט זי באַרירט זײַן האַנט און געזאָגט:

— איך קאָן מיר דאָס פֿאָרשטעלן, ערװין.

פֿון װאַנען די דרײַסטקײַט פֿון איר צו רופֿן מיך ערװין? — האָט ער געטראַכט מיט ביטערניש.

— מיט װאָס קען איך דינען? — האָט ערװין געפֿרעגט העפֿלעך און קאַלט.

— ווען איר זאָלט נאָר געוועזן האָבן צו מיר צוטרויען, — האָט זי געזאָגט, אויפֿאָטעמענדיק.

ערווין איז אַראָפּ פֿון די טרעפּן. פֿרוי געסנער איז געגאַנגען הינטער אים, ווײַל זי האָט געזען אין אים אומאַנטשלאָסנקייט. אין גרעסערן צימער אונטן האָט ערווין זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— גוט, מאַמעלע, איר וועט זיך איבערצײַגן, אַז עס פֿעלט מיר נישט קיין צוטרוי. איך בעט אײַך ווירגיניאַס האַנט.

דאָס געלע פּנים פֿון דער אַלטער פֿרוי איז ווי גרעסער געוואָרן. אין זיך האָט זי אָפּט זיך פֿאָרגעשטעלט די פֿרייד, וואָס זי וועט האָבן הערנדיק די דאָזיקע ווערטער. און יעצט איז זי גאָרנישט געוועזן פֿריילעך, נאָר אויפֿן העכסטן אופֿן איבערראַשט. די איבערראַשונג האָט פּאַראַליזירט די פֿרייד און די פֿאָרשטעלונג וועגן לוקסוס, זאָרגלאָזיקייט און רײַכטום.

— איר בעט מיך ווירגיניאַס האַנט? — האָט זי איבערגעחזרט אין צווײַפֿל. — מיך? מיך בעט איר? פֿאַרוואָס נישט ווירגיניאַן אַליין?

— צי זאָל איך איר מאַכן די דערקלערונג דורך דעם לעכל פֿון דער טיר?

— אָבער ווירגיניאַ איז דאָך שוין אַ כּלה, ערווין?...

— יאָ, דאָס איז די שטערונג, ווי עס זאָגט האַמלעט. יעדנפֿאַלס זענען שוין גרעסערע צוזאַמענבונדן צעריסן געוואָרן.

— זי וועט זיך פֿון איר מאַנפֿרעד באַין אופֿן נישט אָפּזאָגן.

— וועגן דעם גייט עס טאַקע.

— רעדט איר ווירקלעך ערנסט?

— מען שפּאַסט נישט, ווען מען איז געטרעטן געוואָרן מיט די פֿיס.

— אַך, ווי אומגליקלעך איך בין! — האָט פֿרוי געסנער שטיל אויסגערופֿן.

ערווין האָט געקוקט אויף איר, ווי מען קוקט אויף אַן איינגעגעבן ווערק, און דערשטיקט אַ בייז געלעכטער. ער האָט די אַלטע גענומען אונטערן אָרעם און געזאָגט:

— איר וועט פֿאַרשטיין, מאַמעלע, אַז עס גייט וועגן באַזינגן ווירגיניאַס קינדערישן ווידערשטאַנד. די ווילטיקסטע זאַך איז, איך זאָל קאָנען מיט איר רעדן. זאָגט איר, אַז איך בין אַוועקגעפֿאָרן. מאָרגן אַכט אָוונט וועל איך אין דער שטיל אַריינגיין אין צימער. וועגן מיר זאָלט איר נישט רעדן. באַמיט אייך, אַז זי זאָל זיצן נעבן אייך, אויב זי וועט מיך זען, האָב איך געוואונען. די זאַך איז אַוועק ווייטער, ווי איר מיינט, מאַמעלע — האָט ער געענדיקט, — ווירגיניאַ איז צעשטרייט. אָט איז דער שליסל פֿון איר אויפֿפֿירונג און די דערקלערונג דערפֿון, וואָס איך מוז איר בערטראָגן. אויב איר וועט מיר העלפֿן, וועט אַלץ גוט זיין.

— און מאַנפֿרעד ? — האָט פֿרוי געסנער געברומט.

— מאַנפֿרעד וועט טאַנצן מיט פֿיינאַאָראַן.

— וואָס ?

— וועגן דעם וועלן מיר אַן אַנדערש מאָל רעדן.

— און איר וועט גליקלעך מאַכן מיין טאָכטער, ערווין ?

— ווייגט נאָך איצט נישט, מאַמעלע ! איך בין נישט ביכולת איבערצוטראָגן מער רירנדיקע מאָמענטן.

עס איז אַזוי ווי ער זאָגט, האָט פֿרוי געסנער געטראַכט, ווען ערווין איז אַוועק. גינאַ איז צעשטרייט, דאָס אָרעמע קינד ווייסט נישט, וואָס צו טון. אָבער מען קאָן נישט צווייפֿלען, אַזאַ גליק מאָר מען נישט אַוועקשטופּן.

ערווין איז געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט אויף אַ באַנק אונטער אַ בוים, קוקנדיק אין באַלויכטענעם פֿענצטער פֿון ווירגיניאַס צימער. ווירגיניאַ האָט זיך געלייגט שלאָפֿן. אירע נאַקעטע פֿוס־טריט האָבן יעצט באַרירט די ברעטער פֿון דער פּאָדלאָגע, איר קערפּער, כמעט אַן אומבאַדעקטער, האָט געציטערט פֿון דער אָוונט־קעלט, וואָס איז אַריינגעדרונגען דורכן פֿענצטער. יעצט ליגט זי אין אויסגעצויגענע אויפֿן ווייסן ליילעך, אויפֿן אומפֿילבאַרן ליילעך. אירע הענט, מיט די ווייסע פֿינגער, געפֿינען זיך אָפּ, ווי אַ לעבנדיק פּאָרל, וואָס זוכט זיך קעגנזייטיק אין דער פֿינצטערניש. דער שמאַראַגד־רינג איז אַראָפּגענומען פֿון דער לינקער האַנט, זי איז יעצט פֿריי פֿון צוואַנגען, איר בעט איז דערווייטערט פֿון אים נישט

מער ווי צען מעטער. אָבער צווישן זיי איז דאָ אַ טיר, וואָס זי האָט ניט געעפֿנט.

ווירגיניאַ האָט ניט געקלערט וועגן דער טיר און ניט געקלערט וועגן דער פֿינצטערניש. זי האָט ניט געציטערט, ווען די קליאַמקע האָט זיך געבויגן אונטער זיין צאָרנדיקער האַנט. ? איז רויק געזעסן ביים טיש מיטן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די הענט. זי האָט שוין ניט געטראַכט וועגן פֿיינאַראַן. האָט געגלויבט מאַנפֿרעדן, עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי ליבט אים טאָפּלט פֿאַר דער קראַפֿט פֿון אויפֿריכטיקייט. ווען עמעץ אַ שטים וואָלט איר געזאָגט, אַז ער, דער צווייטער, זיצט דאָרט אונטער אַ בוים, וואָלט זי דערמיט ניט געווען איבערראַשט, ווייל זי האָט אומאויפֿהערלעך געפֿילט זיין נאָענטקייט. זי האָט זיך געפֿילט געבונדן, אָבער זי האָט באַשלאָסן זיך צו באַפֿרייען. זי האָט געוואָלט זיין פֿריי. זי האָט שוין ניט געוואָלט וואַרטן אויף אים פֿון פֿריִ ביז אָוונט. זי האָט געוואָלט זיין פֿריי. זי האָט ניט געוואָלט, אַז איר האַרץ זאָל שלאָגן, ווען זיינע ווערטער האָבן זי באַרירט ווי אַ פֿינגער, אָדער האָבן אויפֿגעוועקט אַ נייגעריקייט, מיט וועלכער זי האָט זיך געשעמט.

וויפֿיל מאָל זי האָט פֿאַרמאַכט די אויגן האָט זי דערפֿילט זיינע ליפּן אויף אירע. ווי האָט ער געקאָנט זיך דערלויבן אָנצורירן מיט זיינע ליפּן אירע ? דאָס האָט זי געמאַכט קאַלט און גלייכגילטיק. זי האָט ניט געפֿילט קיין פֿרייד פֿון זיך. זי האָט געוואָלט אַ נקמה־נעמער, אָבער פֿון רחמנות צו אים און פֿון דעם ביסל איבערגעבליבענעם פֿריינטשאַפֿט צו מאַנפֿרעדן האָט זי מורא געהאַט פֿאַר נקמה.

ער האָט מיט זיין מויל באַרירט אירע ליפּן. דאָס האָט אין איר גאָרניט דערוועקט, ענדער בלויז דערהרגעט. יאָ, אַלץ איז בלאָס געוואָרן מיט איינמאָל, אפֿילו מאַנפֿרעדס בילד. יעצט, אין דער פֿינצטערניש, האָט זיך איר דערמאָנט דער האַלזבאַנד פֿון פּערל. עס איז ניט מעגליך געווען לענגער צו האַלטן אים. אָבער עס איז שווער געווען צו געפֿינען אַ העסלעכע פֿאָרם פֿון אָפּגעבן אים.

פֿמעט אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געטראַכט דערפֿון. ווען די מוטער האָט איר צעמאָרגנס געזאָגט, אַז ערווין איז אַוועקגעפֿאָרן אין דער שטאָט, האָט עס איר געבּרענגט אין כּעס. זי האָט געװאָלט בּעטן די מוטער, אַז זי זאָל אים אָפּטראָגן די פּערל. ווען זי וואָלט געווען מער אויפֿמערקזאַמער, וואָלט זי געזען ווי די מוטער, וועלכע האָט געהאַט צו־ווייניק פֿאַרשטעלונג־קראַפֿט צו לייקענען, מען זאָל איר גלייבּן, אַז זי איז שטאַרק צעשטרייט. זי האָט בּאַשלאָסן היינט אַבּיסל אַרויסצוגיין. זי איז געבּליבּן מיט איר האַנט־אַרבּעט אויפֿן בּאַלקאָן, אַ גאַנצן טאָג איז זי געווען אין אַ שלעכטן הומאָר און גאָרנישט גערעדט.

עס האָט געשלאָגן אַכט, ווען ערווין איז געקומען. זיינע טריט האָט מען ערשט געהערט, ווען ער איז שוין געווען אויף דער שוועל, ווייל ער האָט אָנגעטאָן ספּעציעלע טעניס־פּאַנטאָפֿל.

ער האָט זיך בּאַגריסט. זיין שפּאָטנדיקע שמייכעלע האָט ווירגיניאַן געטריבּן ס׳בּלוט צום פּנים.

— איך האָבּ אָפּגעלייגט מיין אָפּפֿאָר, — האָט ער געזאָגט,— ווייל איך האָבּ געוואָלט דערהאַלטן אַן ענטפֿער אויף דעם פֿאָרשלאַג, וואָס איך האָבּ געמאַכט אייער מוטער.

פֿרוי געסנער האָט געוואָלט ענטפֿערן, אַז ער האָט פֿאַרבּאָטן צו רעדן וועגן דעם. ערווין האָט איר איבּערגעריסן ביים ערשטן וואָרט. מיט שווערקייט האָט זיך אים איינגעגעבּן דער קאַלטער אופֿן פֿון רעדן, וואָס האָט איבּערצוגעבּן די געווינטלעכסטע זאַך, אויף וועלכער ער האָט זיך ווען־עס־איז דערלויבּט.

ווירגיניאַס פֿרעגענדיקער בּליק האָט אים גענויגט קלאָרער זיך אויסצודריקן.

— איך האָבּ געבּעטן פֿרוי געסנער אייער האַנט, — האָט ער געזאָגט.

ווירגיניאַס פֿאַרוואונדערונג איז געווען אַזוי נאַאיוו, אַז זי האָט אויסגעזען ווי חוזק.

— מיר קענען ווירקלעך מיינען, אַז איר שפּאַסט פֿון מיר, — האָט זי ענדלעך געענטפֿערט. — ניין, דאָס איז ווירקלעך צופֿיל, — האָט זי אויסגערופֿן מיט בּרענענדיקע בּאַקן און אויפֿגעשטאַנען.

— איך ווייס ניט, צי דאָס דאָזיקע ניט־גלייבן מיר איז פאַר מיר באַליידיקנדיק אָדער פאַרקערט, גינסטיק, — האָט ערווין געזאָגט מיט אַ געצוואונגענער פרייקייט.

— גינסטיק? ווי אַזוי? — האָט ווירגיניאַ געפרעגט אַ פאַרוואונדערטע.

איך אָפּפער פאַר אייך דאָס, וואָס קיינער קאָן אייך ניט אָפּפערן, — האָט ערווין אָנגעהויבן, — און איר האָט פאַר מיר בלויז קעלט און חוזק.

— ווייל איר זענט ניט באַגלויביק, — האָט ווירגיניאַ ביטער איבערגעריסן.

— יאָ, איך האָב מוט צו פאָדערן די האַנט, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן, ניט ווייסנדיק וואָס זי גיט, — האָט ערווין געצויגן.— איך האָב די דרייסטקייט צו רעכנען, אַז איר, בלויז איר, בין איך ווערט. יענער האָט געקריגן, האָט געוואוסט, וואָס ער קריגט, אָבער איז אַנטלאָפן מיטן וועקסל אויף דער צוקונפט. ער האָט צוגענומען די נשמה, און איבערגעלאָזט אייך צוויי יאָר, צוויי יאָר פון פיינלעכער וואַכזאַמקייט, פון פלאַכן לעבן, עלנטער האָפנונג, בלינדער, האַרצלאָזער ליבע. און איך, וועמענס פאָראויסבאַשטימונג עס איז געווען אייך צו געפינען און אייך גליקלעך צו מאַכן, איך דאַרף שטיין הינטער דער טיר און בעטלען, איך דאַרף ליגן אויפן קריוץ, איך דאַרף אַכטן די פּריווילעגיע פון שוואַכערן, דאַרף איך זיך גרויסמוטיק אָפּזאָגן? איך קען ניט, איך וויל ניט, איך האָב ניט קיין רעכט זיך אָפּצוזאָגן. אַ פריינט שעץ איך הויך, אָבער זיך קען איך מיך ניט אויפהויבן.

ווירגיניאַ האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס צימער. איר פּנים האָט ניט אויסגעזאָגט וועגן דער מינדעסטער געדעכטיקייט, דאָס מינדעסטע געפיל. אירע ברעמען זענען געווען אַראָפּגעלאָזט אַזוי נידריק, אַז ביידע רייען ברעמען האָבען זיך באַרירט. ערווין האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג.

— ניין, ווירגיניאַ, — האָט ער האַסטיק געזאָגט, און זיין פּנים איז בלייך געוואָרן, — ניין! אַזוי ניט. איר הערט מיך אויס.

— איך האָב נישט וואָס צו הערן. איך וועל גאָרנישט אויסהערן.

— איך האָב איבערגעריסן דעם צוזאַמענבונד פֿון הערצער, איך האָב דערמאָרדעט דאָס האַרץ פֿון אַ פֿרוי, וועלכע איך האָב געליבט בלויז דערפֿאַר, ווייל איר, ווירגיניאַ...

— רעדט נישט דערפֿון. איר האָט דעמאָלט פֿאַראַטען אַזוי ווי איר פֿאַראַט איצט.

— בלייבט, ווירגיניאַ! — האָט ער כמעט געשריגן און אויפֿסניי איר פֿאַרשטעלט דעם וועג. — דאָס וואָלט דאָך געווען אַ משוגעת, ווען איך וואָלט אייך געוואָלט איבערצייגן, אַז איר זאָלט האַנדלען קעגן אייער געפֿיל, ווען איך וואָלט געמיינט, אַז איך וועל אייך ברענגען פֿון גליק צו אומגליק, ווען איך וואָלט געווען איבערצייגט, אַז איר האָט שוין אויסגעקליבן אָן אָפּצורופֿן. אָבער אַזוי איז נישט. איר האָט נאָך נישט אויסגעקליבן. איר האָט נאָך נישט געהאַט קיין געלעגנהייט אויסצוקלויבן. איר האָט זיך בלויז פֿאַרפֿליכטעט. אַ הייראַט מיט מאַנפֿרעדן וואָלט פֿאַר אייך געווען בלויז אַ קאַמף פֿון בענקשאַפֿט מיט אַלטעגלעכקייט, פֿון חלום מיט דער באַנאַלער אַרבעט, פֿון שיינקייט מיט דעם מיאוסן צוואַנג. איר זענט נישט געבוירן צו נידריקייטן, איר וואָלט זיך פֿאַרמאַטערט צום טויט ביי דער זייט פֿון אַ מענטש, וועלכן עס באַשטראַלט נאָר דער גלאַנץ פֿון יוגנט, אָבער וועלכער וועט אָבער אין צען יאָר אַרום זיין טרוקן, שפּאָרזאַם, קראַנק, וועלכן די לעבנסזאָרגן וועלען מאַכן הילפֿלאָז, און די אַנטוישונג פֿון דורכפֿאַל — ביטער. איך וואָלט אייך, ווירגיניאַ, געהיטן, ווי אַ שרף, וואָס פֿאַלט אַראָפּ פֿון הימל. איך וואָלט אייך אויסגעלערנט פֿייערן הייליקייטן. איך וואָלט געשטאַנען מיט אייביק פֿולע הענט, קיינמאָל וואָלט איך נישט גערעדט פֿון ליבע, אָבער איך וואָלט אייך איינגעהילט אין ליבע, ווי אין אַ טייערן מאַנטל. צי וואָלט איר געטראַכט דערוועגן, ווי שרעקלעך איז צו וויסן פֿון אַ מענטש, וואָס האָט געשאָנקען זיין לעבן דער ליידנשאַפֿט? צי פֿילט איר צו וואָס עס איז פֿעיק אַ ליידנשאַפֿט, געבוירן אין בלוט, געזעטיקט אין גייסט, אויפֿגעכאָוועט דורך די חושים, באַשטעטיקט

דורך דער נאַטור? איך וואָלט געמוזט צווייפלען אין דעם אַלץ, אין בלוט, אין גייסט, אין גורל, ווען איך וואָלט ניט געהאַט די זיכערקייט, אַז איר האָט שוין לאַנג אויפגעפלאַמט ביי דעם דאָזיקן פייער און איר מאַכט זיך בלויז, אַז איר זענט פון דעם דאָזיקן פייער ניט אָנגערירט געוואָרן. איר זענט ניט איר, איך בין אומפאַרגלײַכבאַר אין אייך, ווירגיניאַ! איר קענט טון וואָס איר ווילט, פון מיר וועט איר זיך ניט באַפרייען.

אומווילן, ווידערשטאַנד, אומקלאָרע מחשבות, שרעק, אויפרעגונג, דאָס אַלץ איז געווען אויפגעשריבן אויף ווירגיניאַס פּנים. נאָך די לעצטע שרעקלעכע ווערטער האָט זי טרויעריג געקוקט אויף ערווינען. געבען מיל האָט זיך איר געמאָלט אַ שטריך פון רייגעם מיטגעפיל.

— אַנטשולדיקט אויף אַ רגע, — האָט זי ענדלעך אַרויסגעמורמלט און אַריין צו זיך אין צימער. פרוי געסנער איז אומבאַוועגלעך געזעסן אויפן באַלקאָן. ערווינס ווערטער האָבן זי טיף גערירט. זי האָט באַוואונדערט דעם דאָזיקן מענטש. זי האָט געשאָלטן מאַנפרעדן, זיך געביזערט אויף ווירגיניאַן, מקנא געווען ווירגיניאַן, אייגנעזען, ווי פוסט און גראָ איז געווען איר לעבן. איינאיינציקער באַל, איינאיינציקע נאַכט, און מער גאָרניט! און אַזעלכע מאַנספערשוינען ווי ער האָבן עקזיסטירט. זי האָט געטראַכט וועגן טויט, וואָס האָט זיך איר אויסגעוויזן אַמבעסטן וועגן וועלכן זי קען קלערן.

ווען ווירגיניאַ איז צוריקגעקומען, האָט זי אויסגעשטרעקט צו ערווינען די האַנט, אויף וועלכער עס איז געלעגן דער האַלזבאַנד פון פּערל. געבעט און אַנטשלאָסנקייט האָבן זיך פאַרייניקט אין איר באַוועגונג און בליק. אַ שטאָלצער, רואיקער, אומפאַרענדלעכער באַשלוס. פרוי געסנער האָט געטון אַ דערשטיקטן אויסגעשריי.

ערווין איז געוואָרן בלייך ווי אַש. אַלץ איז פאַרלוירן, האָט ער זיך געזאָגט, אַלץ אומזיסט.

מען דאַרף רעכנען, אַז דער רויש, וואָס האָט אים אַרומגענומען, איז געווען אַן אומבאַזינגבאַרע באַדערפעניש פון זיין טעמ־

פּעראַמענט. אין זײַן לעבן זענען געװען בלױז צװײ סצענעס פֿון דעם מין. אַלס זיבניעריק קינד האָט ער זיך געװאָרפֿן מיט אַ מעסער אױפֿן לערער, װאָס האָט אים געצױגן פֿאַרן אױער. אַלס פֿינפֿצניעריק יינגל איז ער ברוטאַל אױסגעלאַכט געװאָרן דורך אַ פֿרױ, אין װעלכער ער איז געװען פֿאַרליבט. אײנער פֿון די יונגעלײַט האָט זיך צעלאַכט. ערװין האָט אים שיער נישט דערשטיקט. מען האָט אים געמוזט אָפּרײַסן װי אַ צעיושעטן הונט.

אַזױ אױסגעלאַכט און אױסגעשפּאָט האָט ער זיך איצט געזען. ער האָט דעם האַלזבאַנד געװאָרפֿן אױף דער ערד, געטרעטן אים מיט די פֿיס, די פּערל האָבן געטרעשטשעט. ער האָט זײ געטרעטן מיט אַן אױסדרוק פֿון מיאוסן זיך, װײטיק און צאָרן. ער האָט געהאַט אַ פּנים, װי נאָך קײנמאָל נישט, װי אַ װײסער שױם האָבן די פּערל באַדעקט די פּאָדלאָגע, זענען זיך צעפֿלױגן אין אַלע װינקלען פֿון צימער. װירגיניאַ האָט פֿאַרבראָכן די הענט. אירע ליפּן האָבן געציטערט. זי איז צוגעגאַנגען צום פֿענצטער און צוגעשטעלט דעם שטערן צו דער שױב. הײסע אָװנט־לופֿט־כװאַליעס האָבן זיך אָנגעשטױסן אָן קאָפּ, אַ שװאַכקײט האָט איר פֿאַרגליװערט די גלידער. ערװין האָט זיך אױסגעשטײפֿט, און שװײַגן האָט ער פֿאַרלאָזט דאָס צימער.

אין זײַן װאױנונג איז ער אַרומגעלאָפֿן װי אַ משוגענער פֿון צימער צו צימער. ער האָט גאָרנישט געטראַכט, גאָרנישט פֿאַרשטאַנען, אַ ראָד איז אין לױף, דאָס קערנדל מוז צעמאָלט װערן. עס האָט אים געקלאַפּט אױפֿ'ן קאָפּ. עס איז געװען נאָך נײַן, װען עס האָט זיך דערהערט אַן אומדרײַסט קלאַפּן אין דער טיר. עס איז אַרײַן פֿרױ געסנער און אַרױסגענומען אַ פּעקעלע.

— איך האָב זײ אַלע פֿלײַסיק אױפֿגעקליבן! אַזעלכע שײנע פּערל! װי קאָן מען עס צעװאַרפֿן.

— צי זענט איר געקומען קרעכצן? — האָט ערװין געענטפֿערט ברוטאַל.

— זי האָט מיך געבעטן, איך זאָל אָפּטראָגן די פּערל, — האָט די אַלטע געזאָגט אַ צעמישטע. — זי האָט מיך געבעטן, איך זאָל אױפֿקלערן, אַז איר מוזט דאָך האַנדלען שכלדיק.

— אַ! און דאָס איז אַלץ? ס'דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז אײַער אײגענער אײנפֿאַל. ווירגיניאַ איז נישט אַזוי, אַז זי זאָל טראַכטן וועגן מײַן שכל.

— יאָ, יאָ, ערווין, זי האָט מיך געשיקט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל נישט צוריקקומען מיט די פּערל. און דאָך האָט זי זײַ לאַנג אָנגעקוקט, אײדער זי האָט זײַ אײנגעפּאַקט אין פּאַפּיר.

ערווין האָט זיך פֿאַרטראַכט.

— וואָס מיט זי יעצט? — האָט ער געפֿרעגט.

— זי וויינט.

— וויינען מעג זי. דאָס פּאַסט איצט. האָט זי געוויינט צוליב די פּערל?

— צוליב די פּערל? אָ, ניין. עס איז דאָך זײער ווייניק קאַליע געוואָרן. ווען איר זענט אַוועק, האָט זי זיך געלייגט אויפֿן בעט, און דערנאָך איז איר אויפֿסניי געוואָרן הייס, אַזוי הייס איז היינט אין אָוונט. זי האָט געוואָלט נעמען אַ קאַלטע באָד, אָבער איך האָב דאָס נישט דערלויבט און האָב צוגעשטעלט דאָס וואַסער צום וואַרעמען. דערנאָך בין איך געקומען צו אײַך.

זי האָט דערציילט די דאָזיקע אומבאַדײַטנדע פּרטים אַזוי גענוי, ווי זי וואָלט דערמיט געקענט פּועל'ן, אַז ערווין זאָל זי הערן.

— צעשיידט אײַך מיט אונז נישט אין צאָרן, מיר דאַכט זיך, אַז זי באַדויערט איצט.

— איך האָב נישט בדעה צו ציען נוצן פֿון חרטה.

— זייט איצט נישט אײנגעשפּאַרט, מאַכט נאָך איין און לעצטן פּרוו, — איז פֿרוי געסנער צוגעשטאַנען; עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי האַלט ווירגיניאַ גורל אין דער האַנט. זי איז געווען איבערצייגט, אַז ערווין, ווען ער וואָלט נאָך געוואָלט, וואָלט אַלץ געקענט גוט מאַכן.

ערווין איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך, באַלויכטן פֿון אַ פּלוצלינגען געדאַנק.

— מאָרגן אין דער פֿרי מוז איך זײַן אין דער שטאָט, — האָט ער געזאָגט.

— קומט יעצט מיט מיר...

— מיט וואָס פֿאַר אַ צול? איך מוז מיט איר אַליין רעדן.

— נו, גייט אַליין, איך וועל דאָ צוּוואַרטן.

— זי לאָזט מיך נישט אַריין.

— ווען איר וועט קלאַפּן אין טויער, וועט זי מיינען, אַז דאָס איז איך, און וועט אייך עפֿענען.

— צי האָט איר נישט אַ צווייטן שליסל? אַמבעסטן וועט זיין, אַז איר וועט מיר געבן אייער שליסל, ווייל דאָס קלאַפּן וועט ווירגיניאַן אַריינברענגען אין כעס.

— אַ שליסל? ניין, ערווין, דאָס וואָלט זי מיר קיינמאָל נישט מוחל־געווען. דאָס וואָלט, איבריקנס, געווען...

— נו, גוט, גוט — האָט ערווין זי איבערגעריסן, איך וועל פּרוּוון. יעצט איז האַלב צען. אין אַ שעה אַרום וועל איך צוריק זיין, איך האָף אייך צו ברענגען אַ גוטע ידיעה.

מיט פֿאַרטרויען און ליבע האָט פֿרוי געסנער געקוקט אויף אים.

— אויב איר וועט זיך איילן, וועט איר זי נאָך טרעפֿן פֿאַרן הויז, זי האָט געוואָלט זיצן אַ ביסל אויף דער לופֿט.

ערווין האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און איז אַרויס. וואָס האָט אים געשטופּט? צי גלויבט ער נאָך אין דער מאַכט פֿון ווערטער, באַווייזן, פֿאַרזיכערונגען? עס האָט אים געשטופּט אומגעדולדיקייט, אַ ליידנשאַפֿטלעכער פֿאַרלאַנג אויף נקמה, דער צאַרניקער שטאָלץ פֿון אַ ריינג־קעמפֿער, דאָס פֿייער פֿון פֿאַרוואונדעטער איינגליבע, און אין דער טיפֿעניש פֿון דער ברוסט אַ געפֿיל, פֿון וועלכן ער האָט זיך מורא געהאַט אָפּצוגעבן אַ חשבון. מיט דעם דאָזיקן גיהנום־געפֿיל איז ער אַוועק אויפֿן גורל פֿון צופֿאַל.

ווען ער האָט זיך געפֿונען נאָנט פֿון הויז, האָט ער אין גע־וויקס געזען אַ העל געשטאַלט. לויטן טראָט האָט ער דערקענט ווירגיניאַן. ער האָט געוואַרט, ביז זי וועט זיך אַביסל דערווייטערן, דערנאָך האָט ער געעפֿנט אַ פֿורטקע און הילצערנעם פּלויט. איך וויל זיך מיט איר נישט טרעפֿן אויף דער לופֿט, האָט ער געטראַכט, דאָ גייט יעדער קלאַנג פֿאַרלוירן. ווירגיניאַ האָט זיך דערווייטערט פֿון הינטערן פּלויט. זי האָט אים נישט באַמערקט.

זי איז געווען פֿאַרזונקען אין געדאַנקען. ווען זי איז אַ צווייט מאָל פֿאַרשוואונדן פֿאַר זײַנע אויגן, איז ער שנעל אַרײַן דורך דער אָפֿענער טיר אין הויז. אין דער קיך האָט זיך געקאָכט וואַסער. ערווין איז אַרויף אין דער הויך, צום באַלקאָן-צימער. עס איז דאָ אַרײַנגעפֿאַלן אַ שוואַך ליכט פֿון דער לאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן טיש אין ווירגיניאַס צימער. אין דאָזיקן צימער איז געשטאַנען אויף דער פּאָדלאָגע אַ האַלב-פֿאַרפּולטע בלעכענע וואַנע.

ערווין האָט אַ ציטער געטון, אַ שמײַכעלע האָט זיך געשפּילט אויף זײַנע ליפּען. ער האָט זיך אויספֿאָרשנדיק אומגעקוקט אַרום. ער האָט געהערט ווירגיניאַס טריט; ער האָט דערהערט, ווי זי האָט פֿאַרשלאָסן דאָס טויער און אַרויסגענומען דעם שליסל. פּלוצלינג, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, זי זאָל זיך באַווײַזן, איז ער אַרונטער הינטערן פּאַראַוואַן, וואָס איז געשטאַנען פֿאַרן אויוון.

ווירגיניאַ איז אַרײַנגעקומען, זי האָט געטראָגן אַ קובל הייס וואַסער, וואָס זי האָט אַנידערגעשטעלט אין איר צימער אויף דער פּאָדלאָגע, ערווין האָט זי דערזען דורך דער שפּאַרע צווישן בײדע טײלן פּאַראַוואַן. זי איז זיך איבערגעגאַנגען אין צימער. זי איז, ווײַזט אויס, געווען אומרויִק, האָט געעפֿנט אַ פֿענצטער, דערנאָך עס פֿאַרמאַכט אויפֿסנײַ. האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַם טיש, האָט אַראָפּגעלייגט אַ פֿוס אויף אַ פֿוס. ערווינס האַרץ האָט גענומען קלאַפּן, ווי אַ האַמער.

אין אַ לענגערער צײַט אַרום איז ווירגיניאַ אויפֿגעשטאַנען. זי האָט אַראָפּגענומען דעם שאַל פֿון די אַקסלען און אָפּגעזיפֿצט, ווי פֿון הײסקײט. יעצט האָט ער זי פֿאַרלוירן פֿון די אויגן. ער האָט געהערט דעם שאָרך פֿון איר קלייד, דערנאָך האָט ער געהערט, ווי זי טוט אויס די שיך. ער האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער. פּלוצלינג האָט ער זי ווידער געזען, אָבער אַן אַנדערע, ענדער דעם קערן פֿון איר וועזן, דאָס פּרעכטיקע געהײמניש. ווי אַ רעטזלהאַפֿטער, בלישטשענדיקער געגנשטאַנד איז זי געשטאַנען אַן אומבאַדעקטע אין ליכט פֿון דער טיר; ווי אַ וועזן ערשט מיט אַ רגע צוריק באַשאַפֿן; זי האָט באַוויזן איר גאָלדענע הויט אין דער לופֿט.

דאָס זעען אַ נאַקעטן קערפּער גיט זעלטן דאָס אויג אַ באַפֿרידיקונג. ערווין האָט זיך נישט איינמאָל איבערצייגט, אַז די שאָל זאָגט מער צו, ווי פֿיל די פֿרוכט גיט. אָבער אַלע דערינגערונגען האָבן זיך אויסגעלעשט און פֿאַרגלייך מיט דעם טריאומף פֿון דער דאָזיקער פֿולקומענקייט. אין אַרויסגעשריי פֿון פֿאַרוואונדערונג האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון ערווינס מויל, זיינע אויגן זענען געוועזן פֿייכט, ער האָט נישט געהערשט איבער זיך, ווען ער האָט פֿאַרלאָזט זיין באַלהעלטניש, אָבער ווען ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פֿון דער באַדייטונג פֿון זיין טאַט, אַזוי גיך, ווי קורץ עס איז געווען דער מרחק פֿון דער אויפֿגעוועקטער עמפּינ-שווייגנדיק און הילפֿלאָז אינמיטן צימער.

— אָ... גאָט! — האָט ווירגיניאַ אויסגערופֿן מיט ווייטיק, מיט איין שפּרונג, מיט אַ מאָדנע איינגעהאַלטענעם אָטעם, איז זי צוגעלאָפֿן צום בעט, זיך געוואָרפֿן דערויף און זיך פֿאַרדעקט מיט דער קאָלדרע. זי איז איצט געלעגן מיט'ן פּנים אין די קישנס, ציטערנדיק, זיפֿצנדיק, און יעדער נערוו פֿון איר קערפּער האָט געבעטן דעם טויט.

טויטלעכע זיפֿצן פֿון שאַנדע האָבן דערגרייכט אַזש צו ערווינס אויערן. ער אַליין האָט נאָך געציטערט, אָבער די ווירקלעכקייט האָט פֿאַרלוירן איר וואָג.

די ווערטער האָבן שוין דאָ גאָרנישט געקענט מאַכן, ער האָט זיך איינגעשפּאַרט אין דער טיר. ווירגיניאַ האָט צו אים אויסגעצויגן די האַנט, קראַמפּהאַפֿט געטרייסלט מיט איר און אַרויסגעפּליסטערט:

— אַוועק! אַוועק! אַוועק!

ער האָט זיך אויסגעדרייט אַרויסצוגיין. ער האָט געצווייפֿלט, זיך אויסגעדרייט, ווירגיניאַ האָט אויפֿסניי געשעפּטשעט, מיט דער זעלבער אויסגעשטרעקטער האַנט:

— אַוועק! אַוועק!

באַוויינדיק קוים צו קומען אויף דער שוועל, האָט זי ווידער אָנגעהויבן שרעקלעך צו זיפֿצן.

ערווין האָט געשמייכלט. יעצט איז אַלץ אַנטשווינדעט געוואָרן,

יעצט האט זי געהערט צו אים, און כאטש די סיבה דערפון האט ער ניט דייטלעך געפילט, האט זיך אים געדאכט, אז ער האט אריינגעקוקט אין דער טיפסטער טיפעניש פון שענקייט און אומשולד.

ער האט זיך אריבערגעבויגן איבער איר און געזאגט מיט א ווייטיקלעכער ווייכקייט.

— זיי געזונט, ווירגיניא, א גוטע נאכט, ליבע, איך וועל שטענדיק טראכטן פון דיר, די שענסטע פון אלע פרויען אויף דער וועלט. אז דיר בין איך בלויז א שאטן, זיי געזונט, זיי געזונט.

דערנאך איז ער ארויס, כמעט אן שארד, אבער ווירגיניא, דערפילנדיק די שטילקייט, האט זיך אויסגעגלייכט אויפ'ן בעט, מיט די הענט פארדעקט די ברוסטן, א האלב־טויטע, מיט א פלאמענדיק בלייך פנים זיך איינגעהערט, און אויסגערופן:

— ערווין!

און ווידער ווי אן ווילן, באקלאגנדיק זיך גערופן:

— ערווין!

זי איז צוריקגעפאלן אויף דעם קישן. עס האט זי ארומגענומען א חלשות.

# געפֿאַנגען

זומער האָט ערווין שוין אָנגענומען די אײנלאַדונג פֿון דער גרעפֿין טורן־רײַכענשטײַן, אין װעלכערס גיטער אין מאָראַװאַ ער האָט געזאָלט פֿאַרברענגען די לעצטע טעג סעפּטעמבער. צוריקקומענדיק איצט אין דער שטאָט האָט ער געפֿינען אַ שלעכט מאָטיווירטע אָפּרופֿונג פֿון דער אײנלאַדונג. אַ קראַנקהײטס־פֿאַל אין דער משפּחה האָט דער גרעפֿין געזאָלט שטערן אויפֿנעמען געסט. עס האָט זיך אַרויסגעװיזן, אַז עס איז נישט אמת. ערווין האָט געטראָפֿן אַ באַקאַנטן פֿון דער פֿראַנצויזישער געזאַנדטשאַפֿט, װעלכער האָט בדעה געהאַט צו פֿאָרן אין די גרעפֿינס גיטער.

דעמזעלבן טאָג פֿאַרמיטיק איז ער אַװעק צו דער באַראָנעסע רעסאָװסקאַ. אויפֿן קלאַפּ, װאָס האָט אים דאָרט געטראָפֿן, איז ער נישט געװען פֿולשטענדיק צוגעגרײט: פֿרױ רעסאָװסקאַ האָט אים נישט אויפֿגענומען. פֿרױ רעסאָװסקאַ איז געװען דער באַראָמעטער פֿון דער מײנונג פֿון דער עלעגאַנטער װעלט. נישט װערן אויפֿגענומען דורך איר האָט געהײסן אַזאַ מין טויט־אורטײל.

ערווין איז אַװעק אין קלוב. ער האָט באַגעגנט אַן אײז־קאַלטע גלײַכגילטיקײט. װאו ער איז געקומען — דאָס זעלבע, אַפֿילו דריטראַנגיקע מענטשן האָבן אויף אים געקוקט פֿונדערהויך. ער האָט בײַ אײנעם פֿון די דאָזיקע הערן געפֿאָדערט דערקלערונגען: ער איז געװען אומשולדיק, ער האָט גאָרנישט געװאוסט, ער האָט געצויגן מיט די אַקסלען. אָבער דאָס געהײמניש איז באַלד אַנטפּלעקט געװאָרן. עס האָט זיך אַרויסגעװיזן, אַז די געשיכטע פֿון אײַנגעשרײבענעם דועל האָט שוין דערגרײכט צו די אויערן פֿון כּלל,

מען האָט חוזק געמאַכט פֿון דועל; דאָס געלעכטער האָט נישט מער שרעקלעכער געווירקט, ווי די אויפֿרעגונג און דאָס שווייגן פֿון זיינע פֿריינט. עפּעס אַ גאָרנישטיק שרייבערל, וואָס זיין באַשעפֿטיקונג איז באַשטאַנען אין אַנטדעקן געהיימנישן אין דער עלעגאַנטער וועלט, האָט באַשריבן די געשיכטע מיט אַ פּיקאַנטער באַאַרבונג און אַ וואָכנבלאַט און זיך אַפֿילו דערוועגט צו באַשפּריצן מיט בלאָטע ווירגיניאַ געסנער, נישט דערמאָנענדיק אַפֿילו איר נאָמען, אָבער באַשרייבנדיק גענוי איר אויסזען. דאָס האָט ערווינען אינגאַנצן באַגראָבן.

ער האָט עס נישט געהאַלטן פֿאַר פֿאַרשפּילט, כאָטש דער עקל האָט אים געשטיקט. מיט אַ שפּיץ־רוט אין דער האַנט איז ער אַוועק אין רעדאַקציע און געפֿאָדערט אַ הכחשה. מען האָט זיך אויסגעדרייט און צום סוף צוגעזאָגט צו באַפֿרידיקן זיין פֿאַרלאַנג. די הכחשה האָט זיך אָבער נישט באַוויזן; פֿאַרקערט, מען האָט צו דער געשיכטע צוגעגעבן אַ נאָך מער פּיקאַנטערן עפּילאָג. ערווינן האָט פֿאַקרינצט די ציין. לכתחילה האָט ער בדעה געהאַט אַרויסצורופֿן אַ גאַנצע ריי פּערזאָנען אויף אַ דועל. אָבער דאָס דאָזיקע מיטל איז נישט געווען באַקוועם, ווייל דאָס וואָלט אים געצוואונגען צו פֿאַרלאָזן די שטאָט. דערביי וואָלט ער נאָך מער פּאָפּולער געוואָרן.

אינמיטן זוכן דעם פֿאַרשפּרייטער פֿון דער דאָזיקער סקאַנדאַליעזער רכילות, האָט ער זיך בקרוב אָנגעשטויסן אויף דעם נאָמען סיקסטוס פֿאָן פֿליגעל, וואָס איז, נישט געקוקט אויפֿן געגעבענעם וואָרט, צוריקגעקומען קיין ווין. אין הסכם מיט ערווינס אָנווייזונגען, האָט מאַריאַנאַ דערקלערט אין זיינער צייט דער באַראָנעסע רעסאָווסקאַ, אַז ערווין האָט זיך געשלאָגן מיט איר ברודער. אָבער סיקסטוס האָט זיך דערוואוסט, אַז מען האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ מאַריאָנעטקע, און ער האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, כדי זיך ענדלעך נוקם צו זיין.

ווי אַזוי האָט ער געקענט דערויף זיך דערלויבן? האָט ער נישט מורא־געהאַט צו קריגן צוריק דעם קלאַפּ? האָט ער נישט באַקומען פֿון מאַריאַנען גענוג געלט? איז מאַריאַנאַ נישט געווען

פֿאַרוּבּשיק? מאַריאַנאַ, װאָס איז געװען זײַן פֿרױ?

ערװין האָט זיך נישט געקאָנט קײן עצה געבן מיט די דאָזיקע געדאַנקען. ער איז שױן נישט געװען דער זעלבער מענטש, װאָס מיט עטלעכע װאָכן צוריק.

צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעקומען אַן עניין פֿון זײַן פֿאָטער, װעלכער האָט זיך לעצטענס שרעקלעך קאָמפּראָמיטירט. דער קלײנער קריסטינאַ מאַרטענס האָט זיך אײַנגעגעבן אַװעקצונעמען אים פֿון איר אַלטער פֿרײַנטין. ער איז איצט געװאָרן איר אױסגעבענקטער געליבטער און עפּעס ענלעכס צו אַ לעבעדיקן האַנטבײַטל. קריסטינאַ, װעלכע איז געװען אַ שלעכטע קאָמעדיאַנטקע אױף דער סצענע, האָט אין לעבן בעסער געשפּילט, זי האָט באַצאָלט די חובות און געהאַט אַן עלעגאַנטע װאױנונג. דער עלטער האָט נישט געשטערט מיכאַל רײַנערן צו װײַזן דער גאַנצער װעלט זײַן תאוה. ער האָט זיך דערװעגט. מען האָט דערצײלט, אַז ער האָט אונטערגעשטעלט הינטער קריסטינאַס טיר אַ דינסטמײדל, צו שפּיאָנירן, אױב זי האָט נישט בײַ זיך אַ געליבטן. ערװין האָט געקאָכט פֿון צאָרן, ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט אַנטשליסן צו עפֿענען דעם פֿאָטער די אױגן. ער האָט אַלײן צוגעגרײט די פֿאַרסמטע פֿיל, ער האָט איצט נישט קײן צײַט און קײן כח געהאַט צו שפּילן די ראָלע פֿון אַ דאָקטאָר. דער פֿאָטער איז צו אים נישט געקומען. ער האָט זיך אודאי געשעמט. פֿרױ ענגעלהאַרט האָט פֿון פֿאַרצװײפֿלונג גענומען באַנוצן מאָרפֿיום און איז געװען נאָנט צו משוגעת' דערמיט האָט זיך נאָך נישט געענדיקט מיכאַל רײַנערס נאַרישקײטן. ערװין האָט זיך דערװאוסט, אַז דער פֿאָטער האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין ריזיקאַלישע שפּעקולאַציעס און אין משך פֿון די לעצטע עטלעכע חדשים האָט ער פֿאַרלױרן אױף דער בערזע דרײַ און אַ האַלבן מיליאָן.

און װעגן דעם האָט מען געדאַרפֿט אַ שמועס טון. ערװין האָט אָפּגעשלעפּט. אין צופֿיל נעצן האָט אים דער גורל אַרײַנגעשלעפּט. ער װאָלט גערן אַװעקגעגעבן נאָך דרײַ מיליאָן, װען ער װאָלט געקענט פֿאַרגעסן די באַלײדיקונג, װאָס ער איז אױסגעשטאַנען בײַ דער באַראָנעסע רעסאָװסקאַ. ער האָט געשריבן צו דער באַ=

נעסע רעסאָווסקאַ אַ בריוו, וועלכן עס איז שווער צו פאַרגעסן. מיט אַן אוראַלטישער פרייקייט האָט ער אַראָפּגעריסן דעם שלייער פון רכילות, די האַנדלונג פון זיינע פיינט האָט ער געמאָלט מיט אַ מינע פון אַ שטאַרקערן און האָט אָנגעטון זיין באַשמוצטן קאָפּ אין אַזאַ לאָרבער-קרוין פון אַ מאַרטירער, אַז פרוי רעסאָווסקאַ האָט אים תיכף געענטפערט, אַז ער זאָל קומען צו איר אין דער באַשטימטער שעה.

ערווין האָט אָפּגעאָטעמט. ער איז געווען זיכער אין דעם איינדרוק און איינפלוס פון זיין פערזאָן. אויב מען האָט אים גע-רופן, הייסט עס שוין אַ זיג. אָבער עס איז געשען אַנדערש. אויב ערווין האָט געמיינט, אַז ער וועט ניט דאַרפן אפילו אַ גאַנצע שעה, כדי צו מאַכן פון דער ברוגזער פריינטין אַן איבערצייגטע אין זיין אומשולד, אַזוי האָט פרוי רעסאָווסקאַ, אַ פּערזאָן, וואָס איז אין אַלע ספקותדיקע ענינים געווען געוועגט צו האַנדלען אַנטשלאָסן, ניט געדאַרפט קיין פירטל שעה אפילו צו זיין זיכער, אַז זי איז געוואָרן באַטריגט און אַ חוץ דעם באַליידיקט. דאָס האָט געהייסן ערווינס פאַלן און אומאויסמיידלעכע ירידה.

— איר שענקט מיר פולשטענדיק דאָס צוטרויען, ניט אמת, העד ערווין? — האָט די באַראָנעסע געבעטן.

— אויב איך וועל נאָר דערמיט ניט שאַדן ברענגען דאָס פאַרטרויען, וואָס איז פאַרהאַן אין מיר, פרוי באַראָנעסע.

— ווי וואונדערלעך דאָס איז, — האָט פרוי רעסאָווסקאַ גע-זאָגט, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, — ווען מען איז מיט אייך, וואָלט זיך אין פייער געשפּרונגען פאַר אייך. ווען מען זעט אייך אַ רגע ניט, קאָן מען גלויבן אין די ערגסטע זאַכן, וואָס מען וואַרפט אייך פאָר.

— אַ שאָד, פרוי באַראָנעסע. דאָס וואָלט געווען דער באַנק-ראָט פון גוטן געשמאַק. דאָס רעטעניש טייטשט זיך אויס מיט דעם איבערפלוס פון מאָראַליטעט, אויף וועלכן מיר אַלע ליידן, ווי אויף אַ געווייסן מין צוקער-קראַנקהייט.

— אָבער צו דער זאַך. מאַריאַנאַ פאָן פליגעל האָט מיר אין זיינער צייט מיטגעטיילט, אַז איר האָט זיך געשלאָגן מיט איר ברו-

דער. איך האָב זיך באַמיט די נאַרישע פּליאָטקעס, וואָס האָבן שוין דעמאָלט קורסירט, צו דערשטיקן באַלד נאָכן געבוירט. יעצט קומט הער פֿאָן פֿליגעל און שטעלט פֿעסט, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין דועל. דאָס איז פֿאַר מיר אומפֿאַרשטענדליך.

— איך בין פֿאַרוואונדערט, באַראָנעסע, אַז איר נעמט ערנסט די ליגנערישע פּלוידערייען פֿון די דאָזיקע מענטשן. איך האָב זיך ווירקלעך נישט געשלאָגן מיטן הער פֿאָן פֿליגעל.

— איז מאַריאַנאַ נישט געקומען צו מיר אין אייער נאָמען?

— ניין.

נאָר געווינען צייט, האָט ערווין געטראַכט, נאָר געווינען צייט.

— דאָס שטעלט, געוויס, דעם ענין אין אַן אַנדער ליכט, — האָט פֿרוי רעסאָווסקאַ געזאָגט, צוגייענדיק צו קליינע טירלעך, פֿאַרבאָרגן אין דער טאַפּעט, און עפֿענענדיק זיי.

— הער פֿאָן פֿליגעל, — האָט זי אויסגערופֿן, — ביטע, קומט אַריין!

סיקסטוס פֿאָן פֿליגעל איז אַריין אין צימער און אָנגעקוקט ערווינען מיט אַ חוזק=בליק.

ערווין האָט זיך אַ ריס געטאָן, זיך צוריקגעצויגן, אָבער האָט באַלד צוריק באַקומען די זעלבסט=באַהערשונג.

— אַ, הערלעך, — האָט ער געזאָגט וואַרפֿנדיק אַ פֿינצטערן בליק אויף פֿרוי רעסאָווסקאַ; — אַ קאָנפֿראָנטאַציע, וואָס?

— יאָ, אין אייער אייגענעם אינטערעס, — האָט די באַראָנעסע שאַרף געענטפֿערט, — כּדי דער אמת זאָל ענדלעך אַרויס.

— איך האָב מיט דעם דאָזיקן הער קיין שום געמיינזאַמעס נישט.

— דאָס איז נישט קיין אַרגומענט.

— איך דאַרף נישט קיין אַרגומענטן. אפֿשר איז דאָס אַליין בלויז מיינס אַ דערפֿינדונג. מיינע שריט וועט קיינער נישט קאָנטראָלירן, הערבסטענס, מיינע געדאַנקען.

— הער פֿאָן פֿליגעל, איך בעט דערקלערן, — האָט די באַראָנעסע געזאָגט, נישט קיין צעמישטע, — דאָקטאָר ריינער פֿאַרזיכערט מיך, אַז אייער שוועסטער איז נישט געקומען צו מיך

אין זיין נאָמען.

— אין אַזאַ פֿאַל זאָגט דאָקטאָר רייִנער ליגן, — האָט סיקס-
טוס פֿאָן פֿליגעל געענטפֿערט טריב, מיט אַ פֿאַראַכטנדיקער פֿריי-
לעכקייט.

ערווין האָט אָנגעהויבן ציטערן. ער איז געשטאַנען מיט
אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. ער האָט געזען, אַז ער האָט זיך
פֿאַרחשבונט. ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט זיך
געוואָלט וואַרפֿן אויפֿ'ן רכילות'ניק. פֿרוי רעסאָווסקאַ איז גע-
שטאַנען צווישן זיי, קוקנדיק אָט אויף איינעם און אָט אויפֿן אַנ-
דערן. ערווין האָט פּלוצלינג געהאַט דאָס געפֿיל, ווי ער וואָלט
געמוזט בעטן דעם קעגנער שוויַגן, אָבער דאָס אַרויסגערעדטע
וואָרט איז נישט מעגלעך געווען צוריקצוציִען.

— אין אַזאַ פֿאַל זאָגט דאָקטאָר רייִנער ליגנט, — האָט
סיקסטוס פֿאָן פֿליגעל איבערגעחזרט, — און די זאַך איז נאָך מער
שענדלעכער, וואָס מיין שוועסטער מאַריאַנאַ איז זיין ווייַב. ער
האָט מיט איר בסוד חתונה געהאַט. איר זעט דאָך, באַראָנעסע,
אַז הער דאָקטאָר רייִנער איז אונדז נעענטער, ווי ער וויל אַרויס-
ווייזן. איך וואָלט געאַכט דעם וואונטש פֿון מיין שוועסטער און
געהאַלטן ווייטער סוד, ווען דאָקטאָר רייִנער וואָלט געאַכט דעם
נאָמען פֿון מיין שוועסטער.

פֿרוי רעסאָווסקאַ האָט געקוקט אויף ערווינען מיט אַן אויפֿ-
דרוק פֿון קאַלטער פֿאַרוואונדערונג. זי האָט געצויגן מיט די
אַקסלען און געמאַכט אַ קליינע אַנטשלאָסענע באַוועגונג. ערווין
האָט זיך צעלאַכט.

— איך וועל האָבן דעם כּבֿוד, באַראָנעסע, די זאַך אייך אויפֿ-
צוּווּיקלען אין אַן אַנדער צייט, — האָט ער פֿריי געזאָגט, פֿילנדיק,
אַז דער באָדן אונטער די פֿיס וואַקלט זיך אים. ווענדענדיק זיך
צו סיקסטוס פֿאָן פֿליגעל, האָט ער צוגעגעבן:

— מיר וועלן זיך נאָך טרעפֿן.

— איך דאַרף נישט מער קיין אויפֿקלערונגען, — האָט פֿרוי
רעסאָווסקאַ געענטפֿערט. אירע ליפּן האָבן געציטערט און פֿאַר-
אַכטונג.

— איר באַגייט קעגן מיר אַ ניש־פֿאַרדינטע עולה, באַראַנעסע, און איר וועט זיך וועגן דעם צו־שפּעט איבערצייגן! — האָט ערווין אויסגערופֿן מיט אַזאַ שטאָלץ, איבערצייגונג און פֿייערלעכקייט, אַז פֿרוי רעסאָווסקאַ האָט זיך צעמישט און מיט אַן אומזיכערן בליק געקוקט אויף אים, ווען ער איז אַרויס.

ער איז אַרויסגעלאָפֿן אויף דער גאַס. זיין ערשטער קלאָרער געדאַנק איז געווען: יעצט צו ווירגיניאַן. עס איז געווען די העכסטע צייט. ער האָט געוואוסט, אַז זי איז דעמזעלבן טאָג צוריקגעקומען אין דער שטאָט. ער האָט געפֿילט פֿונדערווייטנס, אַז זי רופֿט אים. עס איז צייט געווען צו הערן דעם רוף. זיין ווילן האָט זי אַרומגענומען, ווי אַן אייזערנער רינג דעם האַלז פֿון אַן אָדלער. מען האָט געדאַרפֿט באַהאַלטן פֿאַר איר דאָס שוין הויכע געערעדערײַ. און כאָטש ער זאָל אַלץ פֿאַרלירן, די ערע, פֿרייגטשאַפֿט, פֿאַרמעגן, דאָס לעבן, זי מוז ער דעראָבערן. ער האָט זי נישט געליבט. ער וואָלט זי קיינמאָל נישט געליבט. עס איז צו־שפּעט זי ליב צו קריגן. עס האָט מיט אים געפֿירט אַ שטאַרקער צוואַנג.

עס איז געווען נאָך אַ סך צו טון. די וועגן זענען געווען פֿאַרמישט. די ערע האָט געפֿאָדערט דעם צינז פֿון ליגנט. די אומשולד האָט זיך געמוזט אונטערגעבן דער צעשמעטערונג, כּדי צו ראַטעווען די ערע. דאָס פּנים פֿון לעבן האָט זיך געוויזן וואונדערלעכער ווי שטענדיק.

זיין האַרץ איז אָפּגעשטאָרבן פֿון פֿרייד, ווען ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי איר צעטרעטן, טויטלעך־באַליידיקט האַרץ בענקט צו אים. ענדלעך! ענדלעך! זי האָט געמוזט גיין נאָך אים, ווי אַ בלינדע האָט זי געמוזט גיין נאָך אים. אין זיין ווילן האָט געשטעקט איר גליק, זי האָט געאָטעמט, זי איז געווען שיין, ווערט געווען זיין פֿאַרלאַנג און פֿאַרהערלעכונג. זי איז געווען זיין אונטערגעוואָרפֿענע.

און אַזוי איז געווען: זיין אונטערגעוואָרפֿענע.

וואו איז ער? האָט ווירגיניאַ געטראַכט יעדן טאָג, יעדע שעה,

שטאַרק מורא־האָבנדיק פֿאַר פֿאַרראַט. ווײַל ערווין האָט זי פֿאַר־ראַטן, וואָס ער איז גאָר נישט געווען, ער האָט געשאָנקען איר בילד אַלע זאַכן, אויף וועלכע זײַן בליק איז געפֿאַלן, ער האָט זי אַוועק־געגעבן די אויגן פֿון מענטשן, בעת ער האָט מיט זיי גערעדט. ער האָט זי פֿאַרראַטן, ווען ער איז געגאַנגען, ווען ער איז געלעגן, ווען ער האָט געחלומט און ווען ער האָט געאַרבעט. אײנציקווײַז איז אין ווירגיניאַן געוואַקסן דאָס באַוואוסטזײַן פֿון אומבאַגרע־ניצטער שאַנדע. זי איז געזעסן שווײַגנדיק, בענקנדיק מיט טרערן.

ווי אַזוי האָט זי יענעם אָוונט געטראָפֿן די מוטער? דער אָוונט, נאָך וועלכן עס איז שוין נישט געקומען קיין אמת־העלער טאָג און עס האָט זיך נישט באַוויזן די זון. ווען איז די מוטער געקומען? ווירגיניאַ האָט נישט געוואוסט. זי האָט געשוויגן. פֿרוי געסנער האָט אויך געשוויגן, באַוואוסט דער שולד. צעמישט פֿאַרזאָרגט, אויפֿגערעגט. יאָ, דער מוטער האָט באַהערשט אַ באַ־האַלטענער צאָרן, אָבער זי האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אין וואָס פֿאַר אַ ריכטונג דער דאָזיקער צאָרן וועט זיך אויסלאָ־דעווען. די הכנסות האָבן אָנזעעוודיק זיך פֿאַרקלענערט, מען האָט געדאַרפֿט זיך באַגרענעצן אין די אויסגאַבן, און פֿרוי געסנער האָט אָנגעהויבן מורא־קריגן פֿאַר אָרעמקייט, פֿאַר דער זעלבער אָרעמ־קייט, אין וועלכער זי האָט געלעבט צופֿרידן איבער דרײַסיק יאָר.

יעדן פֿרימאָרגן האָט ווירגיניאַ צו זיך געטענהט: אַזוי קאָן ווײַטער נישט גיין. זי האָט פֿאַרגעסן אַן מאַנפֿרעדן. ווען מען האָט דערמאָנט זײַן נאָמען, האָט זיך איר געדאַכט, אַז עפּעס האָט זי אַמאָל פֿאַרבונדן מיט אים. זי האָט אויך נישט געשריבן, זײַט אַ דרײַ וואָכן האָט זי נישט געהאַט קיין ידיעה פֿון אים. וואָס איז געשען? זי איז געווען איבערצײַגט, אַז ער ווייס פֿון אַלץ. און זי האָט אים געוואָלט פֿאַרגעסן. די זאָרגן האָבן אויף איר פּנים אָנגעוואָרפֿן די בלײַכקייט פֿון דער בערל־מוטער. פֿון אַלעם איז איר אַמפּילבאַרסטן געווען ערווינס אָפּוועזנהייט. זי האָט אים גע־וואָלט זען, פֿילן זײַנע געדאַנקען, זי האָט געוואָלט וויסן, וואָס פֿאַר אַ מין פֿאַרברעכערישקייט און נידערטרעכטיקייט און איר כאַ־ראַקטער האָט אים געבראַכט צו טאָן דאָס, וואָס ער האָט געטאָן.

זי האָט נישט געקאָנט די ווערטער, די פֿאָרם, צו רופֿן אים, עס האָט זיך איר אויסגעוויזן נאָך אַ טיפֿער נאָכקלערן, אַז צווישן איר און ערווינען קאָנען שוין קיין ווערטער נישט עקזיסטירן. אָבער זי האָט געפֿילט אינעם: רויק וועל איך זיין נאָר אין זיין אָנוועזנהייט; פֿריילעך וועל איך קיינמאָל נישט זיין, אָבער איך וויל זיך דערווייסן פֿאַרוואָס בין איך אַזוי דערנידריקט.

פֿאַרוואָס קומט ער נישט? האָט זי זיך באַקלאָגט און געדאַנק; צי פֿאַראַכט ער מיך? און דערפֿאַר מײַדט ער מיך אויס?

די נײַע וואוינונג האָט זיך געפֿונען אין אַן אײַנשטאָקיק הײַזל אין אַן אָנגענעמער סביבה. פֿאַרן הויז איז געווען אַ גאָרטן, אין וועלכן ווירגיניאַ האָט זיך אין די וואָכנטעג כמעט שטענדיק געפֿונען. זי האָט אויסגעמיטן דעם פּלויט אויף דער גאַס און שפּאַצירט בלויז אויף די שמאָלע שטעגלעך צווישן די יונגע וועלכנדיקע בוימלעך.

עס איז געווען שפּעט נאָכמיטיק, ווען פֿרוי גרעסגער האָט זי גערופֿן דורכן קוך-פֿענצטער. דער פֿריילעכער קלאַנג פֿון איר קול האָט פֿאַרשטאַרקט ווירגיניאַס גלידער. ער איז געקומען. זי איז אַרײַן אין דער וואוינונג. ערווין איז אויפֿגעשטאַנען און זי באַגריסט.

— איך בין פֿאַרנומען מיט געשעפֿטן און אומאָנגענעמלעכקייטן, — האָט ער געזאָגט, — גיט מיר אַ גלאָז וואַסער, מאַמאַ. מיך דורשט.

ווירגיניאַ האָט איבערגעיאָגט די מוטער און אַליין געבראַכט אַ גלאָז וואַסער, אָפּקילנדיק זיך די הייסע הענט אונטערן קראַן. ווען זי איז צוריקגעקומען אין שטוב, איז די מוטער נישט געווען. ווירגיניאַ האָט פֿאַרקנייטשט די ברעמען און ערווינען דערלאַנגט אַ גלאָז. ער האָט געטרונקען מיט אַפּעטיט.

— איך מוז זיך פֿאַר אײַך מודה זײַן, אַז די פּליאָטקעס אין דער שטאָט האָבן שוין אויס אײַך געמאַכט מײַן געליבטע, — האָט ער פּלוצלינג אָנגעהויבן. — איך קאָן אײַך נישט פֿאַרטיידיקן קעגן דעם, ווירגיניאַ, כּל-זמן איר וועט נישט אָננעמען קיין באַשלוס, וואָס וועט אַ תּל געמאַכט פֿון די אַלע פּליאָטקעס.

— ווער זאָגט עס? וואָס זאָל עס באַדײַטן? וואָס פֿאַר אַ באַשלוס דאַרף איך אָננעמען? — האָט ווירגיניאַ געענטפֿערט אַן אויפֿגערעגטע. — איר האָט אַ טעות, אויב איך מיינט, אַז די פּליאָטקעס האָבן אויף מיר ווערקע עס איז ווירקונג.

— עס עקזיסטירט אַן ערגערס, ווירגיניאַ: עס איז שוין נישטאָ פֿאַר אײַך קיין אַנדערע מעגלעכקייטן פֿון גליק.

— מוז איך לעבן אַן גליק.

— און איך, ווירגיניאַ? בין איך דיר גלײַכגילטיק?

— זאָגט מיר נישט דו, — האָט ווירגיניאַ אויסגערופֿן, באַגיטנדיק זיך מיט אַ פּורפּור־רויטקייט. — פֿאַרוואָס איז די מוטער אַוועקגעגאַנגען? וואו איז זי? איר האָט זיך פֿאַרייניקט מיט איר! אַלע האָבן זיך פֿאַרייניקט קעגן מיר!

— ווירגיניאַ! דאָס לעבן האָט זיך פֿאַרשווערט קעגן דיר, ווײַל דו טרעטסט עס מיט די פֿיס. ליבסט מיך, ווירגיניא! ווען דו וואָלסט מיך נישט געליבט, וואָלסטו נישט איבערגעלעבט די לעצטע נאַכט אין עדליץ. דו ליבסט מיך, און מיר געניגט עס, אַז איך ווייס דערפֿון.

ווירגיניאַ האָט די פֿויסט געדריקט אין דער באַק. דאָס איז, וואָס אַן אמת, אַ וואונדער, אַז איך האָב איבערגעלעבט די דאָזיקע נאַכט. איר פּנים האָט טויט אויסגעזען אין גרויען זייד פֿון בין־השמשות.

— איך וועל אײַך קיינמאָל נישט ליבן, ערוויז, — האָט זי טויב געזאָגט, — קיינמאָל. נו, גיט מיר צוריק די פֿרײַקייט.

— וואָס הייסט עס? האָט ערוויז געזאָגט, אַראָפּגעטריבן פֿון וועג — דו ביזט פֿרײַ.

— איך בין פֿר—ײַ, — האָט זי איבערגעחזרט מיט אַ הוילן קלאַנג.

— דו ביזט פֿרײַ, אָבער דורכן גורל ביזטו צונויפֿגעשמידט מיט מיר, — האָט ערוויז געצויגען. — יעצט איז געקומען אַ רגע, כּדי צו מאַכן דעם לעצטן רוק־צוג פֿאָרויס. — דו ביזט פֿרײַ פֿון געבורט, — האָט ער געזאָגט — פֿון געבורט באַשטימט צו ליבע. דו ביזט אַ קינד פֿון ליבע, אומבאַוואוסט אין דײַן פֿאָטער. אפֿילו

דײַן מוטער קען איך נישט, אײנאײנציקע רגע פון תאווה, אײנציק אין איר לעבן, האט זי געווארפן אין די ארעמס פון אן אומבאַקאַנטן מאַנסבאַרשוין, און דאס איז אין דײַן בלוט, און דערמיט קעמפסטו אומזיסט. דו ביזט א קינד פון דער ליבע.

אין ציטערניש האט ווירגיניא געקוקט אויף זײַן מויל. איר ווײטיקלעכער, צווײפלענדיקער אויסדרוק האט אים געפאלן. זי האט געמאכט אן אויטאמאטישע האנט־באַוועגונג, אירע ברעמען זענען אראפגעפאלן. ערווין האט געכאפט איר האנט און זי לאנג געדריקט צו די ליפן. ציטערנדיק האט זי דאס דערלויבט און כסדר געציטערט.

— באַריר מיך נישט! — האט זי אויסגערופן א בלײכע, ווי אין חלום.

זײ זענען געשטאנען אײנער קעגן אנדערן, אויג אין אויג. אינדעם האט פרוי געסנער, איבערראשט פון ווירגיניאס אויסרוף, אויפגעעפנט די טיר. אויף איר פנים איז געהאנגען א בײזע אנטשלאסנקייט, וועלכע באפאלט אמאל ענערגישע מענטשן. די דאזיקע פרוי איז געפאלן, קאן מען זאגן, אויף דער נידעריקסטער מדרגה פון איר מאראלישער נאטור: אנגעבלאזן, נאאיווע גרויקייט, מורא פאר ארעמקייט האבן געמאכט פון איר א ווילנלאז געגנשטאנד אין ערווינס האנט. ערווין האט דאס באמערקט נישט אן פארוואונדערונג.

— דו אומדאנקבאר וועזן! — האט זי אויסגערופן. — פארוואס גייסטו קעגן שיקזאל? זאג מיר, פארוואס? אפשר צוליב דײַן מאנפרעדן, וועלכער איז גארנישט, האט גארנישט, קען גארנישט? גאט, זײַ מיר מוחל, אבער איך קען לענגער נישט קוקן ווי דער דאזיקער אײדעלער און קלוגער מענטש לײַדט צוליב דיר, ער, וועלכער האט דיך פארשיט מיט מתנות אין דער ווערט פון הונדערטער טויזנטער, און באהאנדלט דיך ווי א גרעפין. און דו, זײַ מיר מוחל, גאט, מאכסט דיך, ווי דו וואלסט צו טײַער געווען פאר אים. פאר וועמען זענען אלע מײַנע זארגן און מאטערנישן פון אזוי פיל יארן? פאר דיר איז דאס אלץ, בלויז פאר דיר, און דו דאנקסט מיר אזוי אפ. זאל מיר גאט מוחל זײַן.

— גענוג! — האָט ערווין הויך אויסגערופֿן. — שווייג, מאַמע!

ווירגיניאַ האָט געהאַט איבער זיך אַ באַוואונדערונגס-ווערטע זעלבסטבאַהערשונג. זי איז צוגעגאַנגען צו דער מוטער און איר אַרויפֿגעלייגט ביידע הענט אויף די אַקסלען. פֿרוי געסנער האָט זיך אַ צעמישטע צוריקגעצויגן, אָבער ווירגיניאַס בליק האָט זיך טיף איינגעזויגן אין דער מוטערס פּנים, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן, צי עס איז אמת, וואָס ערווין האָט איר ערשט געזאָגט. דערנאָך האָט זי זיך אויסגעדרייט און געזאָגט מיט אַ רויִק קול:

— גוט, זאָל זיין, איך בין מסכּים.

ערווין האָט געקוקט אויף דער ערד. וואָס פֿאַר אַ שטן האָט אים צוגערעדט, ער זאָל אויסטוישן די פּעטליע אויף אַ שטילעט און נאָכאַמאָל אויף אַ רגע מאַכן אונטערטעניק די, וואָס „האָט מסכּים געווען“? האָט ער ניט געוואָלט זיין אַ רויבער? אפשר אַ וועג פֿאַר אַ געפּייניקטער, פֿאַרשפּיגענער נשמה? ער האָט געקנייטשט די ברעמען און געשוויגן. דאָס דאָזיקע שווייגן האָט ווי דערשטיקט ווירגיניאַן. זי האָט עס פֿאַרשטאַנען אַלס אויסדרוק פֿון פֿאַראַכטונג. הייסט עס, אַזוי שלעכט איז מיט מיר, האָט זי געטראַכט, און דאָס בלוט איז איר געקומען אין פּנים. מיט אַ לאַנגזאַמען טראָט איז זי צו צו דער קאַנאַפּע און געפֿאַלן מיטן פּנים אויף די געקרייצטע אָרעמס. אַזוי שלעכט איז מיט מיר, איך בין פֿאַר אים גאָרנישט ווערט, דאָס איז געווען איר איינציקער געדאַנק.

יעצט בין איך מיט דיר זיכער, האָט עפּעס פֿריילעך גערופֿן אין ערווינס נשמה, יעצט האָב איך דיך אינגאַנצן.

— וואָס איז דאָס? ווער קלאַפּט? — האָט פֿרוי געסנער געברומט און געעפֿנט די טיר. עס איז אַריינגעקומען אולריך ציטערמאַן. אויף זיין גרוס האָט קיינער ניט געענטפֿערט.

אין צימער איז שוין געווען פֿולשטענדיק פֿינצטער.

— די איינגאַנגס-טיר איז געווען אָפֿן, — האָט אולריך געזאָגט מיט אַ טאָן, ווי פֿאַרענטפֿערנדיק זיך.

אולריך ציטערמאַן האָט די לעצטע טעג פֿאַרבראַכט, זאָרגנ-

דיק זיך וועגן ווירגיניאַן. די דאָזיקע זאָרג איז אַנטשטאַנען אונטערן איינפלוס פון גראַף פאַלעסטער. פאַלעסטער האָט זיך נישט קלאָר אַרויסגעזאָגט, אָבער זיינע אומדיימלעכע אָנצוהערענישן האָבן משפיע געווען אולריכן, ער זאָל באַזוכן ווירגיניאַן. אפשר בלויז זי צו זען. ער איז געקומען פון דער פיאַר־גאַס, וואו מען האָט אים געוויזן די נייע אַדרעס.

אויף זיין צווייטער, אומדרייסטער באַגריסונג האָט קיינער נישט געענטפערט. פרוי געסנער האָט שנעל אָנגעצינדען די לאָמפּ. אולריך צימערמאַן האָט באַמערקט ערווינען און איז איבערראַשט געוואָרן.

ווירגיניאַ איז געלעגן אומבאַוועגלעך, האָט אויסגעזען ווי אַ מת. אולריכן האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס, פאַרוואָס ער האָט מורא געהאַט, איז מקוים געוואָרן.

— איר האָט אויסגעקליבן אַ שלעכטע מינוט, — האָט ערווין געזאָגט און געקוקט אויף אולריכן מיט בלישטשענדיקע אויגן. אולריכס מויל האָט זיך אויסגעקרימט.

— וואָס איז געשען? — האָט פרוי געסנער געפרעגט. די אַלטע האָט אומגערן געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— קומט, איך וועל באַרויקן אייער נייגעריקייט, — האָט ערווין געזאָגט באַפעלנדיק. אולריך איז געגאַנגען מיט אים צווייפלענדיק.

אויף דער גאַס האָט אולריך געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער גייט נעבן אַ פיינט. ערווין איז געלאָפן, ווי אַ געיאָגטער. איינציקוויין האָט ער גענומען פאַרקלענערן דעם טראָט.

— וואָס מאַכט מיראָווימש? — האָט ער פּלוצלינג אַ פרעג געטאָן אַ צעשטרייטער מיט אַ שטאַרקן אינטערעס, וואָס האָט געווירקט אויף אולריכן אַזוי ווי עמיצער וואָלט אים מיט אַ שטאָלענע בערשט אַדורכגעפאָרן איבערן רוקן־ביין.

— עס דערגענטערט זיך די קאַטאַסטראָפע, — האָט ער שטיל געזאָגט. דערנאָך האָט ער פינצטער געקוקט ערווינען אין די אויגן אַריין און געפרעגט:

— און די דאָזיקע גאַנצע אחריות נעמט איר אויף זיך?

— וואָס פֿאַר אַ אחריות?

אולריך האָט געמאַכט מיטן קאָפּ און מיט די אַקסלען אַ באַוועגונג צום הויז, וועלכן זיי האָבן ערשט פֿאַרלאָזן.

ערווין האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט איין אויג פֿון אויבן ביז אַראָפּ.

— רעוואָלוציאָנע פֿאַרטונקלט דעם בליק, — האָט געזאָגט אולריך. וועלכער האָט פֿאַרשטאַנען די באַליידיקונג ערשט דעמאָלט, ווען דער באַליידיקער האָט זי שוין געהאַט פֿאַרגעסן. ער האָט געקוקט פֿאַר זיך אַ פֿאַרזאָרגטער. ער האָט געשוויגן, נישט קענענדיק אָוועקטרייבן פֿון געדאַנק דאָס בילד פֿון ווירגיניאַן, וועלכע איז געלעגן אומבאַוועגלעך.

— איך האָב געהערט, אַז עס האָט אייך געטראָפֿן אַ טרויעריקער פֿאַרפֿאַל, — האָט אָנגעהויבן ערווין, וועלכער האָט אויך געוואָלט אויף אַ ווייל פֿאַרגעסן וועגן דאָזיקן בילד.

— יאָ, מיינס אַ פֿעטער איז געשטאָרבן.

— אַך, פּלוצלינג . . .

— יאָ. אין אַ געווינסן טאָג האָט מען מיר מיטגעטיילט, אַז עס בלייבט אים שוין נישט קיין סך צום לעבן. ער האָט געוואָלט מיט מיר רעדן. ער האָט געוואוינט אין אַ קליינעם האָטעל אין באַדען. איך בין געפֿאָרן צו אים. ער איז אַנטלאָפֿן פֿון דער שטאָט, ווי אַן איידעלע ווילדע חיה, וואָס שטאַרבט ווייט פֿון איר נעסט. ער האָט געוואָלט די פֿריינט איינבערענגען זען, ווי ער שטאַרבט. זיבט אַנדערהאַלבן יאָר האָט ער געוואוסט, אַז ער איז אַ פֿאַרלוירענער. זיבט אַנדערהאַלבן יאָר האָט ער זיך כמעט אינגאַנצן אָפּגעגעבן די געדאַנקען און טראַכטענישן וועגן טויט. דער געדאַנק וועגן טויט האָט פֿאַר אים געמוזט זיין שרעקלעך, ווייל ער האָט נישט באַזיצט קיין גלויבן, ער האָט נישט באַזיצט קיין האָפֿנונג און נישט באַזיצט קיין אילוזיעס. עס האָט אים אַפֿילו געפֿעלט די טרייסט, אַז מען לאָזט איבער קינדער. וואָס וועלן געדיירטע ווארפֿן אַ קופּע ערד אויף דער טרומנע. ער האָט געהערט צו אַ דור פֿון אַרבעטזאַמע סקעפּטיקער און סענטימענטאַלע ציניקער, אַ דור, וואָס עקזיסטירט שוין נישט, וואָס האָט אָפּגעטרעטן

זײַן ערד פּאַראַזיטישע סקעפּטיקער און ציניש זוכער. דאָס איז געווען אַ בראַווער מענטש און געהאַט אַ כאַראַקטער, וואָס איז הײַנט אַ ביסל פֿאַרעלטערט.

— נו, ער האָט, ווי איך זע, — האָט ערווין געזאָגט. — דאָס, וואָס איר רופֿט אָן כאַראַקטער, איז בלויז אַ פֿאַרהאַרטקייט פֿון די קאָמעדיע־פֿאָרטלען. שטענדיק ווען זיי שטערן עמיצנס אַ חתונה, וואָס געשעט דאָך צום סוף.

— ניין, ניין. ער איז נישט צוגעבונדן געווען צום געלט, ער איז צוגעבונדן געווען צו דער פֿאָרם, — האָט אולריך צימערמאַן געענטפֿערט. — ווען איך האָב אים געזען, האָט דאָס האַרץ מיר ווי געטון. האָט איר ווען עס איז געזען אַ הונט, וואָס ווייסט, אַז מען פֿירט אים צום הינצעל? די דאָזיקע מידע, פֿײַכטע אויגן, פֿול פֿאָרוואורף, אָבער אָן האַס? איר האָט זיך באַהאַלטן, דעם הונטס אויגן זוכן אײַך. אַזעלכע אויגן האָט געהאַט דער דאָזיקער אַלטער. ווען איך בין געשטאַנען פֿאַר אים, אַ פֿאַרזאָרגטער און אַ נאַרישער, וואָס מען איז, ווען יענער לײַדט, האָט ער שוין נישט געקענט רעדן. אונטערן קישן האָט ער געהאַט דעם פּאָרטפֿעל, גראָב אָנגעשטופּט מיט באַנקנאָטן, וואָס ער האָט אין צאָרן געהיטן. ענדלעך האָב איך זיך דערוואוסט זײַן וואונטש: ער האָט געפֿאָדערט, אַז איך זאָל איבעררײַסן אַלע באַציאונגען מיט אײַך, ערווין. אויב איך וואָלט מסכּים געווען דערויף, וואָלט ער גרייט געווען צו מאַכן מיך פֿאַר דעם הויפּט־ירושה־נעמער.

— און אויף וואָס האָט איר זיך אַנטשלאָסן? — האָט ערווין געפֿרעגט אַ פֿאַרוואונדערטער.

— איר זעט דאָך אויף וואָס איך האָב מיך דעציִדירט. מען קען דאָך נישט אַ שטאַרבנדיקן צוגעבן אַ לעבעדיקן צו דער טרומנע. איך וויל אײַך זאָגן, ערווין, מײַנע געפֿילן זענען קיינמאָל נישט געווען באַאומרואיקט אין אײַער אָנוועזנהייט. די באַציאונגען מיט אײַך האָבן, איך זאָל זײַן אויפֿריכטיק, באַשאַפֿן עפּעס אַ נייגונג צו פֿאַרראַט. איר האָט אַ שרעקלעכע נייגונג צו מאַכן מענטשן אין אַ געוויסער הינזיכט אַלס פֿאַררעטער. איר דערהרגעט אינסטינקטן, ווי אַ מערדער־ווינט קנאָספּן. אָבער צום וואונדערלעכסטן איז אין אײַך די

פֿעיקייט, מיט וועלכער איר קענט ווערן נישט־זעעוודיק, אומזעענדיק דיקא דעמאָלט, ווען עס ווילט זיך, אַז איר זאָלט זיך אָנזעען. דעמאָלט זענט איר נישט זעעוודיק, ווי דער הער פֿון הונט, וועלכן מען פֿירט צום קיילער... איר זענט אַמאָל אַזוי מאָדנע ווענגלאָז; מען זוכט אייך און מען געפֿינט נישט. אָפֿט, ווען איך טראַכט פֿון אייך, דאַכט זיך מיר, ווי איר וואָלט נישט געהאַט קיין אויגן, ווי איר וואָלט געשוואומען אין דער פֿינצטערניש, ווי יענע פֿיש פֿון די טיפֿענישן אין פּרעכטיקע קאָלירן, אין פּורפּור, גאָלד און אין גרינס; אָבער צי וואָס אָט די אַלע פֿאַרבן, פֿרעג איך זיך, צו וואָס די דאָזיקע הערלעכקייט פֿאַר דעם, וואָס וועט שוין נישט צוריקקערן? צו וואָס איז די שוואַרצע טונקלקייטן פֿון דער וואַסערטיפֿעניש? נו, גוט. אפֿשר טאַקע צוליב די דאָזיקע פֿאַרבן האָב איך געענטפֿערט דעם פֿעטער, אַז איך קאָן נישט אָננעמען זיינע באַדינגונגען. נישט צוליב עקשנות, אָדער דאַנקבאַרקייט, נישט אויס מורא צו פֿאַרקויפֿן זיך, נאָר בלויז צוליב די שיינע פֿאַרבן. איר וועט דאָס האַלטן פֿאַר טפּשות; ס'קאָן זיין. ווען איך האָב אין עטלעכע טעג דערנאָך באַזוכט דעם פֿעטער, איז אַרויסגעגאַנגען פֿון אים דער רעיענט. איך האָב דאָרט געטראָפֿן אַ יונג מיידל מיט דער מוטער; זיי האָבן אויסגעזען ווי אַרבעטער. דאָס מיידל איז געווען די טאָכטער פֿון מיין פֿעטער און איז געקומען פֿון אַ פּראָלעטאַרישער גרויסשטאָטישער סביבה, כּדי אָנצוקוקן דעם שטאַרבנדיקן פֿאָטער, וועלכן זי האָט כּמעט נישט געקענט. איך האָב פֿון איר גאָרנישט געוואוסט. זי איז געשטאַנען, שפּורנדיק געלט. זי האָט געירשענט צוואַנציק טויזנט קראָן, איך אויך אַזוי, דאָס איבעריקע, אפֿשר צען מאָל אַזוי פֿיל, האָט באַקומען דאָס שפּיטאָל „הייליקע אַגנאַ“. נאָך מיין פֿעטערס טויט האָט מען אין צימער געפֿונען איבער פֿינף הונדערט שטיק גאָלד, וואָס ער האָט צעוואָרפֿן אַרום אין לעצטן טויט־צאַפּל.

ערווין איז אַ ווייל געגאַנגען מיט אַ בליק אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד. פּלוצלינג האָט ער אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און געזאָגט פֿאַר זיך:

— עס וואָלט גוט געווען, ווען איר לאָזט מיך יעצט אַליין.

אמבעסטן וועט זיין, ווען מיר זאָלען זיך יעצט געזעגענען. איך האָב אין דער היים עטלעכע אייערע מאַנוסקריפּטן, איך וועל זיי אייך אָפּשיקן. אַמבעסטן וועט זיין, ווען מיר וועלן זיך דאָ צעשיידן אויף שטענדיק. גוטע נאַכט!

אולריך צימערמאַן האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט, אויף וועלכן די דאָזיקע ווערטער זענען געפאַלן. ערווין איז גיך פאַרשוואונדן אין דער פינצטערניש, ער איז אַוועק צו א טעלעפאָן, האָט זיך געהייסן פאַרבונדן מיט דער ווילע „סאַנסאַראַ" און אַרויסגעגעבן ווילכטלען עטלעכע באַפעלן. דערנאָך האָט ער גענומען א דראָזשקע און געפאָרן אין ווירגיניאַס וואוינונג.

ווען ערווין און אולריך זענען אַרויס פון צימער, האָט זיך ווירגיניאַ נישט גערירט. עס איז אַוועק א פערטל שעה און קיין איינע פון די צוויי פרויען האָט זיך נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט. דערנאָך האָט פרוי געסנער אַנידערגעקניט נעבן דער קאַנאַפּע און מיט א טרוקן זיפץ אַרומגענומען ווירגיניאַס האַלדז. אָבער ווירגיניאַ האָט זיך נישט באַוועגט. ערשט, ווען דער מוטערס אומארמונג איז געוואָרן שטאַרקער, האָט זי זיך אויסגעגלייכט און קאַלט געזאָגט:

— לאָז צו רו, מאַמע, דאָס האָט נישט קיין צוועק. זאָג מיר בעסער, צי איז אמת, אַז מיין פאָטער איז געווען אַן אומבאַקאַנטער מענטש.

פרוי געסנער האָט געטון א געשריי.

— ער האָט דיר געזאָגט? — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט, פאַרברעכנדיק די הענט — און יענער, יענער האָט עס דערציילט? איך, אומגליקלעכע פרוי! — האָט זי אויסגערופן. — מיין אָרעם, אומגליקלעך קינד!

דער גלאָק ביי דער איינגאַנגס-טיר האָט הויך געקלינגען. מיט א פאַרווייינט פּנים, צודעקנדיק דאָס מויל מיט א נאָז-טיכל, איז פרוי געסנער אַרויס פון צימער. זי האָט געעפנט די טיר. פאַר איר איז געשטאַנען ערווין ריינער.

— נאָכדעם, ווי איר זענט אַזוי פאַרנעטערעט קעגן ווירגיניאַן, קען זי לענגער נישט זיין אין אייער הויז, — האָט ער געזאָגט

ניך, מיט אַ פאַרשטיקט קול. — וואָס פאַר אַ שטן האָט איך באַ־
הערשט ?

— אָך, גאָט ! אָך, גאָט ! — האָט די אַלטע געזיפצט.

— שטילער איצט ! — האָט ערווין באַפוילן, — איך וועל
פירן ווירגיניאַן צו דער גרעפין האַמליש. שטעלט אייך נישט
אַנטקעגן. שווייגט. אַלץ איז אָפּהענגיק דערפון, צי איר וועט זיין
קלוג. און דריי פיר טעג אַרום וועט איר באַקומען אַ ידיעה.

פרוי געסנער האָט אויף אים געקוקט מיט געבעט. ערווין
האָט מער נישט געקלערט פון איר. ער איז אַריין אין צימער,
האָט ווירגיניאַן געכאַפּט פאַר דער האַנט און געזאָגט מיט אַ
לייַדנשאַפטלעכער צודרינגלעכקייט :

— איך האָב פריער נישט געוואָלט אויסנוצן די שטימונג, אין
וועלכער איר האָט זיך געפונען, ווירגיניאַ. און יעצט האָב איך
מורא פאַר דער פאַרצווייפלונג, וואָס קאָן אייך אַרומנעמען ביי־
נאַכט. איך האַלט אייך פאַרן וואָרט. אַלץ איז גרייט. קומט
מיט מיר.

— וואוהין ? — האָט ווירגיניאַ געפרעגט מיט אַן אומבאַ־
וועגלעך פנים.

— צו דער גרעפין האַמליש.

די גרעפין האַמליש איז געווען אַ שוועסטער פון דער פרוי
רעסאָווסקאַ. ווירגיניאַ האָט זי געקענט און זי געאַכט, זי האָט
דערי־בער גאָרנישט געהאַט קעגן דעם פאָרשלאַג פון ערווינען, וויל
איר צעווייטיקט האַרץ האָט קודם־כל געוואָלט אַנטלויפן פון דער
מוטער, ווען נישט עפּעס אַן אומצוטרוי, וואָס האָט זיך גענעבן צו
דערקענען נישט אַלס געדאַנק, אָדער צווייפל, נאָר אַלס אומ־
מיטלבאַרקייט פון קערפער.

— אַלץ קאָן נאָך גוט זיין, ווירגיניאַ, — האָט ערווין געצויגן,
צונויפגנדיק דעם שמערן צו איר שטערן, — לעבן, גליק און צו־
קונפט זענען אָפּהענגיק דערפון, וואָקלט אייך נישט, יעדער צווייפל
באַדייט אומגליק.

— ווירגיניאַ האָט פּלוצלינג מיט אָפּגעאָטעמט. זי איז פאַר־
לוירן, אָבער נישט פאַראַכטעט, און זי האָט דערפילט אַ האַונדער־

לעבע באַרויקונג. זי איז פֿלינק אויפֿגעשטאַנען.

— אַ מאַנטל, אַ הוט! שנעלער! — האָט ערווין געדופֿן צו דער מוטער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער שוועל.

פֿרוי געסנער האָט געפֿאָלגט אַן איבערראַשטע. ווירגיניאַ האָט אַפּאַטיש דערלויבט אָנצוטון איר דעם מאַנטל; אַפּאַטיש האָט זי אָנגעטון דעם הוט. זי האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן חשבון, וואָס איז געשען, וואָס זי טוט.

— ערווין! ערווין! — האָט פֿרוי געסנער אויסגערופֿן, זיפֿצנדיק. ערווין האָט איר געוואָרפֿן אַ בייזן בליק. זי איז שטיל געוואָרן.

ערווין האָט ווירגיניאַן צוגעפֿירט צו אַ דראָזשקע. זיי האָבן זיך איינגעזעצט. די פֿערד האָבן גערירט. ערווין האָט אָנגענומען ווירגיניאַס הייסע הענט. זי האָט זיי כמעט אַן איבערראַשטע צוריקגעצויגן. ער האָט אַנידערגעקניט און געקושט דעם זוים פֿון איר מאַנטל. זי האָט ווייטיקלעך געקוקט פֿאַר זיך.

ערווין איז אויפֿגעשטאַנען און געפֿרעגט, צי ער קען רויכערן. זי האָט נישט געענטפֿערט. ער האָט נישט גערויכערט. די פֿערד זענען געפֿלויגן ווי משוגע, ענדלעך האָט זיך די דראָזשקע אָפּגעשטעלט פֿאַר אַ קליינעם פּאַלאַץ. ערווין איז אויסגעשטיגן.

— וואַרט צו אַ ביסל. איך וועל מעלדן דער גרעפֿין.

ער איז פֿאַרשוואונדן אין טויער. ווירגיניאַס האַלדז איז געווען ווי דערשטיקט. אין איר ברוסט איז געלעגן אַ שטיינערנע גלייכגילטיקייט.

באַלד איז ערווין צוריקגעקומען, — ער האָט דעם פּאָרטיער געקענט בלויז עפּעס זאָגן, — ער האָט דעם קוטשער געגעבן עפּעס אַ באַפֿעל און זיך צוריק אַרייַנגעזעצט. ווען די דראָזשקע האָט זיך גערירט, האָט ער געזאָגט:

— עס איז געשען אַ מיספֿאַרשטענדניש. די גרעפֿין איז אַוועקגעפֿאָרן צו מיר. זי דערוואַרט אונדז אין מיין ווילע. איך האָב איר מיט אַ שעה צוריק געשיקט אַ בריוו דורך אַ פּאָסלאַניעץ. איך האָב געמוזט אודאי שרייבן אָן שׂכל, איך בין געווען כמעט באַוואוסטלאָז.

ווירגיניא האט געצווייפלט. פאררעכטסטו מיך ווייטער נישט? האט געפרעגט איר בליק, געווענדט צו אים. זי האט געפילט א ווייטיקלעכע נייגעריקייט. איך וועל זיך איבערצייגן, צי דו פאררעכטסט מיך נישט ווייטער, האבן געזאגט אירע ברעמען, אראפפאלנדיק. ערווין האט גערעדט און גערעדט, אויפקלערנדיק איר דאס, וואס ער האט אנגערופן מיספארשטענדניש. אבער ער האט גערעדט בלויז דערפאר, כדי ווירגיניא זאל נישט פילן דעם ווייטן וועג.

צו וואס האט די גרעפין געזאלט פארן צו אים? האט ווירגיניא געטראכט, און אירע ליפן האבן כסדר געציטערט. צו וואס? וואס האט ער ברעה צו טון? אבער די דאזיקע געדאנקען, ווי זיינע ווערטער זענען געווען בלויז אן אילוזיע. זיי האבן זיך אליין גענארט און אויך איינער דעם אנדערן גענארט. מחוץ אירע געדאנקען איז געלעגן א הילפלאזע זארג, מחוץ זיינע געדאנקען — א נישט-געהאמעוועטע פרייד און אומגעדולדיקייט.

זיי זענען געקומען צום ציל. ווילטל האט געמוזט באקומען געהעריקע אינסטרוקציעס — ער האט זיך נישט געוויזן. זיי זענען אריין אין פאדער-צימער.

— ביטע דא אין דער הויך, — האט ערווין העפלעך געזאגט. ווירגיניא האט זיך געוואקלט מיט די מחשבות פאר די טרעפן.

— ביטע דא אין דער הויך, — האט ערווין שארף איבערגעחזרט, — די גרעפין מוז זיין אין דער הויך; מיר האבן געהאט א פארפאל אין פארטער. די ליכט איז קאליע.

דאס האט געקלונגען אן פארוואורף.

— ווילטעל! — האט ערווין אויסגערופן. קיינער האט נישט געענטפערט.

ער פארראט מיך, האט ווירגיניא געטראכט, אבער זי איז ארויפגעגאנגען ווייטער אויף די טרעפן, אונטער דעם אומאויפהערלעכן דראנג פון נייגעריקייט.

זי האט זיך געפונען אין א שיינעם, טונקל-בלויען צימער. ערווין האט גערעדט צו איר. זיין קול האט יעצט געקלונגען ווי אפגערעקט. זי האט פארשטאנען. זי האט זיך ארומגעקוקט און

צונויפֿגעפֿלאָכטן די הענט. ער האָט מיר אויסגעזען פֿאַררעטן, און איר אַדורך אין געדאַנק.

זי האָט זיך ווײַטער אַלײן ניט אָפּגעגעבן קײן חשבון, ווי די לאַגע זעט אויס. זי האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ קרבן פֿון אַ נאַרישן צופֿאַל, פֿון אַ מיאוסן ליגנט, פֿון אַן ערנלאָזן שפּאַס און האָט זיך געפֿרעגט צו וואָס וועט דאָס אַלײן ברענגען. ערווין האָט געקוקט אויף איר אַ ווײַלע אין שווײַגן, פּלוצלינג איז ער אויפֿגעשטאַנען און אַרויס.

אין דער ערשטער רגע איז ווירגיניאַ געווען צופֿרידן, וואָס זי איז געבליבן אַלײן. זי האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און זײַן אויסזען געזען. ווי שמוציק! וואָס איז דאָס פֿאַר אַ צימער? האָט זי זיך געפֿרעגט; איך קען עס ניט, עס איז אײַנגעאָרדנט ווי פֿאַר אַ פֿרוי.

דאַרף איך אים ליבן? ער וועט חתונה האָבן מיט מיר און איך וועל אים ליבן. און יענער? מאַנפֿרעד? ער איז אַזוי ווײַט, אַזוי אומענדלעך ווײַט. אָבער פֿאַרוואָס זאָל איך אויך יענעם ניט ליבן? פֿאַרוואָס זאָל איך בײדע ניט ליבן? האָט זי פֿאַרענדיקט אירע מחשבות אין איר געפֿלדיקן מוח.

זי איז געגאַנגען איבערן צימער הין-און-צוריק, הין-און-צוריק. פֿאַרוואָס האָט ער מיך אַזוי לאַנג איבערגעלאָזט אַלײן? זי האָט זיך באַקלאָגט און דערפֿילט אַ שרעק פֿאַר דער שטילקײט.

איר בליק איז געפֿאַלן אויף אַ קלײן טירל. זי האָט געעפֿנט דאָס טירל און דערזען אַ באָד-צימער און אַ ראָזער באַלײַכטונג. שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, האָט זי פֿאַרמאַכט דאָס טירל, איז אַוועקגעגאַנגען און צו צום פֿענצטער. די נאַכט איז געווען שוואַרץ. טראָפּנס רעגן זענען געפֿאַלן אויף די שויבן. זי האָט אַראָפּגענומען דעם הוט און אויפֿסנײַ אָנגעהויבן צו גײן איבערן צימער. גאָט, וואָס טו איך? איז איר שנעל אַדורך אין מוח; איך קאָן דאָ ניט בלײַבן, עס איז שוין שפּעט, איך מוז אַוועקגײן.

זי האָט אָנגעטון דעם מאַנטל און דעם הוט און צוגעלאָפֿן צו דער טיר. זי האָט אַ דריק געטון די קליאַמקע. אַ קאַלטע איבעראַשונג האָט זי אַדורכגענומען. די טיר איז געווען פֿאַרשלאָסן.

זי האָט געדרייט מיט'ן קאָפּ אין אַלע זייטן. אירע אויגן זענען געווען ברייט צעעפנט. זי האָט נאָכאַמאָל געדריקט די קליאַמקע און ווידער נאָכאַמאָל. די טיר איז געווען פאַרמאַכט. זי איז געווען געפאַנגען.

אין אַ געוויין האָט זי פאַרדעקט דאָס געזיכט מיט די הענט און הילפלאָזן אָנגעשפאַרט דאָס געזיכט אויף דער טיר.

# מיניאַטורי

מאָרע־האָבנדיק פֿאַר ווירגיניאַס גורל איז אולריך צימערמאַן אַוועק צום גראַף פֿאַלעסטער. עס איז נאָך נישט געווען קיין אַכט, ווען ער האָט אָנגעקלינגען אין אַ טויער פֿון אַן אַלט הויז מיט אַן אומפֿריינטלעך אויסזען, אין וועלכן עס האָט געוואוינט פֿאַלעסטער. די הויז־וועכטערין האָט אים געפֿירט דורך אַ וועג אין גאָרטן, וואָס איז נאַס געווען פֿון רעגן.

די פֿאַרקראַטעוועטע פֿענצטער פֿון הויז זענען געווען טונקל. די הויז־וועכטערין איז אַוועקגעגאַנגען. אולריך האָט אָנגעקלאַפּט אין דער אײַנגאַנגס־טיר. קיינער האָט נישט געעפֿנט. ער האָט נאָכאַמאָל אָנגעקלאַפּט מיטן שירעם, אַזש דער עכאָ האָט אָפּגעקלינגען אין גאַנצן הויז.

ענדלעך האָט זיך אין דער הויך געעפֿנט אַ פֿענצטערל און עס האָט זיך באַוויזן אַ קאָפּ פֿון אַ פֿרוי. אַ רויִק, מונטער קול מיט אַ פֿרעמדלענדישן אַקצענט האָט געפֿרעגט אולריכן, וואָס ער וויל. אולריך האָט געזאָגט זײַן נאָמען און צוגעגעבן, אַז ער מוז זיך אין אַ ווײַכטיקן ענין זען מיטן גראַף. אין אַ ווײַל אַרום האָט אַ שליסל אַ סקריפּ געטאָן אין שלאָס און גראַף פֿאַלעסטער האָט זיך באַוויזן מיט אַ ליכט. ער האָט געפֿירט דעם גאַסט דורך די שטיינערנע טרעפּ אין דער הויך, אין אַ גרויסן צימער, אָפּגעלאָזט ווי אַ וואַרטע־זאַל. די פֿאַרלאָגע איז נישט געווען באַדעקט מיט קיין טעפּיך און די איינציקע צירונג אויף די ווענט איז געווען אַ פֿאָטאָ־גראַפֿיע פֿון אַ שיף. אַ טיש, דרײַ הילצערנע שטול, אַן אײַזערן בעטל און אַן אַלטער גרינגער קופֿער זענען געווען דאָס גאַנצע מעבל. עס איז שווער געווען צו רײַכטן זיך אויף אָט דער עלע־

גאַנצער פֿאָרשטאָט, אַרומגערינגלט מיט הערליכע געביידעס, אַזאַ אָרעמע וואוינונג.

אולריך צימערמאַן האָט מיטגעטיילט דעם גראַף, אַז ער איז היינט געווען ביי ווירגיניאַ געסנער און געהאַט דעם איינדרוק, אַז עס געשעען דאָרט געהיימנישפֿולע זאַכן. ער האָט געשילדערט, אין וואָס פֿאַר אַ צושטאַנד ער האָט געטראָפֿן ווירגיניאַן, ווי אומגעגאַנגען פֿאַר ערווינען איז געווען זיין ווייז זיך, און ער האָט צוגעגעבן, אַז ער קאָן זיך ניט אַרויסשלאָגן פֿון קאָפּ, אַז מען דאַרף איילן צו ווירגיניאַן מיט הילף.

פֿאַליסטער האָט ערנסט געהערט. ער האָט אָנגעשפּאַרט דאָס שמאָלע בלייכע פּנים אויף אַ האַנט.

— גוט, וואָס איר זאָגט מיר דאָס אַלץ, — האָט ער געענטפֿערט. — נאָך היינט אין אָוונט וועל איך גיין צו ערווינען רייזנערן. עס וועט מיר ניט לייכט זיין אָט דער שריט, ווייל ווי אַזוי רעדט מען וועגן די זאַכן. אָבער אַזוי מוז עס זיין. איבעריקנס, דאַרף מאַנפֿרעד דאַלקראָז צוריקקומען אַ ליאַדע טאָג. איך דערוואַרט אים.

— ווירקלעך? האָט זיך די עקספּעדיציע שוין געענדיקט? — האָט אולריך געפֿרעגט, ניט זייענדיק פֿעיק צוליב דעם אַרויסצוזיין פֿרייד.

— ניין, אָבער איך האָב געשריבן צו אים.

— איר האָט געשריבן צו אים? ווען?

— מיט ניין אָדער צען וואָכן צוריק.

— האָט איר שוין דעמאָלט געהאַט דעם איינדרוק...

פֿאַליסטער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אויב מיין בריוו איז צו אים צו דער צייט אָנגעקומען און אויב מאַנפֿרעד האָט געקאָנט אויסנוצן די גינסטיקע באַן-קאָמוניקאַציע, דאַרף ער שוין היינטיקע וואָך דאָ זיין.

— אָבער ווי אַזוי האָט איר געקאָנט אַזוי גענוי...

— דאָס איז אַן אַנדערע זאַך, — האָט פֿאַליסטער געענטפֿערט, אָנגעטון דעם פּאַלטאָ, גענומען דעם הוט און אַ שירם און געזאָגט:

— גייען מיר, אויב איך קען בעטן.

נישט אַזוי האָט פֿאַלעסטער געשריבן צו מאַנפֿרעדן, ווי ער האָט אַמאָל געוואָלט אונטער דער ווירקונג פֿון ריינער סימפּאַטיע, וואָס ער האָט געהאַט צו דעם יונגענמאַן, נישט פֿריי, אויספֿירליך און ברייט, נאָר קורץ און באַפֿעלנדיק, אויף אַזאַ אופֿן, אַז מאַנפֿרעד האָט נישט געקענט האָבן קיין אַנדערע מחשבה, ווי מיט דער נאָנטסטער שיף צוריקצוקומען קיין איראָפּא. דאָס איז געווען אַ קאָמוניקאַט פֿון מיליטערישער בינדיקייט, נישט פֿאַרשטעלט מיט די אָנגענומענע מליצות, רעדאַגירט אַזוי, אַז ער האָט געמוזט אויפֿוועקן אין מאַנפֿרעדן (וואָס זיין אַדרעס איז פֿאַלעסטער געוואָרן געוואָרן ביי פּראָפֿעסאָר דאַלקראָז אין בערלין) אַן אויסברוך פֿון ענערגיע.

גראַף פֿאַלעסטער וואָלט זיכער זיך געהיטן שאַדן צו ברענגען אַזאַ מענטש ווי ערווין, אין אַ שפּיל, וואָס האָט איינגנטלער בלויז אים אָנגערירט; ער האָט נישט געטראַכט, אַז ער פֿאַרלירט אַ קונסט-ווערק, וואָס האָט אים אומאָפּהענגיק פֿון זיינע שווערע באַדינגונגען, געגעבן עפּעס ווי אַן אידעאַל-פֿאַרשטאַנען גליק. נישט דערפֿאַר האָט ער אַרויסגערופֿן מאַנפֿרעדן. נאָר פֿון אַ גרויסן, וואונדערלעכן, כמעט איבערזינלעכן כבוד פֿאַר ווירגיניאַן. ווייל אין אַ געוויסן טאָג, צוריקקומענדיק פֿון טרוימען-לאַנד צו דער ווירקלעכקייט, האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז ווירגיניאַ קען נישט לענגער אויסהאַלטן.

זי האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי אַן אסטראַל-קערפּער, און פֿון אירע אויגן איז פֿאַרשוואונדן דאָס, וואָס פֿאַלעסטער האָט אָפּגעפֿילט אַלס ריינע האַרצנס-מוזיק. ווי די נשמה וואָלט זיך אַרויסגעריסן און זיך באַזעצט אויפֿן פּנים, וואו זי האָט זיך באַקלאָגט ווי אַ נימפֿע, וועלכער עס זענען געגנבעט געוואָרן די גייסטיקע קליידער. און גראַף פֿאַלעסטער האָט אַריינגעלייגט אין ווירגיניאַן אַ גרענעצלאָזן צוטרויען.

גראַף פֿאַלעסטער האָט נישט געגאָסן דאָס לעבן, נאָר ער האָט עס געחלומט. עס האָט אים געפֿעלט דאָס ווירקלעכקייטס-געפֿיל אויף אַזאַ מדרגה, אַז ער האָט זיך אַמאָל אויסגעוויזן אַ שאָטן פֿון

אײַנגעגעבן שאַכן. ער האָט אױסגעצײכנט געשאַכט, װאָס קױם איז געשען מיט זײַנע אור-עלטערן אַזש ביזן זעקסטן דור. זײַער לעבן איז פֿאַר אים געװען װי זײַנס, זײַערע אַמאָל-איבערגעלעבטע יאָרן פֿון קינדהײט און מענלעכקײט, אָבער פֿון זיך אַלײן האָט ער זיך קױם אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, און װען ער װאָלט באַזיצט אַ רעליגיעזן געפֿיל, װאָלט ער אפֿשר געװאָרן אַזױ הײליק װי פֿראַנץ פֿון אַסיזש. דער שטורם פֿון דער איצטיקער צײַט, װאָס צושמעטערט אַלץ, װאָס ער רײַסט נישט מיט מיט זיך, האָט אים פֿאַרמשפּט אױף אַ נאָמענלאָזן עלנט.

פֿאַר צװײ יאָר, נאָך אַלס פֿלאָט-אָפֿיציר, האָט ער געזען אױף אַן אױסשטעלונג אין װענעדיג אַ פּאָרטרעט פֿון עפּעס אַ פֿרױ, װאָס האָט צוגעצױגן זײַן אױפֿמערקזאַמקײט, װי נאָך קײנמאָל נישט אַ פֿרױ ביז-אַהער. נישט בלױז צוליב שײנקײט, װי פֿון אַן אױ־ גערלעכן אױסדרוק. ער איז געשטאַנען פֿאַר דעם בילד גאַנצע טעג. עס איז אים אפֿילו נישט געקומען אױפֿן געדאַנק צו דער־ װיסן זיך, װער עס איז געװען די מאָדעלקע, אָבער דער פּאָרטרעט איז װאָס אַמאָל מער אַרײַנגעדרונגען אין זײַן גײַסטיק לעבן. אין דרײַ חדשים שפּעטער איז ער געגאַנגען אױף דער גאַס אין לי־ װאָרנאָ, װי פֿון אַן אָפֿן פֿענצטער איז צו זײַנע אױערן דערגאַנגען אַ געזאַנג. דאָס איז געװען אַ פֿרױען-קול, װאָס זײַן קלאַנג און טרױער האָט ער נישט געקאָנט פֿאַרגלײַכן מיט עפּעס אַנדערש, װי מיט דעם אױסדרוק פֿון געזיכט אױף יענעם פּאָרטרעט אין װענע־ דיג. און אָט איז געשען עפּעס אומגעװײנטלעכעס. גראַף פּאַ־ לעסטער איז אַרײַן אין דעם הױז. ער איז אַדורך דעם קאָרידאָר, געעפֿנט די טיר און, דאָס װילטיקסטע פֿון דעם אומגעװײנטלעכן צופֿאַל, ער האָט דערזען פֿאַר זיך אַ לעבעדיקן פּאָרטרעט, װעגן װעלכן ער האָט אומאױפֿהערלעך געטראַכט. דערצײלנדיק איר װעגן פּאָרטרעט, האָט ער באַרעכטיקט זײַן האַנדלונג, און מאַכנדיק זיך דערמיט פֿאַר אַ מאָדנעם מענטש פֿאַר איר. פֿון דער ערשטער מינוט האָט זי דערפֿילט צו אים צוטרױען. איר ערשט געפֿיל איז געװען ליבע.

זי איז געװען אַן אומגליקלעכע פֿרױ. זי האָט געשטאַמט

פֿון אַן אָרעמער פֿאַמיליע און כּדי צו ראַטעווען איר נאָענטע פֿון טויט, האָט זי מסכּים געווען צו געבן די האַנט אַ באַקאַנטן פּראָצענטניק אין לאַנד, וועלכער האָט זיך געשדכנט צו איר. זי האָט געלעבט מיטן מאַן אַ פֿאַמיליען־לעבן, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פֿאַמיליען־לעבן. פֿאַר פֿאַלעסטער און לעאָנאָראַן האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ צײַט פֿון לײַדנשאַפֿט און קאַמף. זיי זענען צוזאַמען אַנטלאָפֿן, ענדער כּדי אויסצומײַדן דעם מאַנס ברוטאַליטעט, ווי צוליב זייער ליבע, וואָס איז אַליין פֿאַר זיך געווען אַן אַנטלויפֿן פֿון דער וועלט און פֿאַר מענטשן. מען האָט זיי פֿאַרפֿאָלגט. זיי האָבן זיך געפֿונען אין געפֿאַר, דאָס געריכט און ס׳געזעץ האָט זיך פֿאַרשוואוירן קעגן זיי, עס האָבן זיי אַרומגערינגלט פֿײַנדלעכע קולות — „יאָ“ און „ניין“ — ווי פּלוצלינג איז דער מאַן געשטאָרבן. זי איז געווען פֿרײַ און רײַך. אָבער זי וואָלט פֿאַרלוירן דעם געליבטן, ווען זי וואָלט זיך ניט אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פֿון פֿאַרמעגן פֿון אַ פֿאַרדעכטיקער אָפּשטאַמונג. פֿאַלעסטער האָט זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע, און ווען ער האָט געדונגען מיט לעאָנאָראַן אַ פֿאַרנעכלעסיקט הײַזל אין הילדינג, אין וועלכן עס האָט, לויט ווי די שכנים האָבן געשמועסט, געסטראַשעט, האָט ער נאָך געהאַט עטלעכע טויזנט קראָן און זײַן אָפֿיצירן־פּענסיע. ביידע זענען ניט פֿעיִק געווען צו פֿאַרדינען און האָבן ניט געפֿילט קיין ווילן צו דעם, און זייער לעבן אין דער בירגערלעכער געזעלשאַפֿט האָט געהאַט עפּעס פֿון אַ לעגענדע. עס האָט געטראָגן דעם צייכן פֿון צניעות און פֿרײַוויליקער ירידה.

ווען גראַף פֿאַלעסטער האָט זיך געפֿונען פֿאַר דעם טויער פֿון דער ווילע סאַנאַסאַראַ, האָט אים ווינטעל מיטגעטיילט, אַז זײַן הער איז ניטאָ אין דער היים. פֿאַלעסטער האָט געענטפֿערט, אַז ער וועט וואַרטן. אָבער ווינטעל האָט אים פֿאַרזיכערט, אַז זײַן הער וועט הײַנטיקע נאַכט ניט קומען. ער האָט זיך דערבײַ שרעקעוודיק אומגעקוקט אויף די טרעפּ און אויף דער טיר. פּלוצלינג האָט זיך ערווין באַוויזן. ער האָט געוואָלט אַראָפּ אויף די שטיגן. ווען ער האָט דערזען דעם גראַף איז ער צעמישט

געוואָרן. אין דער ערשטער רגע איז אין זײַן מוח אַדורך אַ בליטש פֿון צאָרן, דערנאָך האָט ער פֿינצטער אַ שמײכל געטון.

— וואָס מאַכט איר, גראַף? — האָט ער געפֿרעגט — ביטע קומט אַרײַן. זײַט נישט אין כּעס. דער באַפֿעל וואָס ווײַכטעל האָט באַקומען, איז נוגע דער וועלט, אָבער נישט קײן פּערזאָנען, — האָט ער געצויגן, אַרײַנפֿירנדיק פּאַ־לעסטערן אין דער ביבליאָטעק. — איך האָב מיך צוריקגעצויגן פֿון דער וועלט, איך בין געוואָרן אַ נזיר.

— אָבער אַן עטוואָס אומרואיקער נזיר, דאַכט זיך, — האָט באַמערקט גראַף אָטאָקאַר, — אין אײַערע אויגן איז נישטאָ קײן פֿרומקײט און קײן אַנטשלאָסנקײט.

ערווין האָט זיך אַנידערגעזעצט צום שרײַב־טיש און אָנגע־שפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט.

— פֿרומקײט און אַנטשלאָסנקײט, — האָט ער אין שפּאָט איבערגעחזרט. — פֿאַר מיר פֿרומקײט און אַנטשלאָסנקײט! — זײַנע צײן האָבן געקריצט, דאָס פּנים האָט אָנגענומען אַ ווילדן אויסדרוק, פּאַלעסטערן האָט אַרומגענומען אַ מאָדנער אומרו. ער האָט דאָס דאָזיקע געפֿיל געקענט פֿון די צײַטן, ווען ער האָט זיך געפֿינען אויפֿן ים. פֿאַר די גרויסע שטורעמס און זאַווערוכעס האָט ער שטענדיק געהאַט אַזאַ געפֿיל. ער האָט באַמערקט, אַז ערווינס האָר זענען געווען צעשויבערט און אַראָפּגעפֿאַלן אויפֿן שטערן. די האָר האָט ער בײַ אים שטענדיק געזען פֿלײסיק פֿאַר־קעמט. דאָס האָט נאָך פֿאַרשטאַרקט זײַן אומרואיקײט. ער האָט זיך געפֿילט צוגעשמידט צום אָרט און אומפֿעיק אַריסצו־רײדן אַ וואָרט. ערווין האָט כּמעט פֿײַנדלעך געקוקט אויף אַ בויגן פֿון אַ מאַנוסקריפּט, וואָס איז נעבן אים געלעגן אויפֿן שרײַב־טיש.

— איר האָט געאַרבעט? — האָט פּאַלעסטער שטיל געפֿרעגט, כּדי איבערצורײַסן דאָס אומאָמגענעמע שווײַגן.

ערווין האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט איבערגעדרײט אַ בלעטל פֿון מאַנוסקריפּט און געזאָגט:

— האָט איר שוין אַמאָל געהאַט אַ צופֿאַל, אַז אַן אײגן ווערק

זוכט זיך אײן אין מענטש מיט אַ בליק פֿון גאָרנאָן? צײַטנװײַז נעמט מיך אַרום אַ שרעק פֿאַר די װערטער, װעלכע איך האָב אַלײן געשריבן.

— קען איך פֿרעגן, װאָס איז דאָס פֿאַר אַ װערק?

— דאָס איז אַן אַרבעט מיטן נאָמען: דער שטענדיקער באַגריף און די מאָראַלישע אידעע.

— דאָס קלינגט צוזאָגנדיק.

— און פֿירט װײַט, גראַף, פֿירט מיך אין די גרענעצלאָזע אָפּגרונטן. איך האָב געװאָלט געבן אַן אײַנפֿאַכע לעזונג פֿון די קאַטעגאָריעס און איך זע, אַז איך בין אַװעק אויף באָדנלאָזע און אומענדלעכע שטחים. אָט איז אײַז אַ מין קװינטעסענץ דערפֿון, — האָט ערװין געצויגן, אויפֿהערנדיק איבערצװואַרפֿן די בויגנס, — איר װילט הערן?

— ביטע זײַער.

— װען דער מענטשלעכער גײַסט האָט צום ערשטן מאָל אויסגעדריקט זײַן באַציאונג צו דער װעלט מיט דער אַנשויאונג, אַז אַלץ געפֿינט זיך אין אײביקער באַװעגונג, האָט ער גלײַכצײַטיק פֿאָרגעשטעלט דער װעלט זיך אַלײן, אַלס אײנציקע דויערהאַפֿטע און באַשטענדיקע זאַך. ער האָט זיך אַרויפֿגעקריגן אויפֿן ברעג פֿון װעלט־טיר, געפֿונען דעם אַרכימעדעס־פּונקט, פֿון װעלכן ער האָט געקענט רירן די װעלט, װײַל ער איז אַלײן געשטאַנען. און ריזיקער האָט געמוזט זײַן אין אים די בענקשאַפֿט, די סינטעזע, װאָס געפֿינט זיך אין גײַסט, זאָל שאַפֿן אַן ענלעכע װעלט. דעריבער שטרעבט ער אומאויפֿהערלעך דערצו, אַז דאָס, װאָס בלײַבט, זאָל אַרײַנגעשטופּט װערן אין ראַמען פֿון זײַן: ער לערנט מאַטעמאַטיק, נעמט זײַן אַרויס פֿון רוים, גיט זײַן קערפּער, שאַפֿט די פֿאָרם, דאָס הײסט ער װערט אַ קינסטלער. דעריבער נעמט ער זײַן אַרויס פֿון דער צײַט, גיט זײַן נשמה און שאַפֿט די פּערזענלעכקײט, דאָס הײסט, ער איז מאָראַליש אָדער רעליגיעז. װעט איר, גראַף, נאָכגײן מײַן געדאַנק?

— אינגאַנצן.

— רעכט, פֿאָרם און פּערזענלעכקײט, דאָס זענען דרײַ בא-

שטענדיקײַט, װאָס אונטער זײַערע צײַכנס שאַפֿט דער גײַסט די װעלט. די װעלט איז אַ מאַטעריאַל, אין װעלכן דאָס געזעץ גיט זיך צו דערקענען, די פֿאָרם פֿאַרקערפּערט, די פּערזענלעכקײַט געפֿינט. יעדעס װיסנשאַפֿטלעכער סיסטעם, יעדעס קונסטװערק און יעדע פּערזענלעכקײַט זעט דעריבער צו זײַן אַ באַזונדערע װעלט, דעריבער — ערװין האָט געלײענט מיט אַ דערהױבן קול — מוז אומרעכט זײַן אײַנפֿאַך אַ משוגעת, פֿאָרמלאָזיקײַט, כאַאָס, פּערזאָנלאָזיקײַט, אוממאָראַליטעט. דאָס אַלץ איז דרײַפֿאַכיקער באַגריף פֿון דער זעלבער סתירה: אומבאַשטענדיקײַט און זאַכלאָזיקײַט אין זיך זעלבסט.

גראַף פּאַלעסטער האָט געקוקט אויף ערװינען מיט אַ טיפֿן, פֿילנדיקן בליק. װי שרעקלעך, האָט ער געטראַכט, ציטערנדיק, װי שרעקלעך עס קלינגט די דאָזיקע זעלבסטפֿאַרכטונג! װי אַזױ קען ער לעבן, דערגײענדיק צו אַזעלכע געדאַנקען?

— איר גיט דורך דעם אַן אומפֿאַרגלײַכלעכע כאַראַקטעריסטיק פֿון אַ דרײַפֿאַכיקער קללה, װאָס ליגט אויף אונז און אויף אונזער עפּאָכע, — האָט פּאַלעסטער געזאָגט, — אַנאַרכיסט אין גײַסט, פּראָטעער אין קערפּער און אומפֿאַראַנטװאָרטלעכקײַט אין דער נשמה. דער, װעלכער באַפֿרײַט, און װעמען די פֿרײַהײַט דינט צו פֿאַרברעכן, דער, װאָס ענדערט זיך און דורך דער ענדערונג באַשװינדלט ער גאָט און די מענטשהײַט, דער, װאָס נעמט נישט אויף זיך די שולד, װײַל מען קען אים קײנמאָל נישט געפֿינען.

— אַך! — האָט ערװין אויסגערופֿן איבעראַשט, — דאָס הײסט איבערגעבן אַ קעניגלעכן געדאַנק אין געפֿאַנגשאַפֿט פֿון דער דערפֿאַרונג. די בשפֿילן פֿאַרסמען מיר דעם טעקסט, די פּראַקטישע אָנװענדונג צעברעכט מיר די פֿליגל און איך פֿאַל!

ער האָט זיך קורץ צעלאַכט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

פּאַלעסטער איז אויפֿגעשטאַנען.

— ערװין! — האָט ער שטיל געזאָגט, — אַנטלויף נישט פֿאַר מיר! אַנטלויף נישט אויף אָט די פֿליגלען, װעלכע װעלן דאָך נישט װײַט אַװעקטראָגן. איך בין נישט געקומען מיט אַ

צו פֿילאָזאָפֿירן. איך בין אַפֿילו נישט געקומען אײַך צו װאָרענען און באַשװערן. איך פֿאָדער אײַך אויף, איר זאָלט זיך אָפּהאַלטן. איך אַפּעליר צו אײַך אין נאָמען פֿון ערע, פֿרײַנטשאַפֿט, מענטשלעכקײט.

ערװין איז אויך אויפֿגעשטאַנען. ער האָט געקרייצט די הענט אויף דער ברוסט.

— גראַף, — האָט ער געזאָגט קאַלט, — איך בעט אײַנצושפּאָרן מיר מוסר.

— געדענקט דאָך נאָך אויך װעגן דעם, אַז אַ חוץ אײַער תּאװה איז נאָך פֿאַרהאַן גליק פֿון אַנדערע מענטשן, — האָט פֿאַלקענשטער רואיק װײַטער גערעדט, — איר אַכט נישט דאָס דאָזיקע גליק, איך װײס, איר אַכט נישט דאָס גליק פֿון אַנדערע, אָבער איר װאָלט דאָך נישט דערהרגעט אַז אומבאַװאָפֿנטן זקן, באַראַבעװעט אַ בעטלער אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס...

— גראַף! — האָט ערװין אויסגערופֿן טריב און אומגעדולדיק, — איך האָב נישט קײן צײַט אויף חרטה, איך האָב נישט קײן חשק צו ענדערן דעם גלויבן, איך פֿערביט זיך אַלײן מתנצל זײַן זיך פֿאַר עמעצן, איך דערלויב נישט קײנעם, מעג עס װער עס װיל, אַרײַנצודרינגען אין מײַן ברוסט און טרעטן מײַנע טאַטן און פֿאַרלאַנגען מיט אַ פֿיליסטערישער חכמה.

— פֿיליסטעריש! — האָט טרויעריק פֿאַלקענשטער אָפּגעשטויסן; — װאָס מײנט איר דערמיט? װי שלעכט האַלט עס מיט אונז, אַז אַ מענטש, װאָס בויגט זיך פֿאַר דער העכערער רעכט, באַזײַטיקט מיר פֿון װעג מיט אַ בריק מיטן פֿוס, װאָס מאַכט נישט אים, נאָר אונז פֿאַראַכטן.

ערװין האָט זיך אויסגעדרייט.

—איך האָב שוין הײַנט אָפּגעשטויסן אײַן פֿרײַנט, — האָט ער געזאָגט מיט קראַמפּהאַפֿט צענויפֿגעצויגענע ברעמען, — איך האָב נישט מואר מיט אַ צװײטן איבערצורײַסן.

— איך װײס דערפֿון, — האָט גראַף פֿאַלקענשטער מילד געענטפֿערט. — איר קענט זיך אַליין דערװעגן. איר האָט פֿרײַהײט און די מעגלעכקײט צו ענדערן.

— אָבער פֿריִער, — האָט ערווין געזאָגט, נישט קוקנדיק אויף פֿאַלקעסטערן, — פֿריִער האָב איך נאָך אַ קליינעם ווערט צו אַנטשיידן, גראַף.

גראַף פֿאַלקעסטער איז בלייך געוואָרן.

— אַך, אַ ווערט, — האָט ער געבורטשעט, — איך דערמאָן זיך, עס איז געווען צווישן אונז אַזאַ מאָדנער שמועס, אַ שמועס, וואָס האָט ביי מיר אַרויסגערופֿן איבל, ווי אַן אַלטער פֿיש אַן אָפּגעקאָכטער.

— דאָס איז געווען אַ קאַפּריז, גראַף, אַ קאַפּריז, וואָס האָט געהאַט פֿאָלגן, ווי מען וואָלט שכורהייט געפֿינען אַ דיאַמאַנט... אויפֿן טיש איז אַ קרעטשמע.

דער גראַף האָט וואָס אַמאָל מער דערפֿילט אַ גרעסערן צער, שטייענדיק אַזוי פֿאַר ערווינען און קוקנדיק אים אין פּנים. ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס דאָזיקע פּנים ענדערט זיך אינסטינקטיוו און אינסטינקטיוו ענדערט ער דעם אויסדרוק, אַמאָל איז עס נאָנט, אַמאָל ווייט, דאָ שטאָלץ און דאָ קנעכטיש, אָט ליידנשאַפֿטלעך און אָט קאַלט, דאָ שיין און איידל, און אַמאָל מיאוס און נידערטרעכטיק, אָט קלוג, דערהאַבן פֿון שכל, דאָ חיהש טעמפּ, אַך, האָט ער געקלערט מיט ווייטיק, ער קען נישט קיין ליבע, אַלע זשעניען האָבן זיך פֿאַרזאַמלט ביי זיין וויגל און אים באַשאָנקען מיט אַלע מתּנות פֿון דער ערד, אָבער עפּעס אַ שטן האָט זיך אַריינגעגנבעט און אים צוגענומען די ליבע.

— איר האָט נישט קיין באַגריף, ווי גליקלעך איך פֿיל זיך, אַז איך וועל באַזיצן דאָס דאָזיקע געטלעכע קונסטווערק, — האָט ערווין געזאָגט, פּלוצלינג האַרציק. — איך האָב געטרוימט דערוועגן, עס איז געווען מיין איינגעטום, איידער איך האָב עס דעראָבערט.

— האָט איר עס דעראָבערט? — האָט פֿאַלקעסטער געפֿרעגט מיט אַ קוים־דערהערבאַר קול און צוגעגעבן מיט אַ ווייטיקלעכן חוזק: — איר זאָל עס נישט נעמען פֿאַר אומגוט, אויב איך וועל דערין צווייפֿלען.

— די ספֿקות קענען אין אַ ווייל אַרום באַזייטיקט ווערן —

האָט ערווין געענטפֿערט מיט אַ שמייכל.

פֿאַלעסטער האָט זיך צוריקגעצויגן אויף אַ שריט. ער האָט אויף ערווינען געקוקט מיט צעעפֿנטע אויגן, דערנאָך האָט ער גענומען באַוועגן מיט די אויגן־לעפּלעך, וואָס האָבן אײַנציקווײַז גענומען רויט ווערן.

— איך האַלט, אַז איך מוז אײַך געבן באַווײַזן, — האָט ערווין געזאָגט, — איך וועט אַזוי גוט זײַן גייט מיט מיר, גראַף.

פֿאַלעסטער איז געגאַנגען מיט אים דורך אַ לאַנגן קאָרידאָר. ערווין האָט זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר עפּעס אַ טיר, איידער ער האָט אַ דריק געטון אויף דער קליאַמקע איז פֿאַלעסטער שוין געשטאַנען נעבן אים, ווי ער האָט אים אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויפֿן אַקסל און אײַנזויגנדיק זיך אין אים מיטן בליק, האָט ער געזאָגט:

— לאָזט צורו. איך וויל נישט, ס'זאָל קומען צו אַזאַ מאָמענט, איך ווייס נישט, צי איך וואָלט אים געקענט רואיק אַריבערטראָגן. איך גלויב אײַך. זײַט געזונט.

— ער האָט זיך אויסגעדרייט, שנעל אַראָפּ פֿון די שטיגן און אין אַ גוס־רעגן פֿאַרלאָזט דאָס הויז.

עס איז שוין געווען נאָך עלף, ווי ער איז צוריקגעקומען אין זײַן קאַלטן, ליידיגן צימער. ער האָט אָנגעצונדן אַ ליכט, אַרײַן אין צימער פֿון זײַן חברטע און זיך איבערצייגט, אַז זי איז געשלאָפֿן. דערנאָך האָט ער געמאַכט טיי אויף אַ ספּיריטוס־מאַשינדל, אויסגעטרונקן צוויי גלעזער, צוגעגעסן שוואַרץ ברויט און זיך פֿאַרטיפֿט אין מחשבות. עס האָט געשלאָגן האַלב־נאַכט, ווען דער גראַף איז אויפֿגעשטאַנען, האָט געעפֿנט אַ גרינעם קופֿער און אַרויסגענומען הערלעך־אײַנגעבונדענע מיניאַטורן. לאַנג האָט ער אָנגעקוקט די דאָזיקע בילדער מיט אַ געזעגנונגס־בליק. דערנאָך האָט ער דעם באַנד צוגעטראָגן צום אויוון, גענומען אַ גרויסן ראַנדעל, אַרײַנגעשטעלט אים אין קעסל און צעברעגענדיק אַ פֿײַער, אין די צונגען אַרײַנגעוואָרפֿן דאָס בוך מיט די מיניאַטורן. רואיק האָט ער זיך צוגעקוקט ווי דאָס הערלעכע קונסטווערק ברענט. ער האָט געציטערט, ווען די פּיזדלאָנגע לעבן אים האָט אַ סקריפּ געטון, פֿאַר אים איז געשטאַנען לעאָנאָרע. זי איז געווען אין נאַכט־העמד

און באַרוויזם, איר פּנים, מאָדנע ענלעך צו זײַן פּנים, האָט בלײַך געלויכטן אונטער די רויטע האָר, זי האָט וועגן גאָרנישט געפרעגט, זי האָט זיך דערנעענטערט צו אים און שווײַגן און אָנשפּאַרנדיק זיך אויף זײַן ברוסט, האָט זי זיך צוגעקוקט צו דעם ווערק פֿון פֿאַרניכטונג. ווען די פֿלאַמען האָבן זיך פֿאַרלאָשן, איז דערבאַנד מיניאַטורן געלעגן אַ גראָער און אַ רויכערנדיקער, ווי אַ שאָטן פֿון זיך אַליין, דער עס פֿון אײַנבאַנד האָט זיך אויסגעבויגן.

צעמאָרגנס אינדערפֿרי האָט גראַף פּאַלעסטער געשיקט די דאָזיקע רעשטלעך, וואָס ער האָט פֿלײַסיק צונויפֿגעזאַמלט אין אַ הילצערנער שעכטל, געשיקט ערווין ריינערן. ווען ערווין האָט דערזען די שרעקלעכע פֿאַרניכטונג, ווען ער האָט באַרירט מיט די פֿינגער די נאָך נישט אינגאַנצן צו־אַש געוואָרענע מיניאַטורן, איז ער נישט ביכולת געווען צו פֿילן דעם שאָדן, ווי ער וואָלט אים געפֿילט מיט צוועלף שעה צוריק.

# דריי נעכט

ווען פאלעסטער איז אוועקגעגאנגען, איז ערווין צוריק ארויף אויפן ערשטען שטאק, געעפענט די טיר און אריין אין צימער, אין וועלכן עס האט זיך געפינען ווירגיניא. ער האט די טיר צוריק פארשלאסן און זיך אפגעשטעלט.

ווירגיניא איז געזעסן אויפן עק פון בעט. זי האט אויפגעהויבן דעם קאפ און זיך איינגעזויגן מיטן בליק. זי האט זיך געשטארקט און מיטן גאנצן כח זיך באמיט צו באהערשן. דאס איז געווען א באוויז פון אומגעווינטלעכער גייסטיקער ענערגיע. יעדע אנדערע אויף איר ארט וואלט געווען צעבראכן און הילפלאז. ווירגיניא האט געהאלטן, אז זי איז אליין שולדיק, וואס זי האט זיך אים איבערגעגעבן אין די הענט, גלויבנדיק זיינע ליגנערישע פארזיכערונגען. גלויבנדיק? ניין, דאס קען נישט זיין. בארוישט, אריינגעפירט אין א צושטאנד פון טפשות און שוואכקייט, האט זי זיך געלאזט באטריגן. זי איז געגאנגען מיט'ן ערשטן בעסטן וועג, וועלכן דער ליגנער האט איר געוויזן. יעצט וועט זי שוין וויסן, דאס גאנצע לעבן וועט זי שוין וויסן.

די פראגע, צי ער האט זי געהאסט, אדער נישט, האט פארלוירן פאר איר די באדייטונג. די פראגע האט איר אויסגעוויזן קינדעריש און אונטער איר כבוד. זי האט פארשטאנען, אז ער האט לגבי איר געהאנדלט נידערטרעכטיק. און דער בליק האט אים דאס געזאגט.

זי האט פארשטאנען, וועגן וואס עס איז יעצט געגאנגען און געוואוסט, אז זי וועט גארנישט פועל'ן, אויב זי וועט ארויסגעבן איר ווייטיק, איר אויפרעגונג און פארצווייפלונג.

— פֿאַרוואָס האָט איר מיך פֿאַרשלאָסן? — האָט זי געפֿרעגט.

— איך דאַרף אײַך ניט דערקלערן, — האָט ער געענטפֿערט מיט פֿאַרקריצטע ציין. — דו ווייסט אַליין די סיבה.

— איך וועל מער קיין איין וואָרט ניט רעדן, אויב איר וועט זיך ניט אָנשטענדיק אויסדריקן. איך פֿאַרבעט אײַך מיך צו דוצן, — האָט ווירגיניאַ אויסגערופֿן און צאָרן, צעגוופּדריקנדיק די לינקע פֿויסט.

— אַך! וואונדערלעך! אַן אויסברוך פֿון צאָרן? וואונדערלעך; נו, זאָל זײַן. אויב איר ווילט עס... — האָט ער געצויגן מיט די אַקסלען.

— וואָס ווילט איר טון מיט מיר? — האָט ווירגיניאַ אויסנײַ געפֿרעגט.

— איך וויל אײַך האָבן, ווירגיניאַ! האָבן! האָבן! פֿאַר זיך אַליין! איך וויל! איר ווייסט ניט, דאַכט זיך, וואָס עס הייסט: איך וויל!

— איך ווייס עס גוט, — האָט ווירגיניאַ געענטפֿערט, שווידערנדיק, — אָבער איר פֿאַרגעסט, אַז אויך איך האָב אַ ווילן, און אויב איר וועט זיך פֿאַר גאָרניט צוריקציִען, וועל איך פֿון אײַך אַראָפּנעמען אַ בײַשפּיל.

— איר האָט שיין גערעדט, כשופֿדיקע ווירגיניאַ. עס איז אמת. איך וועל זיך פֿאַר גאָרניט צוריקציִען, עס איז אמת. איר האָט מיך צולאַנג געפּײַניקט.

— חייסט עס, אַז באַלד לכתחילה האָט איר מיך געוואָלט שענדען. דעריבער האָט איר מיך געבראַכט צווישן מענטשן, כדי זיי צו ווײַזן, ווי לײַכט עס איז מיך צו טרעטן, אָ, גאָט! — האָט זי פֿאַרבראָכן די הענט. זי האָט איצט געהאַט בלויז איין געפֿיל: חרטה:

— און וואָס האָט איר געמיינט, אַז שטענדיק וועל איך בלויז לוקרעציען שמעקן און אָטעמען?

— אַלץ איז ליגנט, אַלץ איז שווינדל, — האָט ווירגיניאַ געשטאַמלט.

— עס איז מלחמה, — האָט ערווין קאַלט געענטפֿערט, —

איבּריקנס, האָב איך בּרעה געהאַט חתונה צו האָבּן מיט אײַך...

— רעדט נישט דערוועגן! מען קען נישט חתונה האָבּן מיט מיר ווי מען קויפט אַ סחורה. איך שעם זיך, וואָס איך האָב אַ רגע בּלויז געטראַכט וועגן דעם. אַזוי פיל ערגע האָב איך זיך געריכט אין אײַך צו געפינען, אַזוי פיל אַכטונג פאַר מיר, און איך האָב גערעכנט, אַז דורך דעם וועל איך קענען פאַרדעקן די שאַנד פון פאַרלאָזן מאַנפרעדן. און יעצט איז אַלץ פאַרלוירן, אַלץ, אַלץ.

ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער, האָט זי דאָס פּנים פאַרדעקט מיט די הענט.

— איך האָב בּרעה געהאַט מיט אײַך צו הייראַטן, און איך האָב עס נאָך איצט בּרעה, — האָט ערווין טרוקן געצויגן, אָבער דערויף דאַרף מען צײַט. דערווײַל וויל איך נישט פילן, אַז איר פעלט מיר. איך וואָלט פאַרבּרענט געוואָרן. דאָס לעבּן איז צוקורץ און טײַער, אַז מען זאָל אַזוי לאַנג, ווי איך, קעמפן פאַר אַ פרוי.

שווער סאָפּנדיק, מיט אַ פּנים בּלײַך ווי אַ לײַוונט, איז ווירגיניאַ צוגעגאַנגען צו דער טיר. אַז זי איז פאַרבּײַגעגאַנגען ערווינען, האָט ער זי שווײַגנדיק געכאַפּט אין זײַנע אָרעמס.

— לאָזט מיך אַרויס, — האָט זי געזאָגט, — איך וויל אַוועקגיין.

— דו מוזט בּלײַבּן, — האָט ער שטיל און אָן צאָרן געזאָגט, — דו מוזט! דו מוזט, ווײַל איך וויל. דאָ ווערט אַנטשיידעט דײַן גורל. אפילו איך זאָל מוזן ווערן אַ פאַרבּרעכער, מוזטו...

— נעמט בּעסער אַ רעוואָלווער און שיסט מיך. — האָט ווירגיניאַ געענטפערט, נישט קענענדיק אײַנהאַלטן די טרערן.

— צו וואָס? איך זאָל אויפן גאַנצן לעבּן בּלײַבּן הונגעריק? ניין, ווירגיניאַ, נאָך אַזוי צער, וואָס דו האָסט מיר פאַרשאַפט, האָב איך נישט פאַרדינט דערויף. איך האָב געזאָגט ליגנט, זאָגסטו? אָבער דו בּיזט געווען פאַלש און אויסגערעכנט, האָסט מיר צעבּרענט דאָס בּלוט, בּיזט אַן אומדאַנקבּאַרע און אָן האַרץ. איך וועל דיך נישט אַרויסלאָזן, איך וועל נישט.

ווירגיניאַ האָט זיך אַרומגעקוקט מיט בּלאַנדזשענדיקע אויגן. זי האָט געמאַכט אַ בּאַוועגונג, ווי זי וואָלט געוואָלט אַדורכהאַקן

— מאַנפֿרעד! מאַנפֿרעד! האָט זי פּלוצלינג אויסגערופֿן.

ערווין האָט זיך צעלאַכט. נישט געקוקט דערויף, איז עס אים געווען אומאָנגענעם.

— איך גיב אייך נאָך צייט, ווירגיניאַ, — האָט ער געזאָגט — איך וועל וואַרטן. איך האָב צייט. איך וועל אייך לאָזן אַליין. זייט קלוג. באַקלערט זיך עס איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין מענטש, וואָס זאָל אייך שטאַרקער ליבן פֿון מיר. זייט די ערד עקזיסטירט איז נישט געווען קיין שטאַרקער געפֿיל, ווי מיינס. צו אייך איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ גרויסע מאַכט. מיין גורל וועט געאורטיילט ווערן צום שלעכטן, אויב איר וועט נאָך לענגער געבן אַ ווידערשטאַנד. איך וועל אַליין נישט אַריינפֿאַלן אין דעם דאָזיקן אורטייל, איך וועל אייך מיטשלעפּן אין גיהנום אַריין, אויב איר פֿאַרמאַכט פֿאַר מיר דעם הימל. דאָס גוטע און דאָס שלעכטע איז אין אייער האַנט. קלויבט אויס. היט מיך פֿאַר אַ פֿאַרברעכן. באַקלערט אייך. פֿרעגט אייער האַרץ אַן עצה. איך לאָז אייך אַליין. זייט מוחל. מאָרגן, ווען דער טאָג וועט פֿאַרגיין, וועל איך קומען נאָך מיין אורטייל.

ווייל ווירגיניאַ האָט נישט געענטפֿערט מיט קיין וואָרט און מיט קיין בליק, האָט ער טרוקן צוגעגעבן:

— עס האָט נישט דעם מינדסטן נוצן, צו רופֿן הילף. דאָס צימער איז דאָס צום ווייטנסטן אָפּגעלעגנסטע אין דער גאַנצער וואוינונג און קיינער וועט אייך נישט הערן. מיינע מענטשן האָב איך אַוועקגעשיקט. אַ חוץ דעם, וואָלט עס פֿאַר אייך געפֿערלעכער געווען, ווען עמיצער קומט אייך צוהילף. איר זענט געקומען אין מיין וואוינונג מיט אייער אייגענעם ווילן. איר קענט עס נישט אָפּלייקענען, אַז איר האָט מיך געמוזט מאַכן פֿאַר אַ טורמע-אויפֿזעער, איז אַ פּריוואַט-זאַך צווישן אונז. קיין גויט וועט איר נישט ליידן. אויב איר ווילט עפּעס עסן — דער טיש איז געדעקט.

מיט אַן איראָנישער באַוועגונג האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם באַדעקטן טיש אין ווינקל. דערנאָך איז ער אַרויס און פֿאַרמאַכט די טיר. ווען ער איז אַריין אין פֿאָדער-זאַל, איז וויכטעל אָנגע-

קומען נאך באפעלן.

— זענען די שטוב־מיידלעך אוועק? — האט ערווין געפרעגט.

— יא, זיי שלאפן אין גערטנערס הויז.

— דאס איז גוט. זיי שלאפן. מארגן וועט דאס הויז זיין פארמאכט. אויב עמיצער וועט קלינגען, וויז זיך נישט.

— איך הער.

— איך דערווארט, אז איך קען מיך אויף דיר פארלאזן, ווילטעל?

— יא, מיין הער.

— די הערסט נישט און זעסט נישט. ווען דעם האנדלט עס זיך.

— איך פארשטיי.

א האלבע נאכט איז ווילטעל געגאנגען אין ביבליאטעק, ווען ער האט זיך ענדלעך געלייגט שלאפן. צעמארגנס איז געפאלן אן אומאויפהערלעכער רעגן. ארום מיטיק־צייט האט דער טעלעפאן געקלינגען.

— ווער איז? — האט ערווין געפרעגט, אריינקומענדיק אין וועסטיבול.

— פרוי באראנעסע ראסאווסקא, — האט ווילטעל געענט־פערט שעפטשענדיק, אוועקבויגנדיק פארזיכטיק דעם הער־אפארט.

— איך בין אוועקגעפארן. די ווייסט נישט וואוהין, די ווייסט נישט, ווען איך וועל קומען, — האט ערווין געזאגט.

ווילטעל האט געהארכזאם שטיל געענטפערט:

— איך הער.

ערווין האט זיך אוועקגעזעצט ביים שרייב־טיש, ער האט ארויסגענומען דעם זייגער און אבסערווירט די באוועגונג פון סעקונדע־ווייזער. צוליב עפעס א סיבה האט ער באשטימט די שעה צען א זייגער פאר א טערמין צו גיין צו ווירגיניאן. פון מינוט צו מינוט איז דער שגעון געוואקסן אין אים. ארום אכט האט ווילטעל אוועקגעשיקט דעם גערטנער, ער זאל דארט נעכ־טיקן. די צייט האט זיך לאנגזאם געשלעפט.

ווירגיניא האט אויך די נאכט פארברענגט שלאפלאז. נאכ־

דעם, ווי ערווין איז אַרויס, האָט זי געעפֿנט אַ פֿענצטער; עס איז געווען צו הויך אַראָפּצושפּרינגען, פֿאַר איר האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ לײדיקער, טריבער פּאַרק. דער רעגן האָט איר געשלאָגן אין פּנים. זי האָט פֿאַרמאַכט ס'פֿענצטער. אויב איך וועל זיך דערמאָרדן, וועט די וועלט מיך האַלטן פֿאַר פֿאַראומגליקטע, האָט זי געטראַכט. איך מוז אונגבאַדינגט אַרויסקריגן זיך פֿון דעם דאָזיקן הויז. און דערנאָך, און וואָס דערנאָך? וואוהין דערנאָך? וואוהין מיט מײַן שאַנד? איך האָב שוין נישט קיינעם, נישט קיין פֿרײַנט, נישט קיין מוטער און נישט קיין היים.

דער טאָג האָט געבלײַכט. ווירגיניאַ האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. זי האָט גערופֿן, אומזיסט. קיינער האָט זיך נישט באַוויזן. זי האָט גענומען פֿון טיש אַ זעמעל און געגעסן אָן ווילן. עטלעכע מאָל איז זי אין משך פֿון טאָג געזעסן אויפֿן פֿאָטעל, אָבער זי האָט זיך יעדע רגע אויפֿגעהויבן, בייז און פֿאַרשעמט. ענדלעך האָט זי אַרום אָוונט צוגערוקט צו דער טיר אַ שווערן טיש, כּדי נישט ווערן אומסגעריכט איבעראַשט, ווען זי וועט אײַנשלאָפֿן, און זיך געלייגט. אין אַ ווײַל אַרום האָט זי שוין געדרימלט. דאָס עלעקטרישע ליכט, וואָס האָט געברענט אַ גאַנצן טאָג, האָט זי ווײַטער געלאָזט ברענען.

עס האָט זי אויפֿגעוועקט דאָס גערויש פֿון אַוועקגערוקטן טיש. ערווין איז געשטאַנען פֿאַר איר. ער האָט געלייגט די הענט אויפֿן קאַרק און געקוקט אויף איר אָן אַ וואָרט. ער האָט געקעמפֿט מיט זיך. עס האָט זיך אים געגלוסט פֿאַלן אויף די פֿיס און קושן אירע ווײַסע הענט. אָבער ער האָט געדאַרפֿט צענויפֿזאַמלען אַלע כּחות. ווירגיניאַ האָט זיך אַ ריס געטאָן. אין דער זעלבער רגע האָט זי באַמערקט, אַז די טיר איז געווען בלויז אָנגעלענט. דער אײַנפֿאַל און דער באַשלוס זענען אין איין צײַט אַנטשטאַנען. איידער ערווין האָט זיך באַוויזן צו פֿאַרהאַלטן, איז זי פֿאַרבײַגעלאָפֿן נעבן אים און אַרויס אין קאָרידאָר. עס איז געווען פֿינצטער, בלויז דער אָפּשײַן פֿון לאָמפּ, וואָס איז געפֿאַלן פֿון צימער, האָט איר אויף די טרעפּן געוויזן דעם וועג. זי איז אַראָפּגעלאָפֿן אונטן. די אײַנגאַנגס־טיר איז געווען פֿאַרשלאָסן,

אַרײַן דער שליסל האָט געשטעקט אין שלאָס. ווען זי האָט אויפֿגעשלאָסן, האָט זי אויפֿן אַקסעל דערשפּירט אַ האַנט. זי האָט זיך אַרויסגעריסן מיט אַ געשריי און ווײַטער געלאָפֿן צוריק, געעפֿנט עפּעס אַ טיר, אַרײַן אין דער ביבליאָטעק און אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ גרויסן, טונקעלן צימער.

ערווין איז איר שווײַגנדיק נאָכגעלאָפֿן. די גלעזערנע טיר אין גאָרטן איז געווען אָפֿן. ווירגיניאַ איז אַרויסגעלאָפֿן אין דער פֿינצטערניש. דער רעגן איז געפֿאַלן אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט געהאַט דעם אײַנדרוק, ווי זי וואָלט אַרײַנגעשפּרונגען אין אַ טײַך. דער שטורעם האָט פֿאַרגאָסן איר געזיכט מיט וואַסער, זי האָט געמוזט פֿאַרמאַכן די אויגן. האַלוזשעס וואַסער האָבן זיך צעשפּריצט אונטער אירע פֿיס. נאַסע בלעטער און צווײַגן האָבן איר געשלאָגן דאָס פּנים, די פֿײַכטקייט איז אַרײַנגעדרונגען דורכן קלייד אַזש ביז צום כשיפער. זי האָט זיך אָנגעקלאַפּט כּימעט שטערן אָן אַ בוים, פֿון ווייטיק האָט זי שוין ווײַטער ניט געקענט לויפֿן און זי איז אַוועק אַהין, וואו דער פּאַרק איז געווען באַלויכטן.

אָבער ערווין האָט זי שוין דערגרייכט. ער האָט זי אויפֿגעהויבן אין זײַנע אָרעמס און מיט אַ איבערמענשלעכן כּח זי צוריק אַרײַנגעטראָגן אין הויז. פֿאַר דער טעראַסע האָבן זיך אים די כּחות אויסגעלאָזט, ער האָט אײַנגעזויגן לופֿט, זי אָנגענומען פֿאַר די ביאָדרעס און זי אַרויפֿגעצויגן אין דער הויך, אין דער ביבליאָטעק און זי געוואָרפֿן אויף דער קאַנאַפּע.

שווער סאָפּנדיק, איז ער צוגעלאָפֿן צו בײדע טירן און זיי פֿאַרשלאָסן. דערנאָך איז ער צוריק צו ווירגיניאַן. זי האָט זיך ניט גערירט. זי איז געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע, דער קאָפּ בלויז אויף דער קאַנאַפּע. זי איז געווען אַדורכגענעצט ביזן ביין און פֿאַרשפּריצט מיט בלאָטע. ער האָט דערפֿילט אַ באַדערפֿעניש צו דערנידריקן זי ביז צום סוף, ווי דאָס פֿולשטענדיק דערדריקן זי און טרעטן זי, וואָלט אים געקענט געבן האָפֿנונג.

— דו קענסט דאָ אַזוי ניט בלײַבן, — האָט ער געזאָגט מיט אַ הײזעריק קול.

זי האָט ניט געענטפֿערט.

— דו קענסט אַזוי ניט דאָ זײַן, דו הערסט! — האָט ער ברוטאַל איבערגעחזר'ט, אַראָפּגעבויגן זיך און איר אַראָפּגעריסן דעם מאַנטל.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים; ער האָט זיך צוריקגעצויגן. ער איז אַרויס פֿון דער ביבליאָטעק, איז אַרײַן אין זײַן צימער, און וועלכן ווירגיניאַ האָט זיך פֿריער געפֿונען, אַרויסגענומען פֿון אַ שופֿלאָד אַ הויז־קלייד, פּאַנטאָפֿל, זאָקן און אַ האַנט־טוך און דאָס אַרײַנגעטראָגן ווירגיניאַן. זי איז אַלץ געלעגן אין דער זעלבער פּויזע.

— דאָ האָסטו אַלץ, וואָס פֿעלט דיר, — האָט ער געזאָגט ביזפֿעלנדיק, — דו קענסט אַזוי ניט בלײַבן, נאַס און שמוציק; איך על זיך צו קוקן אויף דיר אין אַזאַ צושטאַנד.

ווירגיניאַ האָט זיך ניט גערירט.

— איך וויל ניט אָנרירן קיין שמוציק אָנטועכץ, — האָט ער געזאָגט. ער האָט אַנידערגעקניט.

— האָסט נאַסע פֿיס, — האָט ער ווײַטער געזאָגט מיט מיטגעפֿיל, — מען קען דערפֿון קראַנק ווערן. פֿון חולאת'ן מיאוסט מען זיך. ווילסטו ווײַטער שטעלן אַ ווידערשטאַנד? דו ווילסט מיך אינגאַנצן אַרײַנטרײַבן אין משוגעת?

ווירגיניאַ האָט צו אים קענטיק אויסגעשטרעקט בײדע הענט. די האָר זענען איר לאַנגזאַם אַראָפּגעפֿאַלן פֿון די אַקסלען אויף דער פּאָדלאָגע.

— גוט; אויסגעצײכנט; איך וועל רופֿן מײַנע מענטשן, — האָט ערווין אויפֿסנײַ אָנגעהויבן ווי שכּור, — איך וועל זיי רופֿן, זיי זאָלן אָנקוקן אַזאַ זעלטענע דאַמע! יאָ! אַזוי! אַזוי! — האָט ער געברומט, זעענדיק ווירגיניאַס בעטנדיק פּנים — איך וועל וואַרטן אין יענעם צימער; דו האָסטו אָנגעטועכץ! טו אויס אָט די עקלהאַפֿטע שמאַטעס! טו אויס! וואָס פֿאַר אַ אַטקײַגנשטעלן זיך! די שטעמוודיק ײַט דערהרגט דאָס האַרץ! — האָט ער געזאָגט און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער ווייס ניט, וואָס ער רעדט. ער איז אַרײַן אין צווייטן צימער, האָט זיך טריב אַדורכשפּאַצירט.

— אָ, לעבן, אָ, לעבן, — האָט ער געברומט, — ווי גוט

בויזטו אמאל געוועזן פאר מיר, און יעצט שטויסטו מיך אפ פון דיין שוים.

ער האט געעפנט די טיר און דערזען, ווי ווירגיניא ליגט נאך אין דער זעלבער פויזע, אין וועלכער ער האט זי פארלאזן. וואס האט ער יעצט געוואלט? וואס האט ער נאך דערווארט נאכדעם, ווי זי וועט אים פארלאזן? איז אים געגאנגען וועגן דעם, אז ער זאל זי כאטש אויסערלעך זען אנדערש? רירן זי איז שוין געווען צופיל.

— מאריא, געטרודא! וויכטעל! — האט ער גערופן אין דער פינצטערניש. ווירגיניא האט זיך דאן אויפגעהויבן מיט אן אויסגעשריי פון ווייטיק. זיכער אין זיך האט ער פארשלאסן די טיר, האט זיך אראפגעבויגן און אנגעכאפט מיט די ציין די מעטאלענע קליאמקע. ער איז אריין אין עס-צימער האט אנגעצונדן ליכט, האט ארויסגענומען פון דער קרעדענס א קאראפע קאניאק און אויסגעטרונקן א גלעזל. דאס איז זייט יארן געווען דאס ערשטע גלעזל קאניאק, וואס ער האט אויסגעטרונקן, ווייל וואס שייך אלקאהאל איז ער געווען אינגאנצן אפגעהאלטן.

מיט קליינע, קינדערישע זיפצן האט ווירגיניא אויסגעטון דאס פארבלאטיקטע קלייד און אנגעטון די קליידער, וואס ערווין האט איר געווארפן אויפן דיוואן. דעם מאנטל דאס קלייד און די בלוזקע האט זי אויפגעהאנגען אויף די פארענטשן פון צוויי שטול. די זאקן האבן זיך איר צוגעקלעפט צו די פיס. זי האט זיי אויסגעטון, פארגיסנדיק א שטראם טרערן. עס איז איר באפאלן א גרענעצלאזע פארצווייפלונג. א הילפלאזע, נישט טראכטנדיק פון זיך, פון מענטשן, איז זי געשטאנען איינגעבויגן ביים קאמין, אין וועלכן עס האבן נאך געגליט די רעשטלעך קוילן. זי האט זיך איינגעבויגן ווי א דינסט, ווען זי גייט מאכן פייער. די צעלאזטע האר זענען אראפגעפאלן אויפן דיוואן אין גרויסע קרייזן. די פיס זענען געווען נאקעט און, און די גרויסע פינגער האבן זיך איינגעזויגן אין דעם פייכטן קאלטן טעפיך. די פאלדן פון גרינגעם קלייד האבן געציטערט צוזאמען מיט'ן ציטערן פון איר גוף — אזוי ציטערט א וועוויארקע אין דער שטייג, — און ביידע הענט

דאָס זי צונעשטעלט צום קאָפּ און אַ באַוועגונג פֿון העכסטער פֿאַר־צווייפֿלונג.

כמעט אַזוי האָט זי מיט אַ יאָר צוריק געזען מאַנפֿרעד. אין אַ גביאותדיקן ווייטיק פֿון צעשיידונג, פֿאַרפֿילנדיק דעם פֿאַרלוסט. און יעצט האָט זי דערזען אים, וועלכן זי האָט נאָך קוים געקאַנט, אים, וואָס איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אָן ידיעה, אַנטלאָפֿן, פֿאַרלוירן, אַרויסגעריסן פֿון איר נשמה. זי האָט אים דערזען פֿון דער נאָנט. זי האָט געפֿילט, אַז ער איז געקומען, יאָ, ער איז געקומען. די דאגות האָבן אים אַהערגעבראַכט. אָבער עס איז געווען צושפּעט. זי וועט אים מער קיינמאָל נישט קענען אָנקוקן. זי איז געווען אַ פֿאַרלוירענע, אַ געשטעמפּלטע פֿון געבורט.

זי האָט געהערט זיין טראָט, זיין פֿעסטן יעגער־טראָט. ער האָט זי אַרומגענומען פֿון הינטן, ער האָט געזען אירע אויגן דאָ פֿאַר זיך, מיט די זיסטסטע ווערטער האָט ער באַרויִקט אירע שרעקעוודיקע, פֿאַרשטאַרטע באַוועגונגען. דער אויסדריק פֿון דער פֿאַרחלומטער באַוואוסטלאָזיקייט איז געהאָנגען אויף איר געזיכט, דאָס ווייסל פֿון איר אויג איז געווען אַזוי מאַט ווי גיפּס. ער האָט זי פֿעסטער אַרומגענומען. אָן אויפֿהער האָט ער גע־שעפּטשעט איר נאָמען, אָבער זי האָט אויטאָמאַטיש געשאָקלט מיטן קאָפּ. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן פֿאַר אוממעגלעך, אַז אַ מענטשלעך פּנים זאָל זיין אַזוי בלייך, ווי איר פּנים. וואָס מער ער האָט זיך דערנעטערט, אַלץ דייטלעכער האָט זי דערפֿילט זיין אַנטפּלעקטע תאווה, זיין פֿרעמדקייט; זי האָט זיך פֿון אים אַרויס־געריסן און וואַקלנדיק זיך פֿון שוואַכקייט, זיך אָנגעשפּאַרט קראַמפּהאַפֿט אין איינעם פֿון די מאַרמאָרנע זיילעכלעך, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן דעם קאַמין.

— הייסט עס, גאָרנישט! גאָרנישט קען רירן דאָס דאָזיקע שטיינערנע האַרץ! — האָט ערווין אויסגערופֿן אין צאָרן און אַנטוישונג, פֿאַרטיידיקנדיג זיך גלייכצייטיק קעגן עפּעס אַ געפֿיל, וואָס האָט אויפֿגעטויכט פֿון אַן אונטערערדישער טיפֿקייט, אַ געפֿיל, וואָס ער האָט נאָך ביז אַהער נישט געקענט און וואָס איז אין אים שווער געווען, ווי די אַנונג פֿון אַ שווערער קראַנקהייט.

— זענען די דאָזיקע אויערן טויב? געפינט זיך אין דעם
דאָזיקן האַרץ קיין מיטגעפיל? וואָס דאַרף איך טון צו ראַטע-
ווען זיך? וואָס זאָל איך טון דיר צו רירן? דאַרף איך מיין בלוט
פאַרגיסן? זאָלן מיינע ווערטער ווערן בלוט? דאַרף איך פאַלן פאַר
דיר עלנטער ווי דער עלנטסטער? וואָס זאָל איך טון? זאָג, וואָס
זאָל איך טון?

און ווען ווירגיניאַ האָט געשוויגן, האָט ער אַ כאַפּ געטון
אַ הערלעכע וואַזע פון דעם דעליקאַטסטן און טייערסטן פאָרצע-
לאַן און זי געוואָרפן אונטער ווירגיניאַס פיס, אַזש זי איז זיך
צעפלויגן אויף הונדערטער שטיקלעך. אין דעם דאָזיקן שגעון און
צאָרן, אונטער דעם נאַטירלעכן אויפברויז, האָט געשטעקט אַביסל
אויסגערעכנטקייט און בעטרוג; עס איז נאָך געווען פאַראַן
אַ צוואַנג און אַ ווילן אין זיין זיפצן, צוין-קריצעניש, איינזויגן זיך
מיט די נעגל אין האַלדז, אָבער אין דער טיפעניש פון דער נשמה
האָט ער דערפילט. אַז אַלץ איז איינגעפאַלן איבער אים און עס
איז אַנטשטאַנען אין אים אַ שרעקלעכע פוסטקייט און וויסטעניש.

אפשר האָט עס ווירגיניאַ דערפילט מיט דער קראַפט פון
יענער געהיימנישפולער פאַרשטענדיניש, וואָס גיט איבער
ידיעות פון נשמה צו נשמה, אפשר איז עס געווען די סיבה, וואָס
זי האָט אָנגעהויבן צו פילן אויף אים אַ רחמנות. ווען זי האָט
דערנענטערט דאָס פנים צום פייער פון די קוילן, האָט זי געוואָלט
פאַרברענט ווערן דערין, און ערווין האָט איר אויסגעוויזן ווי
אַ מענטש, וואָס איז געפאַלן נאָך גרויסע אָנשטרענגענישן, ווי
אַ מענטש, וואָס האָט געליטן אַ שרעקלעכן צער דורך די זעלבע
אָנשטרענגונגען און וועלכער האָט ביז-אַהער גאָרנישט געוואוסט
פון דעם דאָזיקן צער. ער האָט איר אויסגעוויזן ווי אַ מענטש,
וואָס אַרויסקריכנדיק פון אַ ווייטן תהום, געפינט ווייטער נישט קיין
שטיין-פונקט, כדי זיך צו באַפרייען פון דעם תהום, וואָס שלעפט
אים ווייטער אַריין. זי האָט געפילט אין אים און מיט אים יענע
אומגעהייערע שפּאַנונג, מיט וועלכער ער האָט געקעמפט פאַר
איר, ווי אַז איינציקע זאַך, וואָס מען דאַרף אָנכאַפּן, באַהאַלטן,
באַנוצן, כדי צו פאַרהיטן זיך אַריינצעפאַלן אין תהום. דער

דריקט פֿון פֿאַרמאַטערונג און גלײַכגילטיקײט, דערשעפּט, זעענדיק
זײַן צער, האָט זי געהאַט דעם אײַנדרוק, ווי זי מוז אים געבן
אַ פּונקט אָנצעשפּאַרן זיך, פֿאַרגעסן וועגן זיך אַליין. וועגן האָס
און ליבע, וועגן ערע און לעבן, שאַנד און ווייטיק. מיט אַ פֿאַרב=
לאָז קול האָט זי געזאָגט:

— אָט בין איך. אָט בין איך, ערווין. טוט מיט מיר, וואָס
איר ווילט.

עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער האָט שלעכט געהערט.
ער האָט זיך דערנענטערט צו איר. זײַנע אויגן זענען געוואָרן ווייך.
— נאָכאַמאָל, געטלעכע ווירגיניאַ, — האָט ער שטיל גע=
בעטן, — און זאָג מיר דו, איך וואַרט דערויף, ווי אויף אַ מתּנה
פֿון הימל, איך זאָל ווידער קענען ווערן אַ מענטש.

מיט אַ ביטערן און אומטעכטיקן שמייכל, מיט אַ שמייכל
פֿון דער נאַכט, האָט ווירגיניאַ געענטפֿערט:
— יאָ, ערווין, טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט.

צי האָבן די ערשטע ווערטער פֿון אָפּגעבן זיך אָן תּנאים
ערווינגען צוגענומען דאָס לשון? ער האָט פּלוצלינג פֿאַרשטאַנען,
אַז דאָס, וואָס ער האָט געשטרעבט, האָט נישט קײַן שום שײַכות
דערמיט, וואָס דאַרף אים געשאָנקן ווערן, און דווקא דאָס דאָזיקע
געשאַנק האָט אָפּגערוקט יענץ וועזן אין דער אומדערגרייכנדיקס=
טער ווײַטקייט, אין אַ ווײַטקייט, וואָס האָט אים צוגענומען יעדע
האָפֿנונג זי ווען=עס=איז צו באַזיצן. ער האָט דאָס פֿאַרשטאַנען,
ווײַל אַ געפֿיל, וואָס איז אַנטשטאַנען אין זײַן האַרץ, איז נישט
ענלעך געווען צו קײַן שום אַנדער געפֿיל, וואָס ער האָט ווען=עס=
איז געפֿילט. יאָ, ס'קען אפֿשר זײַן, אַז דאָס איז געווען זײַן
ערשט געפֿיל. נישט קײַן תּאווה, נישט געפֿעלן, נישט קײַן אַנט=
ציקונג איבער דער פֿאָרם, נישט קײַן פֿײַער פֿון די חושים, נישט
קײַזרירונג פֿון ווילן, נישט קײַן בענקשאַפֿט. ער האָט נישט גע=
כאַפּט און איבערגענומען, אָבער ער האָט זיך געפֿילט געכאַפּט
און אַרומגענומען.

עס איז שוין נישט געגאַנגען וועגן דעם, צי ער זאָל פֿרעגן:
וואָס מאַכט מען, זי זאָל מיך ליב=האָבן? די פֿראַגע האָט גע=

קלינגען: ווי אַזוי איבערטראָגן, דאָס, וואָס איך ליב זי?

ער האָט שוין נישט געהאַט קיין ווערטער, ער איז פּלוצלינג פֿאַראַרעמט געוואָרן. עפּעס האָט אים געשטופּט, ער זאָל פֿאַר איר חרטה האָבן, אָבער צוליב מורא פֿאַר איר האָט ער זיך גאָרנישט דערוועגט צו טון. ער האָט שוין זיך נישט געקענט. ער האָט זיך פֿאַרלוירן, ווי אַרויסגעטריבן פֿון דער אייגענער פּערזאָן, און ער האָט דאָס געקענט אָבסערווירן, ווי וואַסער, וואָס שווימט פֿון אַ קוואַל, ער איז געזעסן און געביסן די ליפּן. די ענדערונג, וואָס איז אין אים פֿאָרגעקומען, האָט ווירגיניאַ איבעראַשט. זי, וואָס האָט זיין פּנים, אויגן, הענט, געשטאַלט נישט געזען אַנדערש ווי אין באַוועגונג, האָט אים צום ערשטן מאָל דערזען אין רו, און זי האָט אויפֿגעציטערט. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז אויפֿן אָרט פֿון זיין פּנים האָט זיך געפֿינען אַ שוואַרץ לאָך. זי איז גרייט געווען אויסצורופֿן: וואו ביזטו? ער האָט איר אויסגעוויזן ווי אַ געשפּענסט. דער, וועלכן זי האָט געקענט פֿאַר אַזאַ שטאַלצן, פֿאַר אַזאַ רייכן, פֿאַר אַזאַ דערפֿאַרענעם, פֿאַר אַזאַ פּרעכטיקן, אַזאַ אומבייגזאַמען, גרויזאַמען און קלוגן, איז דורך זיין איינציקער רעטזלהאַפֿטער ענדערונג געוואָרן אַ קליינער, דערשראָקענער, הילפֿלאָזער, שווייגנדיקער און פּוסטער. עס האָט זי אַרומגענומען אַן איבעראַשונג.

און די דאָזיקע איבעראַשונג האָט זי געהייסן אַנטלויפֿן פֿון אים. זי האָט כמעט נישט געהאַט קיין כח דערצו. די פֿריערדיקע שנעלע איינדרוקן בעת דער ביישפּיללאָזער שפּאַנונג האָבן יעצט אָנגעהויבן צו געבן פֿאָלגן. אַ חוץ דעם האָט זי געפֿילט, אַז זי האָט היץ און אירע ציין האָבן גענומען קלאַפּן. מיט שוואַכקייט האָט זי זיך געהאַלטן אויף די פֿיס. וואוהין יעצט? וואוהין? האָט זי זיך אויפֿסניי געפֿרעגט. זי האָט געוואוסט, אַז יעצט וועט ער איר נישט פֿאַרבוטן צו פֿאַרלאָזן דאָס צימער, אָבער וואוהין האָט זי געזאָלט גיין?

פּאַמעלעך האָט זי זיך דערנענטערט צו דער טיר. זיין בליק איז איר נאָכגעגאַנגען אין שרעק. זי האָט געעפֿנט די טיר און אין דער פֿינצטערניש האָט זי דײַטלעך געזען זיין פּנים אין דער

ליפּט, אַ פּנים, וואָס איז פּלוצלינג געוואָרן טעמפּ, פּוסט, פינצטער, מיאוס, געוויינטלעך. דערמאָלט האָט זי פאַרשטאַנען, אַז זי האָט אים געליבט אין די רגעם צווישן חלום און ווירקלעכקייט, אַז ער האָט פאַרכּישופט מיט דעם ענדערן און פאַרשטעלן זיך, וואָס האָט אים פאַר מענטשן געמאַכט באַוואָפנט און נישט־דורכדרינגלעך.

אָנשטרענגענדיק אַלע כּוחות האָט זי צוגעשפּילעט אירע האָר. דער זייגער אין וועסטיבול האָט אויסגעקלינגען צוועלף. ערווין איז געשטאַנען אין האַלב־שאָטן אויף דער שוועל. דאָס באַוואוסטזיין פון אַבסאָלוטער אוממאַכט האָט אים צעשמעטערט. ווירגיניאַ האָט אויף אים געקוקט מיט אַ פאַרלאָרענעם בליק און געטראַכט: וואו וועל איך געפינען אַן אָרט כּדי צו לעגן זיך און שלאָפן? שלאָפן, און זיך מער נישט אויפוועקן זיך?....

אין דער זעלבער רגע האָבן זיך דערהערט שטימען פאַרן הויז. דער עלעקטרישער גלאָק האָט הויך און לאַנג געקלינגען. ווירגיניאַ האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז זי איז באָרפוס, און אַ שוידער איז איר אַדורך פון קאָפּ ביז פיס.

— עפנט! — האָט זי געבעטן. מיט אַ גלייכגילטיקן אויסדרוק איז ערווין צוגעגאַנגען צו דער טיר און געעפנט. עס זענען אַריין מיט בלייכע און אויפגערעגטע פנימער, אָנגעטאָן אין רעגן־מאַנטלען, אולריך צימערמאַן, גראַף פאַלעסטער און פרוי רעסאָווסקאַ.

ווירגיניאַ האָט געטאָן אַ געשריי. דערנאָך האָט זי זיך אַ וואַקל־געטאָן, פאַרמאַכט די אויגן און זי וואָלט געווען אומגעפאַלן, ווען פרוי רעסאָווסקאַ און אולריך וואָלט זיך נישט צוגעהאַלטן.

— זאָל דער הויז־וועכטער העלפן, — האָט די באַראָנעסע באַפוילן, — מען דאַרף זי אַריינטראָגן אין דער קאַרעטע.

דער הויז־וועכטער, וועלכער איז געשטאַנען אויף די טרעפּן, האָט אַוועקגעשטעלט די לאַמטער, אָבער אולריך און פאַלעסטער האָבן דאָס שוין פאַרחלשטע מיידל אויפגעהויבן און זי אַרויסגעפירט פאַרן טויער.

— איר װעט צונעמען װערן צו פֿאַראַנטװאָרטלעכקײט! — האָט אױסגערופֿן אולריך צימערמאַן.

אַ גרױסער שמײכל האָט זיך אַדורכגעגליטשט אױף ערװינס ליפּן.

— צו פֿאַראַנטװאָרטלעכקײט? גוט. אָבער איר, באַראָנעסע, — האָט ער זיך געװענדעט צו פֿרױ רעסאָװסקאַ, — האָט יעדנפֿאַלס אױסגעקליבן אַן אומפֿאַרגלײַכלעך מיטל צוצוגרײטן מיך דערצו.

— מיט אײַך רעדט מען ניט, — האָט די באַראָנעסע געענטפֿערט, ניט אָנרירנדיק אים אַפֿילו מיטן בליק. ערװין האָט געצױגן מיט די אַקסלען און זיך אָפּגעקערט פֿון דער געװעזענער פֿרײַנדין. נאָך עטלעכע מינוט איז אין הױז װידער שטיל געװאָרן. אױף דער גאַס האָט אָפּגעקלונגען דאָס קלאַפּן פֿון די קאַרעטע־רעדער.

ערװין איז צוריק אַװעק אין דער ביבליאָטעק. ער האָט זיך געװאָרפֿן אױף דער קאַנאַפּע און איז באַלד אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ טיפֿן שלאָף. װען ער האָט זיך איבערגעװעקט, האָט די זון געלױכטן. קלינגענדיק אױפֿ'ן דינער, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט געהײסן װילהעלמען בלײַבן אין גערטנערס הױז, ביז ער װעט אים רופֿן. ער האָט באַלד געזען דעם גערטנער אין גאָרטן און ער האָט אים געהײסן שיקן װילהעלמען, װעלכן ער האָט באַפֿױלן צוצוגרײטן אַ באָד. װען ער האָט זיך אױסגעבאָדן און אָפּגעגעסן פֿרישטיק, איז ער צוגעגאַנגען צום שפּיגל.

אינסטינקטיװ האָט ער זיך אַװעקגעדרײט אין אַ לעכערלעכער אילוזיע. עס האָט זיך אים אױסגעװיזן, אַז עמיצער שטײט הינטער אים און דער שפּיגל גיט אָפּ זײַן בילד. ער האָט זיך ניט דערקענט. אַלץ, װאָס ער האָט געהאַלטן אין זײַן פּנים פֿאַר צוציִענדיק, באַגײַסטערט, כאַראַקטעריסטיש און לעבעדיק, דאָס אַלץ איז פֿולשטענדיק פֿאַרשװוּנדן. ער האָט זיך געצװוּנגען צו מאַכן אַ לעבהאַפֿטע מינע, האָט אַרױסגערופֿן אַ בלישטש אין די אױגן, װי געװײנטלעכער אין געשפּרעך און ער האָט אָבסערװירט, װי עס ענדערט זיך דער אױסדרוק אין זײַנע פּנים־שטריכן, אָבער זײַן פּנים בלײַבט אַלץ דאָס זעלבע, מיאוס און אָפּשטױסנדיק, װי

אַ פרוי פון אַ פאַרגעלעבטער אַלטער פרוי.

וואָס דאַרף איך טון? האָט ער געטראַכט. איך האָב נישט קיין באַשעפטיקונג. וואָס גלוסט זיך מיר? גאָרנישט. מענטשן העלפן מיך אויסמיידן, ווי אַ ממזר. וואָס זאָל איך טון מיט די שעהן, וואָס ליגן פאַר מיר, מיט די אומצייליקע שעהן? עס האָט אים אָנגענומען אַ עקעל פאַר אַלץ אַרום, אַן עקל פאַר די ווענט, מעבל, טירן, ביימער, וואָלקנס און פאַר דער זון. ער האָט גענומען ברענגען אין אָרדנונג בריוו און העפטן. אַ סך פאַפירן האָט ער געוואָרפן אין קאַמין. פלוצלינג האָט ער אויף אַ קופּע ביכער דערזען אַ נאָך נישט אויפגעעפנטן בריוו. ער האָט אויפן קאָנווערט דערקענט די האַנטשריפט פון זיין פאָטער. דער דאָזיקער בריוו האָט שוין דאָ געמוזט ליגן פון נעכטיקן אָוונט. ער האָט אויפגעריסן דעם קאָנווערט און אָנגעהויבן לייענען:

„ליבער זון!

מען האָט מיך היינט עטלעכע מאָל געפרעגט, וואו דו געפינסט זיך. געוויס האָב איך גאָרנישט געקאָנט ענטפערן, ווייל איך האָב דיך שוין נישט געזען דריי און אַ האַלבן חודש. דערפון וואָס איך האָב געהערט, נעם איך אַרויס, אַז דו האָסט זיך פאַרפּלאָנטערט אין שלעכטע געשעפטן. ס'וואָלט אפשר געווען מיין חוב אויפצוזוכן דיך און פאַרזענלעך געבן דיר עצות. ווען איך וואָלט ביי דיר געקענט האָפן אויף אַ טראָפּן צוטרויען, וואָלט איך זיך נישט אָפּגעשטעלט דערפאַר, כאָטש מיין לאַגע איז ווערט צו דערוועקן מיטגעפיל. מוסר איז שוין נישט מאָדערן. איך בין פאַרמשפּט. איך האָב פאַרלוירן דעם גלויבן אין דעם, און איך וויים נישט מיט וואָס מען איז מיין עלטער פאַרטרעטן. עס איז נישט געווען קיין טאָג אין מיין לעבן, אַז דו זאָלסט מיך נישט אָפּשטויסן און נישט געבן מיר צו פילן דיין פאַראַכטונג. אמת, דער היינטיקער דור איז ווילד, איבערגעשפּיצט און אָן ישוב-הדעת אין יעדן פּרט. און ווער האָט אייך געמאַכט פאַר אַזעלכע? ווער האָט איינגעפלאַנצט אין אייך אָט די אַלע מיאוסע אינסטינקטן? ווער האָט אויפגעהויבן דעם פּרייז פון אייער איך, אַז איר האָלט אייך איצט פאַר צו-הויך געשאַצט, כדי אויסצופי-

מענטשלעכע התחייבותן? מיר! מיר, זקנים! מיר צופיל ניכטערע באַטערס און מוטערס! מיר, וואָס האָבן געוואָלט שפּילן די ראָלע פון אייערע אפּוטרופּסים, מיר, וועלכע האָבן שוין געפינען גענוג אויסריידן, כּדי צו געבן שען־קלינגענדיקע טיטלען אייער פוילקייט, אומפאַרשעמקייט, ליגנערשקייט, מאַנגעל אין דרך־ארץ, אַזש אַז ערלעכער מענטש האָט זיך אָנגעהויבן שעמען צו זיין ערלעך. אייערע נאַטירלעכע גייסטיקע פונקציעס האָט איר גענומען האַלטן פאַר וואונדער, אייער פרעכקייט פאַר גייסטיקע פרייקייט, אייער אומגעהאָרכזאַמקייט פאַר אונאָפּהענגיקייט פון כאַראַקטער, אייער תאווה צום געניס פאַר לעבנס־ענערגיע. מיר האָבן געצייטערט, ווען איר זענט אַהיימגעקומען מיט צוויי־ווייטיק, אָנשטאָט שרעקעוודיג פאַר גאָט, האָבן מיר אייך געמאַכט שרעקעוודיקער פאַר באַציִלן. ניטאָ קיין פאַרברעכן, וועגן וועלכן איר זאָלט ניט וויסן, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען און ווי אַזוי עס איז אַנטשטאַנען. און אָט דאָס מאַכט אייך אויסגעלייזדיקט פון ליבע. אַמשטאַרקסטן נעמט צו די ליבע דאָס קענען די סבות פון אַלץ, וואָס איז ביז נעכטן נאָך ניט אויסגעפאָרשט געווען. איר זענט שטאַרקער פון אונדז, ווייל איר האָט ניט קיין האַרץ. איך האָב דיר געמוזט מיטטיילן, אַז איך האָב מיר אָפּגעגעבן אַ חשבון פון אָט דעם אַלעם, וועגן וועלכן איך שרייב דיר. איך באַדויער עס ניט, עס האָט מיך צו לאַנג געפּייניקט, איך וועל עס קיינמאָל ניט באַדויערן. איך האָב דאָס רעכט צו דערוועגן מיך דערויף, ניט בלויז דערפאַר, ווייל איך בין דיין פאָטער, פון וואָס איך האָב געהאַט מער עגמת נפש ווי פרייד, נאָר ווייל דו האָסט אַן איבערגעוויכט איבער מיר, פאַר וועלכן איך בין דיך מקנא: יוגנט. יוגנט איז אַ וואונדערלעכע זאַך, מיי זון, אַן אומבעשרייבלעכע זאַך, וועגן וועלכן מען ווערט ערשט געוואָר, ווען מען איז שוין, ליידער, אַלט. און דערמיט איז ענדלעך אַלץ געזאָגט, אויף מיין פאַרטיידיקונג און אויף דיין פאַרטיידיקונג, אויף דיין באַשולדיקונג און אויף מיין באַשולדיקונג, געדענק אָז דיין פאָטער, מיכאַל רייגער״.

ערווין האָט דעם בריוו גלייכגילטיק אַוועקגעלייגט. ניטש

שלעכט סטיליזירט, האָט ער געטראַכט און דעם ברױו געװאָרפן אין פײַער, דערנאָך האָט ער גענומען זײַן באַנק־ביכל, אױסגע־שריבן אַ טשעק אױף פֿופֿציק טױזנט קראָן און אים אַװעקגע־שיקט דורך װיכטלען צום גראַף פּאַלעסטער. אין צװײ שעה אַרום איז װיכטעל צוריקגעקומען. אין קאָנװערט איז געלעגן דער טשעק, צעריסן אױף צװײ.

אַפֿילו דאָס האָט ניט געריהרט ערװינגען. װאו ער איז גע־גאַנגען, װאו ער איז געשטאַנען, אומעטום האָט ער זי געזען; שטענדיק בלױז װירגיניאַ. און װי אַ שװערט װאָלט געבלישטשעט איבער אים און דער לופֿטן, האָט ער געפֿילט בלױז אײנס: ניט דערגרײכט.

ער איז געלעגן אױסגעצױגן און מיט טרוקענע, אָבער ברע־נענדיקע ליפּן האָט ער געמורמלט:

— װירגיניאַ! שװעסטער! געליבטע!

ער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ שפּולקע און אַ זילבערנעם רעמל, דאָס זעלבע, און װעלכן ער האָט אַרײַנגעקוקט, װען זי האָט צום ערשטן מאָל אָנגעמאָסטן דעם האַלדז־באַנד פֿון פּערל. ער האָט דערין געזוכט איר פּנים, עס האָט אים געפּײַניקט אַ נײַ געפֿיל, אַ בענקשאַפֿט, ער האָט געזוכט איר פּנים, און אָבער געזען אַ פּנים, אַ העסלעכס און אַ מיאוסעס, װי אַ פּנים פֿון אַן אַלטער, אָפּגעלעבטער פֿרױ.

און ער האָט געזען דאָס װאָרט, געשריבן מיט בלוט, שטראַלנ־דיק שרעקלעך אין בין־השמשות: ניט דערגרײכט.

אָבער װי אַזױ? איז עס ניט געװען איר פּנים? דער מילדער שטערן? די אײדעלע ליפּן, די ניט־צוטערנדיקע נאָז־לעכער, די אױגן מיט דעם בורשטינענעם גלאַנץ אונטער די װימפּערן? אָבער פֿון אונטער די האָר פֿון אַ מעד־קאָליר, האָט זיך אַרױסגעזען אַ טױט פּנים פֿון אַן אַלטער און אָפּגעלעבטער פֿרױ.

עס איז צוגעפֿאַלן דער אָװנט. װי פֿעלזיקע זײַלן זענען געפֿאַלן אױף זײַן ברוסט די איבערגעלעבטע שעהן און די, װעלכע ער דאַרף איבערלעבן, כּדי אים צו פּײַניקן נאָך מער, װי דאָס, װאָס ער האָט זיך ניט דערװעגט אָנצורופֿן ליבע און בענקשאַפֿט.

איקסיאָן, וואָס האָט אַרומגענומען הערצאַן אין אַ וואָלקן, איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין טאַרטאַר, וואו צוואַנגען האָבן אים צוגעשמידט צו אַ ראָד, וועלכן דער ווינטער דרייט אייביק. ער האָט זיך פאַרגליכן מיט איקסיאָנען, אָבער די דאָזיקע קינסטלעכע טרייסט האָט נישט לאַנג געדויערט. דער וואָלקן, צו וועלכן ער האָט דערגרייכט, איז נישט געווען פון געטלעכער אָפשטאַמונג.

אַמאָל האָט ער אפשר געהאַט אַ נשמה, ווי די נשמה פון ווירגיניאַן, מיט דער זעלבער מאַכט און מיטן זעלבן אמת. וואו האָט זיך די דאָזיקע נשמה אַהינגעטון? האָט זי דער ווילן אויפגעפרעסן? איז זי געבליבן אויף די אומצאָליקע זייטלעך פון אָדורכגעלייענטע ביכלעך? האָט זי פאַרניכטעט די אומדערזעטיקטער גענוס-חשק? איינזאַמקייט, אָדער דאָס, וואָס ער האָט אַזוי אָנגערופן? אויב מען וועט אים צוציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווי אולריך צימערמאַן האָט געזאָגט, וועט מען וועגן זיינע טעג; וועט מען וועגן און ציילן טעג, פול מיט קונסט און פילאָזאָפיע, רעגירט דורך אַ קלוגער אָרדנונג, אָבער טריבע, בלוטלאָזע, שווייַגנדיקע און פוסטע. זיין הויז איז געווען פוסט, און אין אים טויטע אוצרות. און דער הער? ווי אַזוי האָט ער געהייסן? אַ אום-זאַך אין זיך אַליין: אומבאַשטענדיקייט.

ער האָט זיך ביטער צעלאַכט. די פילאָזאָפיע האָט אָנגעהויבן ווירקן. אָ, נישט-דערגרייכטע! שוועסטער! געליבטע!

ער האָט געפילט אַ באַדערפעניש איבערצוטון זיך, כדי אויף וועלכן עס איז אופן צו ענדערן. ער האָט אָנגעטון אַ זיידענעם שוואַרצן שלאָפראָק און פאַנטאָפל פון הירשן-לעדער. אַזוי אָנגעטון, אַלט-מאָדיש און פירשטלעך, פינצטער און סודותדיק, איז ער אַרומגעגאַנגען אין זיין הויז, פון צימער צו צימער.

עס האָט אים אָפגעשטעלט אַ הויכער ווערטער-אויסטויש ביי דער טיר. וויכטעל האָט עמיצן געוואָלט אויסטייטשן, אַז זיין הער נעמט נישט אָן. אָבער דער גאַסט איז נישט אָפגעטרעטן און וויכטעל איז נישט-דרייסט אַריינגעקומען.

— פרייליין פאָן פליגעל, — האָט ער געמעלדעט.

ערווין איז געשטאַנען נעבן פענצטער, אַריינקוקנדיק אין דער

נאַכט אַריין.

—פריילין פאַן פליגעל, — האָט ווינטער איבערגעחזרט.

— איך בעט אַן איבריקע רייד, — האָט זיך דערהערט אַ דערהויבן באַפעלנדיק קול. און מאַריאַנאַ איז געשטאַנען פאַר ערווינען, וועלכער האָט זיך פויל אויסגעדרייט. ווינטער איז אַרויס. מאַריאַנאַ האָט געטראָגן אַן ענגלישן רייזע-מאַנטל.

— איך קום גלייך פון דער באַן, — האָט זי געזאָגט, אַראָפּ-נעמענדיק די הענטשקעס און וואַרפנדיק זיך אין פאָטעל. — דו פאַרשטייסט, אַז איך האָב נישט בדעה צו שטיין ביי דיר אין פאָדער-צימער. דאָס מוז זיך ענדיקן, אַזוי צי אַנדערש. זיצן אין טאַקערן און פלאַצן פון כעס און לאַנגווייליקייט, ניין, איך נאָך מער ווערט ווי אויף דעם.

ערווין האָט אויף מאַריאַנאַן געקוקט פון אויבן אַראָפּ, ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפן פענצטער און אַ פאַרמאַטער-טער פאַרמאַכט די אויגן.

— דער טערמין איז אָפּגעפלאָסן, — האָט מאַריאַנאַ גערעדט וואָס אַמאָל העכער און שטאַרקער, — איך פרעג, וואָס האָסטו בדעה מיט מיר צו טון און ווילסטו ווייטער צוליב עפּעס דאַרט אַ מויד מיך אויסשטעלן אויף לייטיש געלעכטער?

ערווין האָט ווידער אויף איר אַ קוק-געטון,ד זיין שטערן איז פּלוצלינג רויט געוואָרן, דערנאָך האָט ער פאַרמאַכט די אויגן און פאַרפלאָכטן די הענט אויפן קאַרק.

— און איך האָב רעכט אויף גליק, — האָט מאַריאַנאַ אויס-גערופן און פּלוצלינג אַרויסגעצויגן פון דער מאַנטל-קעשענע אַ פּיסטאָלעט, — און מיינסטו, אַז דאָס איז בלויז אַ פראַגע, ווי יעדעס געפיל פון אַנדערע איז ביי דיר בלויז אַ פראַגע וועל איך זיך לאָזן אַרויסוואַרפן הינטער דער טיר. קלויב אויס, אָדער די וועסט האַנדלען מיט מיר ערלעך, אָדער....

זי איז פּלוצלינג אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל ערווין האָט אָנגעהויבן צו לאַכן.

— אָדער? — האָט ער געפרעגט מיט אַ נישט-דערוואַרטנ-דיק געלעכטער.

— באמת, איך האָב נישט קיין מוֹרא פֿאַר מײַן לעבן, — האָט מאַריאַנאַ טריב געזאָגט, אָבער זי האָט די האַנט מיטן פּיסטאָלעט אַראָפּגעלאָזט.

— ווי קאָן מען זיך אויפֿפֿירן אַזוי נישט־געשמאַק, ליב קינד? — האָט ער ווײַן געענטפֿערט און מילד אַרויסגענומען דעם פּיסטאָלעט פֿון מאַריאַנאַס האַנט. דערנאָך האָט ער אַרײַנגעקוקט אין דער לופֿע און געפֿרעגט:

— איז עס געווען פֿאַר מיר, אָדער פֿאַר דיר? נו... אויסגעצײַכנט.

מאַריאַנאַ האָט געשוויגן. ערווין האָט באַהאַלטן דעם פּיסטאָלעט אין דער קעשענע פֿון זײַן שלאָף־ראָק.

— דו קענסט מײַן מנהג צוצוגעבן טראַגישע סצענעס אַ פֿרײַליכן סוף, — האָט ער געצויגן; — און יעצט וויל איך אַזוי טון. איך האָב נישט ליב קיין טראַגישע ענטדעקונגען, בלויז דערפֿאַר, ווײַל זיי זענען נישט אָמגענעם און באַנאַל. איך בין זיך מודה, אַז ווײַלן דרײַ חדשים אין טאַרקערן איז נישט קיין פֿאַרגעניגן. דו האָסט נישט געהאַט דײַנע אויפֿנאַם־טעג, גאַלמויטיק די צוקערניע, שפּאַצירן, דאָס האָט דיר געווים קאַליע געמאַכט די שטימונג. אָבער דו קענסט דיר דאָס אָפּנעמען. דו ביסט נאָך אין די בלי־יאָרן.

— ערווין, — האָט מאַריאַנאַ כמעט פֿײַערלעך איבערגעריסן, — איך בענק שוין נישט צו דעם. איך גלויב, אַז דו וואָלסט געווען פֿון מיר צופֿרידן, מיר בײדע וואָלטן נאָך עפּעס געקענט מאַכן פֿון אונזער לעבן, ווײַל איך... ווי אַזוי זאָל איך מיך אויסדריקן... איך... אָ, גאָט — אויף דער שוועל פֿון זיך מודה זײַן האָט איר די צונג אָפּגעזאָגט צו פֿאָלגן, פֿילנדיק אויף זיך ערווינס קאַלטן בליק. אירע ליפּן. וואָס זענען געווען גענייגט מיט דער זעלבער דרײַסטקייט אויסצודריקן הײליקייט און פּראָפּאַנציע, האָבן זיך צום ערשטן מאָל פֿאַרמאַכט צוליב דער פּשוטער שטים פֿון דער נאַטור.

— מעגלעך. — האָט ערווין געזאָגט, — כאָטש דאָס פֿאַמיליען־לעבן האָט איצט נישט פֿאַר מיר קיין צוציאונגס־קראַפֿט.

אין תּוֹך געקומען בּיזן איך אַ נאָמאַד. איך האָב נישט ליב געוואָרט צו ווערן אין דערפֿרן, וואָס אויף מיטיק וועט זיין, און אויך נישט וויסן, אַז די קעכין האָט זיך באַטרונקן און דאָס שטוב־מיידל האָט שוין אַ חתן. דאָס איז די פּלאָג פֿון די גרעסטע טייל פֿאַמיליען־לעבּנס. אָבער איך וועל דיר נישט מאַכן קיין פֿאָרוואורף, וואָס דו ביזט געקומען צו פֿאָרן, אדרבא, איך וויל דיך עפּעס בעטן.

מאַריאַנאַ האָט אַראָפּגענומען דעם מאַנטל. זי האָט געקוקט אויף ערווינען מיט אַ פֿרעגנדיקן בּליק. ער איז געשטאַנען פֿאַר איר און געצויגן:

— קוק זיך נישט צו צו מיר און זאָג מיר, צי דו זעסט אין מיין פּנים וועלכע עס איז ענדערונג.

— ניין, גאָרנישט. — האָט מאַריאַנאַ פֿאַרוואונדערט געענטפֿערט.

— קוק זיך גוט צו מיר צו.

— די מינדסטע ענדערונג נישט, ערווין, — האָט מאַריאַנאַ פֿאַרזיכערט מיט אַ וואַקסנדיקער פֿאַרוואונדערונג.

— גוט, מאַריאַנאַ, אויסגעצייכנט. הער. איך גיי יעצט אין צווייטן צימער און וועל מאַכן אין מיר אַ קליינע ענדערונג. די וועסט לענגער נישט וואַרטן ווי דריי מינוט. אַז איך וועל פֿערטיק ווערן, וועל איך דיך רופֿן. דו וועסט דיך דעמאָלט איבּערצייגן, צי אויך דעמאָלט וועט אין מיין געזיכט נישט פֿאָרקומען קיין ענדערונג. גוט?

— נאַטירלעך. אָבער דערקלער עס מיר...

— גאָרנישט, גאָרנישט. קיין שום אָבער. די דערקלערונג וועט קומען שפּעטער. אַ רגע געדולד.

מיט אַן עלעגאַנטן גרוס האָט ער איר געקושט אין דער האַנט אַריין און לאַנגזאַם פֿאַרלאָזט דאָס צימער. ווי מאָדנע דאָס איז, האָט מאַריאַנאַ געטראַכט. עס איז אומהיימלעך געווען.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שאָס. מיט אַ געשריי איז מאַריאַנאַ אַריינגעלאָפֿן אין צווייטן צימער. ערווין איז געזעסן אין פֿאָטעל מיטן באַגילדעטן פּאָרענטש. אויפֿן טיש נעבן אים איז געשטאַנען אַ שפּיגעלע. אין דער אַראָפּגעהאָנגענער האַנט

האָט ער געהאַלטן דעם פּיסטאָלעט, וואָס ער האָט צוגענומען מאַריאַנאַן. פון אַ קוים־באַמערקבאַרער וואונד אין דער רעכטער זייט שטערן איז גערונען עטוואָס בלוט. ער האָט גוט געצילט און גוט געטראָפן. זיין פּנים האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין פלעק; עס איז געווען שיין ווי אַ מאַסקע.

# מאַנפֿרעד

עס איז געווען האַלב צווײ בײנאַכט, ווען מען האָט די אַלץ באַוואוסטלאָזע ווירגיניאַ איבערגעטראָגן פֿון דער קאַרעטע אין שלאָף-צימער פֿון דער פֿרוי רעסאָווסקאַ. אין אַ פֿירטל שעה אַרום איז געקומען דער דאָקטאָר. אַזוי ווי ער האָט נאָך נישט געקענט שטעלן קײן דיאַגנאָז פֿון דער זיך דערנענטערנדיקער קראַנקהײט, האָט ער איר פֿאַראָרדנט די זאָרגפֿעליקסטע אויפֿזיכט. פֿרוי געסנער, וואָס האָט געוואוינט אין הויז פֿון דער באַראָנעסע רעסאָווסקאַ נאָך פֿון דער נאַכט-עקספּאַדע, איז אַ פֿאַרצווײפֿלטע געזעסן אויפֿן בעטל.

ווירגיניאַ האָט געזען טרעפּן; משופּעדיקע, ווײסע טרעפּן, געדרײטע, הילצערנע, אָמגעגעמטע טרעפּן און טרעפּן פֿון טורעמס, אויף וועלכע עס זענען געגאַנגען מענטשן אָן הענט. אויף אומצײליקע טרעפּן האָט זיך אין דער ווײט געקײקלט אַ פֿלאַמנדיק ראָד, וואָס האָט זיך ווי אַ שאַרף מעסער אײנגעזויגן אין איר ברוסט. דערנאָך זענען געקומען המונות מענטשן, פֿרעגנדיק זיך וועגן איר געזונט, אָבער ווען זי האָט נאָר געענטפֿערט, האָט זיך אויף אַלע פּנימער געוויזן פֿאַראַכטונג און אויפֿרעגונג. מען האָט אויף איר געוויזן מיט די פֿינגער, און אָנהויב האָט זי בלויז פֿאַרמאַכט די אויגן, מיט אַ ביטערן ווײטיק אין האַרץ, דערנאָך איז זי אַנטלאָפֿן אין דער נאַכט, אין רעגן. עפּעס אַ פֿור קומט אָן און די רײפֿן פֿון אירע רעדער זענען פֿון פֿלאַמען. אויף דער פֿור זיצן פֿרעך-אָנגעטוענע מײדלעך און זינגען אומפֿאַרשטענדלעכע, אָבער אומפֿאַרשעמטע לידער. עמיצער רעדט זי צו, זי זאָל זינגען מיט זײ צוזאַמען; עס פֿאַרשאַפֿט איר דעם גרעסטן

ווײַטיק. זי דערזעט אולריך צימערמאַנען און דעם גראַף פֿאַלעסטער, זי לויפֿט צו צו זיי און בעט, בעט אַ מאַנטל. ביידע קערן זיך אָפּ, גייען אַרויף אויף די ווײַסע, געדרייטע טרעפּן און וואַרפֿן אַרײַן אַ סך בריוו אין דעם ברענענדיקן קאַמין.

ווערט עס טאָג? איז אָט דער גרויער, צעשפּרייטער גלאַנץ דאָס ליכט פֿון טאָג? אָבער ווי אַזוי קען אויפֿסנײַ צופֿאַלן די נאַכט? ווירגיניאַ שלעפּט זיך דורך לײַדיקע גאַסן, טרויעריקע מענטשן זיצן אינדערווײַטנס הינטער אַ בוים און ווינקען צו איר. אָבער זי קען צו זיי ניט צוגיין, ווײַל זי דאַרף צוערשט אַ מאַנטל. אַ מאַנטל! רופֿט זי מיט געוויין, אַ מאַנטל! מען באַרואיקט זי, זי פֿילט עפּעס קילעס אויפֿ'ן שטערן, עס דאַכט זיך איר, אַז דאָס איז אַ שוואַן, ער שווימט אויף איר שטערן. ווירגיניאַ פֿירט זיך אויף רואיק, כדי אים ניט צו שטערן. אײַנציקווײַז באַמערקט זי, אַז דער שוואַן האָט אין די פֿעדערן פֿאַרזשאַווערטע פֿלעקן, וואָס זעען אויס ווי שמוץ, און ער וויל זיך אונטערטונקען, כדי זיך אָפּצוּוואַשן. אין פֿאַרצווייפֿלונג שטעלט זיך ווירגיניאַ אַנטקעגן כאָטש זי ווייס, אַז די פֿעדערן מוזן ווערן אָפּגעוואַשן. אינדעם באַווײַזן זיך אויפֿן הימל בליצן און יעדער בליץ ווײַזט אַ זאַל, באַלויכטן ווי אַ טעמפּל. ווירגיניאַ וויל דאָרט אַרײַן, ווידער ווײַזן זיך אומצייליקע טרעפּן, אָבער זי האָט מורא צו גיין אויף זיי. ווײַל איר קלייד איז נאַס. און ווי וואונדערלעך, דער הימל אין דער הויך הערט אַ ים, די גאַנצע וועלט האָט זיך איבערגעדרייט, די כמאַרעס ווערן פֿאַרוואַנדלט אין שיינע פֿיש, אַ דאַמפֿער רוקט זיך שטיל און זעט אויס ווי אַ לבנה, אינגאַנצן ווי אַ לבנה, זײַנע קוימענס רויכערן זיך. אונטער דער לבנה, געפֿינט זיך אַ שיפֿל, אין שיפֿל זיצט אַ נאַקעטער מענטש, די האַנט שטעקט ער פֿון צײַט צו צײַט אַרײַן אין וואַסער און ציט אַרויס פֿיש, ענלעך צו בלומען. עס טוט איר ווײ, וואָס זי ווייס וועגן די דאָזיקע בלומען צופֿיל סודות, פּונקט ווי זי עס וואָלט געווען אירע אייגענע סודות. פֿון אַלע זײַטן רופֿן שטימען, אַ קול פֿון אַ מוטער הערט זיך העכער פֿון אַלע, אין געאײַל לויפֿט ווירגיניאַ נאָך מענטשן, וואָס טראָגן ליכט, שעפּטשען צווישן זיך און לאַכן. זי עפֿנט די

אויגן און זי דערזעט זיך אליין אין אַ ווייס זיידן קלייד, פון וועלכן
אין בוידע זייטן געפינען זיך קוויטן מיט בלומען. ווי אַזוי קען
מען עס איבערטראָגן? טראַכט זי, און פון דאגהניש נעמט ביי
איר ציטערן די גאַמבע.

אָבער, אָט איז דער מאַנטל! וואונדערלעכ- געוועבט, שאַפיר-
בלאָ. דערזעענדיק אים ווערט איר לייכטער. ווירגיניאַ וויקלט
אים אויף, פון מאַנטל קריכן אַרויס מער ווי הונדערט קליינע
שלאַנגען. פלוצלינג באַווייזן זיך אַ סך פנימער, געמאָלטע פנימער,
און דאָך לעבעדיקע. אָבער יעדעס פנים דריקט אויס אַ לאַנד-
שאַפט; אויגן זענען יעזשאָרעס, די נאָז אַ באַרג, ליפּן און ציין
טויערן מיט ווייסע וועכטער. אַלע פנימער גיסן זיך צענויף אין
איינס, מיט אַן אויסדרוק, וואָס דערוועקט מיטגעפיל און עקל.
ווירגיניאַ קאָן דאָס דאַזיקע פנים. דאָס פנים דערנענטערט זיך
דורך אַ וואַסער, ברייטער, גרעגעצלאָזער פלאַך, און שוויגן בעט
זיינע אויגן, זיין מויל איז שלעכט, פלייִשיק, ציטערן וויטיקלעך,
פלוצלינג באַווייזט זיך עפּעס אַ האַנט און דעקט צו דאָס פנים,
אַ שטאַרקע האַנט — אָ, גאָט! וואָס באַדעט עס! פון וואַנען איז
די האַנט? וואָס פאַר אַ נישט אַרויסגערעדטע פרייד! וואָס פאַר
אַ געריכטקייט!

פון וואַנען די דאָזיקע מילדע, רואיקע, בערואיקענדיקע
האַנט? ווי עפּעס זיסעס, באַטעמטעס וואָלט געליגן אויף דער צונג
און ווי עפּעס אַ גלוסטעניש וואָלט באַפרידיקט געוואָרן דורך
אָט דער זיסקייט.

ווירגיניאַ עפנט די אויגן, פאַרמאַכט זיי ווידער, ווייל זי קען
נישט גלויבן, האָט מורא, אַז דאָס גליק-זעעניש וועט פאַרשוואונדן,
אויב זי וועט צולאַנג קוקן. דאָס איז מאַנפרעד. ווירגיניאַ דער-
קענט אים. די דאָזיקע איינציקע סעקונדע באַוואוסטזיניקייט
וואָלט געווען גענוג, כדי איר צו ווייזן, אַז זיין הויט איז ברוין,
דאָס מויל אָפן, דאָס אויג העל, ערנסט, מילד און באַוואוסטזיניק,
און אַז ער ליבט זי. ווירגיניאַ פילט, אַז זי וועקט זיך אויף, אַז
זי איז זייטער פעיק צו לעבן.

מאַנפרעד האָט באַקומען גראַף פאַלקענשטערם בריוו און ניי-

זעעלאַנד. ווען ער איז איבער אים אַדורכגעפֿאָרן מיטן אויג, האָט ער געוואוסט, אַז ביז צו דער יעצטיקער מינוט איז ער געווען אַ גליקלעכער מענטש.

פֿינף טעג האָט געדויערט, אײדער די נאָנטסטע שיף וועט זיך רירן קיין ענגלאַנד. מאַנפֿרעד האָט ניט אַדורכגעלעבט די דאָזיקע פֿינף טעג, ער האָט שוין גאָרניט געזען, גאָרניט געהערט, גאָרניט געטראַכט, ניט געגעסן און ניט געשלאָפֿן. ווער האָט אים פֿריער געקענט און אים איצט געטראָפֿן, איז אײַבעראַשט געוואָרן, ווי דערזעענדיק אַ מת. ער איז געווען פֿאַרשטײנערט. די רײַזנדיקע, וואָס פֿאָרן אין דער מדבר, דערקענען אַן ענלעך געפֿיל, ווען עס באַגעגנט זיי אַן הוראַגאַן. ער האָט געהאַט אַ ווילן צו דערהרגענען. עס האָט זיך אים פֿאַרגלוסט שרײַען, שרײַען אַזוי לאַנג אָן זכרון, ביז די פֿינף טעג, די שרעקלעך-לאַנגע קײט פֿון ווײטיקלעכע רגעס וועט ניט זײַן הינטער אים.

אין אײנעם אַן אָוונט איז ער געשטאַנען אין פֿאָרט צווישן שיף-אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפֿטיקט. פֿון צווישן שטויב-געוואָרענע בעלקעס איז אַרויסגעלאָפֿן אַ קודלעוואַטער הונט און צו צו אים. דער הונט האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט אויף אים מיט אַ בליק, וועלכן מאַנפֿרעד וועט קײנמאָל ניט פֿאַרגעסן. אין די מענטשלעכע אויגן פֿון דער דאָזיקער חיה איז געווען פֿאַרצווײפֿלונג און פֿאָרוואורף. ווי די אויגן פֿון הונט וואָלטן רעדן: ווער וועט מיך שיצן?

מאַנפֿרעד האָט אין דער נשמה זיך מודה געווען, אַז ער האָט געוואָלט פֿון זיך אַ תּל מאַכן, אָבער דאָס וואָלט געווען דאָס ערגסטע פֿון אַלעם, ווײַל ער האָט געדאַרפֿט אויסדויערן אַלס באַשיצער. אָבער טויזנטער מענטשן האָבן געדינט און ניט געוואָרן קײן הערן, און ניט קײן הערן פֿון די זאַכן פֿון די מענטשן, און ניט פֿון זיך אַלײן, פֿון די לײדן, פֿון גורל — איז דאָך צו אים אין אויסנאַם-פֿאַל געווען געווענדט דעם אַרויסרוף, און אויך דאָס דאַרף ניט צעפֿליסן זיך ווי אַ טויבער קלאַנג, דאַן מוז ער, קעגן דער טיפֿסטער ערע זיך באַהערשן.

מיט אַ צעגלויפֿגעדריקטער ברוסט, כאָטש אויסערלעך פּלומרשט גלײַכגילטיק, האָט ער שפּאַצירט אויפֿן דעק. שעהן האָט ער געקוקט אויפֿן ים, און זײַנע ליפּן זענען קראַמפּהאַפּט געווען אײַנגעצויגן. עס זענען געפֿאַלן אויף אים פֿאַרוואונדערטע, צאָרניקע, מיטפֿילנדיקע בליקן, ער האָט זײ ניט געפֿילט. זיצנדיק אײנמאָל אַזוי האָט אין זײַנע אויערן אָפּגעקלונגען אַ פֿאַרצווײפֿעלט געשרײ. אַ פֿיר־יעריק יונגל, פֿאַרבלײַבנדיק אַ ווײַל אָן אויפֿזיכט, האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער דער באַריערע און אַרײַנגעפֿאַלן אין ים. דאָס געשרײ פֿון דער מוטער, נאָך אַ יינגע פֿרוי, האָט אַלאַרמירט די גאַנצע שיף. מאַנפֿרעד האָט געזען, אַז יעדע סעקונדע צווײפֿלען אָדער אָפּשלעפּן קען ווערן געפֿערליך האָט אַראָפּגעוואָרפֿן די מאַרינאַרקע און אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַסער. ער איז ניטשקשהדיק געשווימען, אָבער ווען ער איז צוגעקומען צום אינגל, האָבן אים די כחות פֿאַרלאָזן. מען האָט גערופֿן און געגעבן צײַכנס פֿון דער שיף, שווער אָטעמענדיק, האָט מאַנפֿרעד געהאַלטן דאָס קינד און איז געווען נאָענט דערטרונקען צו ווערן, ווי עס איז ענדלעך אָנגעקומען אַ שיפֿל און זײ בײדע אויפֿגענומען. פֿון דער צײַט אָן האָט דאָס יינגל אָפּט פֿאַרברײנגט מיט מאַנפֿרעדן. די יינגע מוטער, וואָס האָט געהאַלטן, אַז יעדע געזעלשאַפֿט איז אים ניט ליב, האָט זיך געהאַלטן פֿונדערווײַטנס. ער האָט דעם יינגל דערצײלט מעשיות, דער קלײנער איז געזעסן אויף זײַנע קני און געהערט מיט גרויסע אויגן, און מאַנפֿרעד האָט געשיקט זײַנע בליקן אין דער ריכטונג פֿון דער רײזע, אין דעם אומבאַוועגליכן האָריזאָנט.

ענדלעך ערד! ער האָט טעלעגראַפֿירט, אָדער ניט וואַרטנדיק אויף קײן ענטפֿער, איז ער ווײַטער געפֿאָרן מיט דער באַן טאָג און נאַכט. ענדלעך איז אָנגעקומען די מינוט, ווען ער איז געשטאַנען פֿאַר דעם באַקאַנטן טויער אויף דער פֿיאַר־גאַס. דורך באַקאַנטע גאַסן איז ער געפֿאָרן אין דער נײַער וואוינונג, אָבער אומזיסט האָט ער געקלינגען, אומזיסט זיך געפֿרעגט; הילפֿלאָז, ניט ווייסנדיק וואָס צו טאָן, מיט ווײטיק, אָבער מיט אַ פֿאַרשטאַרטער ברוסט איז ער אַוועק צו פֿאַלעסטערן. ער איז אַרײַן,

דערלאַנגט דעם גראַף די האַנט, און זײַנע פּנים־שטריכן, אויגן, אויפֿפֿירונג האָבן נעבן דער אומגעהויערער גײַסטיקער שפּאַנונג, דערצײַלט פֿון אַדאַ אַנטשלאָסנקײַט, באַהערשונג, קראַפֿט און רו, אַז פֿאַלעסטער, װעלכער איז בײַ זײַן גאַנצער פֿאַנטאַסטישקײַט, נישט געװען קײן סענטימענטאַלער, האָט דערפֿילט טרערן אין די אויגן.

די האַנט פֿון דאָזיקן מענטש איז איצט געלעגן אויפֿן װײַסן לײַװנט אויף װירגיניאַס העמד. די פֿולע צײַט איז װײַטער געגאַנגען װי פֿריִער.

די צײַט איז ניט בלויז גיך געלאָפֿן. פֿאָרזיכטיק און דערפֿאָלגרײַך אויסגעפֿירט איר װערק פֿון הײלן די יונגט־װאונדן, מאַכנדיק פֿון מאַנפֿרעדן נישט בלויז אַ געזונטן מענטש, נאָר אויך אַ פֿאַראַנטװאָרטלעכן, װאָס האָט געקענט באַזיצן, נישט פֿאַרשװענדיק און נישט קאַרגנדיק, און לעבן, נישט פֿילנדיק קײן שרעק.

װען װירגיניאַ איז געזונט געװאָרן, איז מאַנפֿרעד געפֿאָרן קײן בערלין און דאָרט געבליבן פֿיר חדשים. דאָס איז געשען אויף װירגיניאַס בפֿירושן װאונטש. זי האָט זיך נישט געװאָלט װײַזן פֿאַר מאַנפֿרעד, װי זי װאָלט געדאַרפֿט אַ השגחה. זי האָט אין דעם רויש פֿון ליבע נישט געװאָלט פֿאַרגעסן אָן דעם, װאָס איז געשען, זי האָט זיך געװאָלט קלאָר מאַכן און זיך אונטערזוכן, צי זי װעט קענען זיך אָפּגעבן אָפֿן, אָן דעם יאָך, װאָס שלעפּט זיך איר נאָך פֿון פֿריִער, פּונקט אַזוי, װי מאַנפֿרעד װעט זיך איר אָפּגעבן; אַזוינס, װאָס ער האָט געהאַט רעכט צו פֿאָדערן פֿון איר.

אין אײנעם אַ שײנעם מאַי־טאָג, איז אַ שלאַנק פּאָרל, שמועסנדיק, געגאַנגען אין דער אָװנט־שטילקײַט דורך אַ גאַס פֿון דער לעצטער פֿאָדער־שטאָט, אין דער ריכטונג פֿון װאַלד, װאו זײ האָבן זיך געגעבן די הענט, שעפּנדיק האָפֿנונג אײנער פֿון אַנדערנס לאַבנדיקע ליפּן.